לייב קורלאנד

דעם ליבן און טייערן פריינד
שמואל איזבאן, ניו-יארק
[illegible] מתנה
[illegible]
פאריז, 5 מערץ
1950

# פארכטיקע טעג

## (אכצן דערציילונגען)

הילע און צייכענונג
פון קינסטלער
בען
פאריז

1948 • לאנדסבערג

# SHORT STORIES

BY

# LEIB KURLAND

Special issue to „Jidisze Cajtung" - Authorized by Headquaters European Command Civil Affairs Division. Authorization Number UNDP 243 - 1 Juli 1948.

מיין מאַמען,
מיין שוועסטער מרים,
מיינע ברידער
אהרן,
יוסף מאיר
און לייזער;
און אַלע טרעבלינקע-קדושים —
א ק ד י ש.

# קיווע

1.

מ׳וואָלט אים זיכער ניט געפונען און ניט געפאַלן אויף זיין באַהעלטעניש, ווען ניט דער אויסטערלישער צופאַל, וואָס גראָד אין דעם דאָרף ווו ער האָט זיך פאַרשטעקט, איז געפונען געוואָרן אַ דערמאָרדעטער דייטש. עס האָבן ניט געהאָלפן די טענות פון די פויערים אין דאָרף, אַז דעם דייטש האָבן דערשטאָכן זיינע חברים, דייטשע זעלנער, וואָס האָבן אינאיינעם געשיכורט ביי מיקאָלייען אין דער דאָרפישער שענק, אין שייכות מיט אַ געשלעג צוליב אַן אויסגעלאַסענער דאָרף־שיקסע: דער דייטשער קרימינאַל־פאָליציי איז געווען באַקוועמער צו גלייבן די דייטשע זעלנער, וואָס האָבן די שולד געוואָרפן אויף אַ געהיימער, פאַרטיזאַנטישער האַנט, און דאָס גאַנצע דאָרף איז געמאַכט געוואָרן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַ הינטערליסטיקן, פאָליטישן מאָרד.

און צום גרויסן אומגליק זיינען די דייטשן בשעתן זוכן געפאַלן אויף די שפורן, גאָר אומדערוואַרט, פון אַ געהיימער דרוקעריי. וואָס איז געווען פאַרשטעקט אין אַ דאָפלטער וואַנט פון אַ שייער, וואָס האָט זיי נאָך מער פאַרשטאַרקט אין זייער פאַרדאַכט וועגן דער שולד פונעם דאָרף. זוכנדיק דעם מערדער, האָבן זיי גאָר געפונען אַ העקטאָגראַף, אַ גרויסן לאַגער מיט פאַפיר און עטלעכע נומערן פון דעם געהיימען ביולעטין „רויט“, וואָס האָט זיי אַזויפיל צרות געשאַפן ביז איצט. און זוכנדיק ווייטער, האָבן זיי טאַקע דערשנאַפט דעם סאַמע רעדאַקטאָר פון ביולעטין, דעם לערער הענריק ווראָבלעווסקי. אין דער דאָפלטער וואַנט פון שייער האָט מען געפונען אַ האַנט־

טאַש פון אַ פרוי, וואָס האָט זיך אויסגעוויזן צו געהערן צום לעדערס פרוי און אין דער טאַש איז געווען אַ נומער „רויט" און אַזוינאָך האָבן זיי זיך פאַרשיט.

די פויערים האָבן געשווירן אויף אַלע הייליקייטן, אַז זיי האָבן פון גאָרניט ניט געוווסט, אַז זיי זיינען גאָט די נשמה שולדיק, אַז גאָט און אַלע הייליקע זיינען זייערע עדות — אָבער די דייטשן האָבן פון גאָרניט געוואָלט וויסן. קיין בעסערן באַווייז האָבן זיי ניט געברויכט. זיי האָבן אַלע איינוווינער פון דאָרף און פון בשכנות צונויפגעזאַמלט אין איין גרויסער סטאָדאָלע, צונויפגעקוועטשט אינאיינעם אַלעמען, פרויען, מענער און קינדער, און אַרויסגענומען צען אָנגעזעענסטע פויערים, מיטן גלח און סאָלטיס בראש, אַלס ערובניקעס. עס איז געוואָרן אַ גרויסע בהלה צווישן דאָרף־עולם. עס האָט אומגעפעלט אָרט אין סטאָדאָלע פאַר די פויערישע קני און עס האָט ניט געסטייעט קיין חלל אַריינצונעמען די פרומע קולות און געשרייען, וואָס האָבן זיך געריסן פון די פויערישע קעלן אַרויס צום נידעריקן באַלקן־צו און צו די שיטערע סנאָפּעס, וואָס האָבן אויסגעפולט דעם גאָרן איבער זייערע קעפּ. שטיקלעך שטרוי און שטויב האָבן זיך געשיט דורך די שיטערע באַלקן־ברעטלעך און פאַרקראָכן אין די קעלן און אין די נעזער ביי יעדן הילכיקערן אויסרופן דעם נאָמען פון אַ גאָט, אָדער אַ גאָטיכע, און אַ דערשטיקט און זלידנע הוסטן האָט זיך געוואַלגערט אין דעם עיפּושדיקן סטאָדאָלע־חלל, אויסגעמישט מיט שטיקלעך געטער־נעמען און ניט־דערענדיקטע זיפצן.

די דייטשן, מיט דער הילף פון זייערע אוקראַאינישע אַרויסהעלפער, האָבן אונטערגענומען די שאַרפסטע רעפּרעסיע־מיטלען, כדי אַרויסצוקריגן פון די פויערים וואָס מער ידיעות. עס איז זיי באַזונדערס געגאַנגען אין אויסגעפינען נאָך אַ מיטגליד פון דער געהיימער רעדאַקציע. לויט זייערע השערות האָט דאָ געמוזט זיין נאָך עמעץ אַריינגעמישט דערין. אַזוי ווי זיי האָבן ניט געפונען די שרייב־מאַשין, וואָס גרייט צו דעם מאַטעריאַל פאַר דעם העקטאָגראַף — האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז דער שרייבער מוז נאָך זיין ערגעץ פאַרשטעקט אינאיינעם מיט דער מאַשינקע. האָבן זיי פאַרלאַנגט די מיטהילף פון די פויערים אויסצוגעפונען אים.

האָט זיך אַ גרויסע צאָל פויערים און פויערטעם פּרייוויליק געוואָנדן צו די היטער זייערע און אָנגעבאָטן זייער הילף. מ'האָט זיי אַרויסגעלאָזן אויף דריי טעג, אַרומגעשטעלט זיי מיט באַוואָפנטע זעלנער און געהייסן אויסגעפינען די שרייב־מאַשין, דעם מיטרעדאַקטאָר און אַלע, וואָס זיינען געווען פאַרמישט ביים אַרויסגעבן און פאַרשפּרייטן דאָס געהיימע בלעטל. זיינען זיי געגאַנגען פון הויז צו הויז, פון קעלער צו קעלער, פון שייער צו שייער און געזוכט, אַ'ז גענישטערט, און געשיט קללות אויף מיקאָלייען, דעם שענקער, וואָס האָט געמאַכט אַזאַ מאַיאָנטעק שוין אויף די דייטשע זעלנער מיט זיין סאַמאָגאָנקע, און געשאָלטן די דאָרפישע גאַסן־מויד, מאַגדאַלענע, וואָס שיכורט און האָט עסקים מיט די דייטשע סאָלדאַטן און אַ'ז די סיבה פון אַלדאָס בייז; וויייניק שאַנד און חרפה האָט זי ביז איצט שוין געבראַכט אויפן דאָרף, האָט זי נאָך געמוזט דערפירן צו דעם איצטיקן גרויסן אומגליק, די חצופה, די מאַגדאַלענע, די אומהייליקע, די אומריינע, וואָס וואַגט נאָך צו טראָגן אַזאַ הייליקן און ריינעם נאָמען, וואָס מ'טאָר גאָרניט אַרויסברענגען פון מויל אָן צלמען זיך... אַך, פאַרוואָס האָט מען זי ניט אַרויסגעטריבן פון דאָרף, אָדער ניט פאַרשטיינערט צופריער, וואָלט גאָרניט געקומען צו דעם אַלעם; הלוואי וואָלט זי דערשטאָכן געוואָרן אין שענק אָנשטאָט דעם דייטש, וואָלט עס נאָך געווען אַ ברכה פאַרן דאָרף, אַזאַ פאַרשאָלטענע גזע, אַזאַ ווערעמדיקע בריה, אַזאַ פאַררעטערישע נשמה, אַזאַ.

.2

קיווע איז געלעגן ביי זיך אין באַהעלטעניש און ניט געוווּסט וואָס עס איז געשען. עס האָט נאָך קיינמאָל ניט געטראָפן, אַז הענריק זאָל ניט קומען צו אים ביינאַכט, אָדער פאַרטאָגס, כאָטש איינמאָל אין מעת־לעת — און יאָ איז שוין די צווייטע נאַכט פאַרביי, און מ'זעט אים ניט. זיכער האָט געמוזט מיט אים פּאַסירן עפּעס אויסטערלישעס, האָט ער געטראַכט, ווען ניט וואָלט ער דאָך ניט געלאָזן אים אַ פאַרגעסענעם אין בונקער. באַזונדערס — אַז דער גאַנצער מאַטעריאַל צום נייעם נומער פון זייער בלעטל, דער ספּעציעלער ערשטער מאַי־נומער, וואָס האָט געזאָלט דערשיינען זשלעבע

טעג פאַרן אַרבעטער יום־טוב, איז שוין געווען אינגאַנצן גרייט און געוואַרט נאָר אויף העניקס באַזוך. לויט זיין חשבון, האָט שוין באַלד געזאָלט זיין דער ערשטער טאָג אין מאַי, דעריבער האָט עס אים אַזוי געחידושט, וואָס מ'זעט ניט העניקן.

ניט אַנדערש, האָט קיווע געטראַכט, אַז עפּעס אַ גאָר ווייכטיקע סיבה האָט געמוזט געשען און שטערן אין זייער באַגעגעניש. ער האָט מורא געהאַט צוצולאָזן צו זיך דעם געדאַנק, אַז מ'האָט אים געקענט דערווישן ביי דער אַרבעט און פאַרהאַלטן. שוין איבער אַ האַלב יאָר, ווי זיי אַרבעטן אינאיינעם און ביז איצט איז קיינער ניט געפאַלן אויף זייערע שפּורן, פאַרוואָס זאָל מען אים דווקא איצט האָבן דערשנאַפּט? קיווע האָט געוווּסט, אַז העניק איז זייער אַ פאָרזיכטיקער, אַז ער קען זיך מאַסקירן ניט נאָר פאַר די דייטשן, נאָר אויך פאַר די פויערים, אַז עס איז ניטאָ אַזאַ פאָרזיכטס־מיטל מיט וועלכן ער זאָל זיך ניט באַדינען — און דעריבער האָט ער ניט געוווּסט ווי אַזוי אויסצוטייטשן זיין אָפּוועזנהייט.

דאָס האָט דאָך העניק, דער לערער, געפונען פאַר אים דאָס דאָזיקע באַהעלטעניש אין דעם חורבן שטאַל הינטערן דאָרף און געהאָלפן אים בויען דעם בונקער דאָ. העניק איז דאָך געווען דער ערשטער מענטש, אויף וועלכן ער האָט זיך אָנגעשטויסן, נאָכן אַרויס־רייסן זיך פון געטאָ. ער געדענקט עס ווי איצט וואָלט עס געשען.

עס איז געווען שפּעט ביינאַכט, עטלעכע שעה נאָך זיין טאַטנס פּטירה. ליכט האָבן זיך געברענט צוקאָפּנס. אַ מומע און צוויי קוזינעס זיינען געזעסן אויפן דיל אין אַ ווינקל פון שטוב און ביטער געוויינט. דער טאַטע איז געלעגן מיט צוגעמאַכטע אויגן און מיט אַן אויסגעקרומט מויל, ווי בשעת דער לעצטער נשימה זיינער, ווען זיין שוואַך האַרץ האָט אים אַ קלעם געטאָן צום לעצטן מאָל. די ווייסע באָרד זיינע האָט איצט אויסגעזען נאָך ווייטער און אָך מאַיעסטעטישער ווי אַלעמאָל; די כישוף־שאָטנס פון די ברענענדיקע ליכט האָבן אַרומגערעמט די באָרד און זי אויסגעצויגן ביז צום דיל און אויסגעפילט דאָס גאַנצע בעט. ער האָט זיך געדרייט איבערן צימער מיט פאַרבראָכענע הענט און געטראַכט וועגן זיין טאַטנס לעצטע רייד, געטראַכט וועגן דעם מוסר, וואָס זיין טאַטע, מרדכי־מענדל, ער

שוחט, פלעגט אים פּראַווען, זייט ער, קיווע, איז אַראָפּ פון דוד הישר...

עס איז אים ניט אָנגעשטאַנען זיין טאַטן, דעם אָנגעזעענסטן שוחט אין שטאָט, צו האָבן אַ זון אַ היינטוועלטיקן, אַ מאָדערנעם בחור, וואָס גייט אין די גימנאַזיעס, רייסט זיך אויף אַן אינטעליגענט, מעשה גוי ער וואָלט בעסער געוואָלט האָבן אַ זון אַ פרימען ייִדן, אַ ישיבה בחור, אַ ווייל-לערנער, וואָס זאָל ווערן מיט דער צייט אַ רב ביי ייִדן, אָדער — לכל הפחות, אַ שוחט, פאַרנעמען דעם זקנ׳ס, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, פון זיין טאַטן, מרדכי-מענדל, דעם שוחט אָבער זיין זון קיווען, האָט עס מער געצויגן צו וועלטלעכקייט, צו די גרויסע שטאָטישע ביבליאָטעקן, צו די מאָדערנע פּראָבלעמען, מיט וועלכע עס זיינען געווען אויסגעפילט די שפּאַלטן פון די גרויסע צייטונגען און זשורנאַלן און מיט וועלכע עס האָט געווימלט און געטומלט אויף די פּאָליטישע פאַרזאַמלונגען און אויף די געהיימע אַסיפות פון זיין פּאַרטיי, וועלכע איז געווען פאַרבאָטן אין לאַנד. און אין די דאָזיקע געהיימע ערטער האָט ער זיך טאַקע צוזאַמענגעטראָפן מיט העניקן, רעם לערער פון דערפל, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער פּראָפּאַגאַנדע-אַרבעט פון דער פּאַרטיי.

גייענדיק מיט זיינע שווערע פּאָליציייסקע שטיוול איבערן שטוב האָט ער זיך טאַקע דערמאָנט וועגן אים, העניקן, וואָס זיצט מסתמא דאָרט אין דאָרף, עטלעכע און צוואַנציק קילאָמעטער פון דאָ, זיצט זיך פרייער אין זיכערער און לערנט מסתמא ווייטער די פּויערישע קינדער, ווי עס וואָלט קיינמאָל גאָרניט געשען, ווי עס וואָלט ניט געקומען בכלל קיין איבערקערעניש אויף דער וועלט, קיין ערד-ציטערניש, קיין שוואַרצע הייִשעריק, און טאַקע די זעלבע שוואַרצע פּעסט קעגן וועלכער זיי האָבן זיך אַזוי געוועדט במשך לאַנגע יאָרן. זייט די דאָזיקע קאַטאַסטראָפע איז געקומען האָט ער גאָרניט געהערט וועגן העניקן, גאָרניט. ער האָט ניט געוווּסט אַפילו צי ער לעבט. די מלחמה האָט זיי צעשיידט און איבערגעריסן די אַרבעט. זייער גורל איז זיכער געווען אַ פאַרשיידענער.

קיווע האָט זיך דערמאָנט די ערשטע מלחמה-טעג אַלס סאָלדאַט און די איבערמענטשלעכע קאַמפן זיינע פּנים אל פּנים מיט אַ געפאַנצערטן און חיהשן שונא, און דאַן — די געפאַנגענשאַפט. די

דערגידערונג. די באַליידיקונגען, וואָס זיינען ניט געווען אויסצוהאַלטן. און דאַן — דאָס אַנטרינען ווערן. פון געפאַנגענשאַפט אין טאַטנס הויז, אין טאַטנס שטוב, אין געטאָ, ווו עס האָט שוין געפעלט די מאַמע און די שוועסטער. און דער טאַטע האָט אים אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס און מיט אָפענע ברכות, אַזוי ווי אַ טאַטע, וואָס האָט קיינמאָל קיין טענות ניט געהאַט צו זיין זון. און ער, קיווע, איז אויך גוט געווען צו זיין אַלטן טאַטן און געזאָרגט פאַר אים, ווי דאָס בעסטע קינד אין דער וועלט טוט עס פאַר זיין טאַטן. ער האָט אים ניט געלאָזן גיין אָפט אין גאַס אַריין, ווייל דער אָנבליק פון די מחבלדיקע דייטשן, פון די מערדער, וואָס האָבן פאַרשלעפּט זיין איינציקע טאָכטער און גורם געווען דעם טויט פון איר מוטער — האָט געריסן זיין שוואַך האַרץ און געשאַפן קלעמעניש אין גריבל. ער האָט געבראַכט צו אים דאָקטוירים און געשאַפן די טייערסטע רפואות און געהייסן אים ליגן אין בעט, ער זאָל קומען צו זיך און זיין האַרץ זאָל זיך שטאַרקן. ניט געווען קיינער מער אין הויז, וואָס זאָל קענען זיך דאַגהן פאַרן טאַטן. די מומע זלאַטע און איטעס טעכטער האָבן געהאַט אייגענע צרות, זייער אייגן האַרץ-קלעמעניש. האָט ער, קיווע, געמוזט זאָרגן פאַר דעם טאַטן. און כדי צו דערנערן זיך פרייער באַוועגן און האָבן אַ געזיכערטע פרנסה — האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דער יידישער געטאָ-פּאָליציי. ער האָט באַקומען אַ פּאָליציייסקע היטל, אַ פּאָר שוועריע שטיוול, אַ ספּעציעל אָרמבאַנד און באַפעלן אויסצופירן, וואָס זיינען לכתחילה געווען גאָר אומשולדיק, אָבער מיט דער צייט אָנגענומען גאָר אַן אַנדערן כאַראַקטער.

ווען דער טאַטע האָט אים געזען אין די נייע בגדים, האָט ער געהאַט גרויס פאַרדרוס. עס האָט אים ניט געפאָלן זיין זונס פּאָסטן. ער האָט געהאַט אַ חשד, אַז זיין קיוועס הענט זיינען ניט אינגאַנצן ריין. ער האָט געהערט אָפט ווי יידן פלעגן זיך באַקלאָגן אויף יידישע פּאָליציאַנטן, וואָס פירן אויס אַלע דייטשע באַפעלן און עס קומט זיי אויס זייער אָפט צו פייניקן און שלאָגן זייערע ברידער-יידן. האָט ער געבעטן אָפט זיין זון, ער זאָל וואַרפן דעם פּאָסטן, ווייל ער ברענגט נאָר אומכבוד. ער וואָלט ניט וועלן גיין אויף יענער וועלט מיט אַזאַ גרויסן חטא אויפן געוויסן אַז זיין זון האָט אויסגעצויגן אַ האַנט קעגן אַ ייד. יעדן אָוונט, ווען ער, קיווע, פלעגט קומען אַהיים, פלעגט

דער טאַטע אים צורופֿן צו זיך און פּראַוועז מוסר און בעטן אים, ער זאָל זיך אויפֿפירן, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ יידן, פֿאַר אַ בחור, וואָס טראָגט דעם נאָמען פֿון איינעם פֿון אונדזערע ליכטיקסטע גייסטער און מדריכים, דעם גרויסן רבי עקיבא. ער, קיווע, פֿלעגט זיך צוהאָרכן אויפֿמערקזאַם און נעמען מסביר זיין, אַז ער קען ניט וואַרפֿן זיין פּאָסטן, ווייל עס איז פֿאַרבאָטן, דראָט מיט טויט, און — וואָלט ער אַנטרינען — וואָלטן די דייטשן גענומען נקמה אין אים, דעם אַלטן טאַטן, חלילה.

— איך בין שוין באַלד אַ דאָרטיקער, מיין נשמה געהערט שוין דאָרט אַהין — האָט דער טאַטע פֿאַרוואָרפֿן קאָפּ און באָרד און ביידע הענט צום באַלקן אַרויף און פֿאַרגאַנגען זיך אין אַ התלהבות און איבערחזרט די דאָזיקע ווערטער, ווי ניט צו אים, קיווען, נאָר צו עמעצן דאָרט אַהין, ערגעץ ווייט, וווהין עס געהערט באַלד זיין גוף און נשמה — שוין באַלד אַ דאָרטיקער. עס לוינט ניט, עס איז ניט ווערט... ווי שטייט עס דאָרט, יהרג ואַל יעבור... מי אני, ווער בין איך, אַז כ׳זאָל ווערט זיין אַזאַ קרבן, אַזאַ בלוטיקן קרבן... יאָ, כיבוד אב איז טאַקע אַ גרויסע מצווה, כיבוד אב...

דער טאַטע האָט פּלוצים דערפֿילט אַ שטאָך אין האַרצן, וואָס האָט אים אַוועקגענומען דאָס לשון און אויסגעדרייט זיינע אויגן. ער, קיווע, איז דאַמאָלס צוגעלאָפֿן גיך צו אים, אָפּגעגאָסן זיין פּנים מיט קאַלט וואַסער און גענומען אים מונטערן, רייבן די באַקן און די לינקע ברוסט. גרויסע טראָפּנס שוויים זיינען אַרויסגעטרעטן אויפֿן טאַטנס שטערן און זיין פּנים, זיינע ליפּן און צונג האָבן גענומען ציטערן: — יאָ, ווי האָב איך עס געהאַלטן, יאָ, כיבוד אב, כיבוד אב — אַ גרויסע מצווה, זייער אַ גרויסע מצווה... און דאַן האָט ער זיך געשטאַרקט, אויפֿגעזעצט אינעם בעט און גענומען ריידן גיך, גאָר גיך, ווי עס וואָלט זיך אים זייער געאיילט, און קיין צייט ניט געהאַט אַלעס צו זאָגן: — יאָ, אָבער ניט ווערט דעם פּרייז, ניט ווערט. איז, האָרך, מיין זון, און טו ווי איך הייס. וואַרף אַוועק דאָס היטל, רייס אַראָפּ דעם אָרמבאַנד, וואָס מאַכט דיך אַנדעריש פֿון אַלע געטאָ־יידן און זאָג אָפּ דעם פּאָסטן. זאָלן יידן ניט קענען טייטלען מער אויף דיר מיט די פֿינגער און זאָלן די מלאכים ניט קענען טייטלען אויף מיר מיט די פֿינגער, אַז איך בין עס דער טאַטע פֿון אַ דייטשן משרת,

רחמנא לצלן... יהרג ואל יעבור, בעסער געהרגעט ווערן ווי טאָן אַן עבירה, ווי גורם זיין אַן עבירה, אַזאַ בלוטיקע עבירה... געדענק רבי עקיבא, געדענק די עשרה הרוגי מלכות... איך בין ניט ווערט ד'עם קרבן, בין איך ניט. וואַרף דעם פּאָסטן און אַנטלויף. זאָלן זיי מיך אומברענגען אַלס נקמה אין דיר. איך וועל די דאָזיקע נקמה אָננעמען באהבה, בנשיקה... און אַזוינאָך אָפּקומען פֿאַר אַלע זינד, דיינע זינד אויך... מיין לעבן איז ניט ווערט אַפילו די קלענסטע עוולה און די קלענסטע טרער פון אַן אומשולדיק יידיש קינד; איך וויל בעסער דערהרגעט ווערן, ווי לעבן מיטן באַוווסטזיין, אַז מיין זונס הענט פאַלן אויף די קעפּ פון יידישע קינדער, און טאָן דעם רצון פון די מערדער... אַנטלויף, איך באַפעל דיר. כיבוד אב. גיך. גיך. איידער עס פאַרלאָזט מיך מיין נשמה, מיין זינדיקע... אשמנו, בגדנו, גזלנו... וואַרף אַראָפּ די זינדיקע בגדים און אַנטלויף, לויף פון געטאָ און טו תשובה. העוינו, והרשענו, יעצנו, יעצנו=רע, יעצנו=רע... און טו תשובה. און זאָג קדיש, זאָג קדיש נאָך דער מאַמען, און נאָך דעם טאַטן.. און נעם מיט די תפילין מיינע און וועג אַריין... קיינמאָל זיך ניט שיידן מיט זיי, אָט האָסטו מיינע תפילין... און זיי אַ ייד, און טו תשובה, און שייד זיך ניט מיט די תפילין, און זאָג קדיש... יעצנו, יעצנו=רע, י—עצ—נו ר—ר—רע...

די האַנט, מיט וועלכע ער האָט זיך געקלאַפּט אין האַרצן, איז אַראָפּגעפאַלן און זיך מער שוין ניט געקענט באַוועגן. דאָס מויל האָט זיך אויסגעקרימט ביי דער לעצטער זילבע. און געבליבן אויסגע=קרימט. מרדכי=מענדל דער שוחט איז נפטר געוואָרן.

די מומע זלאַטע מיט אירע צוויי טעכטער זיינען געקומען, אַראָפּגעשלעפּט די שיך און געזעצט זיך קלאָגן. ער, קיווע, האָט אָפּגעזאָגט קדיש, אָנגעצונדן ליכט און גענומען שפּרייזן מיט אַ צע=בראָכן האַרץ איבערן שטוב. דערנאָך צוגעזעצט זיך אַ ווייל אויפן דיל. געבעטן די מומע זלאַטע צו פאַרנעמען זיך מיטן טאַטן אין זען, אַז מ'זאָל טאָן זיין רעכט. ער האָט ניט געקענט איינזיצן. עס האָט אים געיאָגט פון שטוב. ער האָט געטראַכט וועגן טאַטנס מוסר, וועגן זיינע לעצטע רייד און זיין באַפעל. ער איז צוגעגאַנגען צום טאַטן, אַ קוש געטאָן אין שטערן, גענומען די תפילין אין בוזעם, אַראָפּגעריסן דעם אָרמבאַנד, אַוועקגעשליידערט דעם היטל — און

אַרויס. ער איז צוגעגאַנגען צום דראָטענעם צוים, וואָס טיילט אָפּ דאָס געטאָ פון טייך און דעם אַרישן שטח, אַדורכגעשטופּט זיך צווישן די שטעכיקע דראָטן, און אַראָפּגעלאָזן זיך אין טייך אַרײַן.

.3

קיווע האָט געטראַכט וועגן יענער נאַכט, ווען ער איז אַריבער דעם טייך און געלאָזט זיך לויפן אַ נאַסער און דערפרוירענער, ניט ווייסנדיק אַליין וווּהין. געלאָפן פאָרויס, אין דער קאַלטער נאַכט אַריין, וועלנדיק זיך געפינען וואָס ווייטער פון געטאָ, וואָס ווייטער פון די געטאָ־שומרים און זייערע שפּור־הינט. ער האָט צוגעדרוקט צו זיך דעם טאַטנס תפילין און געלאָפן דורך שלאָפנדיקע דערפער און שנאָרכענדיקע, אָפּגעזונדערטע הייזקעס אין די פעלדער. עס איז געווען אַ שאַרפע פראָסט. עס האָט געשיט אַ פוילער שניי און געמאַכט גליטשיק די טריט. די בגדים האָבן געטריפט מיט טייך־וואַסער, געמישט מיט גרויסע טראָפּנס שווייס, וואָס האָבן געשפּאַרט פון זיין צעהיצטן לייב. און ווען ס'האָט אויפגעהערט טריפן, האָט דער פראָסט גענומען זיך צום מלבוש און איינגעביסן זיך אין די פעדעם און געוועבן פון רעקל און פון אונטערוועש. ער האָט זיך דערפילט ענג און צוזאַמענגעצויגן, ווי אין אַ פאַרצייטיקן שטראָף־פּאַנצער. ער האָט געפילט ווי דאָס לעדער פון די שטיוועלעס ציט זיך צונויף ווי אַ צוואַנג אַרום זיינע פיס און צעקוועטשט אים די ביינער. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז דאָס איז נאָך די איינציקע איבערבלייבעכץ פון זיין געטאָ־פּאָסטן. ער האָט זיך צוגעזעצט אַ רגע און געוואָלט אַראָפּשליידערן די שטיוול, אָבער ער האָט ניט געהאַט קיין כוח דערצו. דאָס לעדער האָט זיך געקלאַמערט אַרום זיינע פיס ווי אַ גיפטיקע שלאַנג אַרום אַ קרבן. האָט ער זיך אויפגעהויבן און געלאָפן ווייטער מיט שווערע און בערישע טריט.

ער האָט אָנגעטראָפן אויף אַ גרעסער דאָרף. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און געזוכט אַ וועג ווי אַרומצוגיין דאָס דאָרף, כדי ניט אויסצושטעלן זיך אויף אַ סכנה מצד פיינטלעכע גוים, אָדער דייטשע וועכטער, וואָס שלאָפן נאָך ניט הינט האָבן זיך ערגעץ אָנגערופן. ערגעץ האָט אַ שיין געטאָן אַ לעמפּל. אַ שיכור האָט עפּעס געזונגען, אַ געמיש פון דייטש און פויליש.

ער האָט זיך אַנידערגעלייגט נעבן אַ מויער און געבליבן ווי אַ טויטער. ער האָט זיך אַריינגעקוועטשט אינעם ווינקל צווישן פאַר־פרוירענעם פעלד און דער שטיינערנער מויער, און אויפגעהאַלטן דעם אָטעם. ער האָט צוגעדרוקט פעסט צו זיך, מיט ביידע הענט, דאָס נאַסע זעקעלע מיט די תפילין, צוגעמאַכט די אויגן און געוואַרט מיט אַ ציטער אין האַרצן און אין אַלע אברים, אַזוי לאַנג ביז עס זיינען מער ניט דערגאַנגען צו אים קיין שום סמנים פון אַ לעבן אין דאָרף.

ער וואָלט אַזוי געלעגן ביזן שפּעטן מאָרגן אַריין, ווען ניט אַ זלידנער חלום, אין וועלכן ער האָט געזען אַ באַנדע דייטשן און ווילדע פויערים מיט אייזנס און שטעקנעס, און זיי קלאַפּן אים איבערן קאָפּ, איבער די שלייפן, איבערן שטערן, איבער דעם של־ראש, און דער של־ראש וואַקלט זיך, די רציעה רייסט זיך און אָט־אָט וועט דער של־ראש אַראָפּ פון שטערן; נאָר אין דער לעצטער רגע איז געקומען צופליען דער טאַטע און צוגעהאַלטן, פעסט צוגעהאַלטן דעם של־ראש מיט איין האַנט און מיט דער צווייטער די רציעה און געשעפּטשעט אים אין אויער אַריין: האָב קיין פחד, קיווע... זיי וועלן ניט בייקומען - איך האַלט פעסט. זייער פעסט... און נאָך האָט ער אַריינגערעדט אין אויער אַריין, נאָר פּלוצים איז געקומען אַ רעש און פאַרהילכט זיינע רייד. אַ פויער איז געקומען צו לויפן מיט אַ קאָסע, אַ פייערדיקע קאָסע, און גענומען קאָסען, אונטערגעשניטן די פיס ביי דער באַנדע, און די דייטשן און די פויערים זיינען געפאַלן אויף דער ערד ווי אונטערגעשניטענע קאָרן־זאַנגען אין פעלד, און דערנאָך האָט ער, דער פויער מיט דער קאָסע, גענומען אים, קיווען, אויף די אָרעמס און געטראָגן צו זיך אין שטוב... און געווען איז עס ניט סתם אַ פויער, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעשטעלט, נאָר אַן אַלטער באַקאַנטער, אַ גוטער פריינט פון אַלטע צייטן, הענריק, דער לערער, דער דאָרפס־לערער, טאַקע ער אַליין...

און ווען ער האָט זיך דאַמאָלס איבערגעוועקט האָט ער ניט געוווּסט צי חלומט ער נאָך ווייטער, אָדער איז עס שוין אויף דער וואָר; שלאָפט ער נאָך. אָדער גייט ער שוין ווייטער, ליגט ער נאָך נעבן מויער אין פחד, אָדער גייט ער ווייטער אין דאָרף אַריין? ער ווייסט ניט גענוי ווי אַזוי עס איז געשען, אָבער פּלוצים האָט ער באַמערקט, אַז ער געפינט זיך נעבן אַ באַקאַנטער טיר, אינעם גאַנק

פֿון זיין פֿריינט, דעם לערער און הענריק אַליין האָט אים שאַקע געעפֿנט די טיר. און דערנאָך האָט ער זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער גרויס אויף יענער זייט שוועל און געלעגן אַ שטייפֿער, ווי אַ שטיק אייז, ניט וויסענדיק בכלל וואָס עס קומט מיט אים פֿאָר. ערשט שפּעטער, נאָך לאַנגע שעהן, האָט ער געזען, אַז ער ליגט אין אַ בעט, אין אַ פּויערישער כאַטע, און אויסגעזען האָט אַלעס אַרום ווי עס וואָלט געברענט און געשטאַנען אין פֿלאַמען. הענריק, דער לערער, איז געזעסן נעבן אים און געשטופּט אין אים פֿאַרשיידענע רפֿואות, גליאיקע לעפֿלעך מיט פּליסיקייטן און קרייטעכצער. „לונגען אַנטצינדונג”, האָט הענריק געזאָגט, און באַרואיקט: „עס וועט פֿאַרביי, געווען אַ דאָקטאָר און פֿאַרזיכערט, אַ לייכטע פֿאָרם”.

דערנאָך האָט ער געהערט אַ גערודער אין אַ דערבייאיקער שטוב. אַ סך פּויערים זיינען זיך צוזאַמענגעקומען און געמאַכט אַ רעש. הענריק האָט זיך געקריגט מיט זיי אַלעמען. די פּויערים האָבן געוואָלט אַריינרייסן זיך און הענריק האָט ניט געלאָזן. צומאָרגנס, ווען די היץ האָט אַביסל אָפּגעטרעטן, האָט ער באַמערקט, קיווע, אַז ער געפֿינט זיך שוין אויף אַ צווייטן אָרט, אין אַ בוידעם־שטיבל ערגעץ, אָן לופֿט און אָן פֿענצטער. און ווען די היץ איז אינגאַנצן אַוועק און ער האָט שוין געגוי געוווּסט וואָס עס טוט זיך מיט אים, האָט ער געזען, אַז ער איז שוין ווידער אויף אַן אַנדערן אָרט, אין אַ סטאָדאָלע ערגעץ, אין אַ פֿינצטערן ווינקל אויף אַ שטרויענעם געלעגער, צוגעדעקט מיט בינטלעך היי און שטרוי, קוים ער קען אַרויסשטעקן דעם קאָפּ.

הענריק און זיין פֿרוי, די איידעלע אַניעלע, זיינען געקומען ביינאַכט צו אים און דערציילט, אַז די פּויערים אין דאָרף האָבן דערשנאַפּט, אַז ער איז אַ ייד און געוואָלט אים איבערגעבן די דייטשן, האָבן זיי געמוזט אָפּט טוישן זיין באַהעלטעניש און ברענגען אים לסוף אין סטאָדעלע אוים דאַנקבאַרקייט האָט ער גענומען קושן די הענט פֿון זיינע פֿריינט און צוגעזאָגט צו פֿאַרלאָזן זיי, ווי נאָר ער וועט זיך פֿילן שטאַרקער, ער וויל ניט אויסשטעלן זיי אויף אַ סכנה מצד די פּויערים. זיי האָבן געלאַכט פֿון זיינע רייד און געשטופּט אים פֿרישע רפֿואות אין מויל און געבראַכט מילך, טיי און סוכאַריקעס מיט פּוטער, און געזעסן ביי אים ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

און זיי פלעגן דערמאָנען זיך אַלטע צייטן, זייערע געהיימע פאַר=
זאַמלונגען אין שטאָט און דעם געמיינזאַמען קאַמף, וואָס זיי און זייערע חברים האָבן געפירט מיט אַזאַ עקשנות קעגן די פינצטערע כוחות פון רעאַקציע און פאַשיזם, קעגן די וועלט=אונטערצינדער, וואָס האָבן געוואָלט די וועלט אַריינשטויסן אינעם קריג... און האָבן טאַקע די אויבערהאַנט.

— נאָר צייטווייליק, האָט ער, קיווע, באַמערקט.

— לאָמיר האָפן, האָט הענריק געזאָגט אָן איבערצייגונג.

— איך בין איבערצייגט, האָט ער, קיווע, אונטערגעשטראָכן יעדע זילבע. דער קאַמף הויבט זיך ערשט אָן. אונדזער זאַך מוז זיגן, סוף=כל=סוף.

— אמען, האָט אַניעלע פרום אונטערגעזיפצט, און איבער=געחזרט: אמען.

בײַ דעם דאָזיקן פרומען זיפץ אַניעלעס האָט זיך אים, קיווען, דערמאָנט אין די תפילין. ער האָט גענומען זוכן דאָס זעקעלע מיט די תפילין אַרום זיך, צווישן די בינטלעך היי און שטרוי, געריסן דאָס געלעגער מיט זיינע פיבעריקע פינגער און גענישטערט אומעטום. און ווען ער האָט ניט געפונען, האָט ער אויפגעהויבן צוויי גרויסע, פרעגנ=דיקע אויגן אויף הענריקן און אויף אַניעלען, און דורכגענומען זיי מיט זיין פאָרשנדיקן בליק.

אַניעלע האָט פאַרשטאַנען אין וואָס עס גייט אים: — זייט רואיק, האָט זי געזאָגט. איך האָב באַהאַלטן, כדי די פויערים זאָלן ניט געפונען און ניט האָבן קיין באַווייזן קעגן אייך, זיי וואָלטן אייך צעריסן אויף שטיקער, אָדער איבערגעגעבן די דייטשן, די פויערים...

קיווע האָט זיך באַרואיקט, פאַרראָכטן זיין געלעגער און גע=שמייכלט אַ צופרידענער צו אַניעלען. דאָס דינע חלב=ליכטל האָט פאַרשפרייט אַ קאַרגן שיין, קוים באַלויכטן אַ קליינעם טייל פון סטאָדאָלע=ווינקל און דעם צוקאָפּנס פון געלעגער. דאָך האָט מען גענוי געקענט באַמערקן דעם צופרידענעם שמייכל אויף זיין פּנים. אַניעלע האָט זיך אַרויסגעשאַרט אויף די שפּיץ פינגער אין דער נאַכט אַריין און נאָך אַ ווייל געקומען מיט דעם זעקעלע און תפילין אין האַנט, און דערלאַנגט. ער האָט אויסגעשטרעקט ביידע הענט, צוגע=

דרוקט די תפילין צו זיך און אַרויסגעבּרומט שטילערהייט: אַ דאַנק, אַ דאַנק אייך, גוטע מענטשן!

.4

,,אַ דאַנק, אַ דאַנק אייך, גוטע מענטשן", האָט קיווע גערעדט צו זיך און צו די פריינט זיינע, וואָס האָבן געזוימט מיטן קומען און געלאָזן אים דאָס מאָל אַליין, אָן ידיעות, אָן עסן, אָן ליכטל, אָן שרייב־פּאַפּיר און אָן מנוחה. זיי זיינען געווען אַזעלכע גוטע צו אים זייט זיין לונגען־אַנטצינדונג. אויסגעהיילט אים. געראַטעוועט פון די הענט פון די צעיושעטע פּויערים. באַהאַלטן אים אין סטאָדאָלע ביז ער איז אינגאַנצן געקומען צו זיך און דערנאָך געשאַפן אים דעם דאָזיקן בּונקער. אַריינגעגעבן אים אין באַהעלטעניש אַריין אַ שרייב־מאַשין און פּאַפּיר און מיטן צופאַלן פון נאַכט — געבראַכט ידיעות פון די פראָנטן, פון די געטאָס, פון די פּאַרטיזאַנען־קאַמפן.

ער דערמאָנט זיך ווי הענריק האָט זיך באַוויזן ביי אים דעם לעצטן אָוונט אין סטאָדאָלע. געקומען אַ צופרידענער און גליקלעכער, אים אַ קלאַפּ געטאָן וווילינגעריש איבער דער פּלייצע און געזאָגט באַפעלעריש: קום! דערלאַנגט אים די שפּיצן פינגער און געבעטן שטיל: גיי מיר נאָך! ער האָט אים געפירט הינטערן דאָרף, אין דער חורבה פון אַ פּויערישער ווירטשאַפט, צוגעפירט אים צו אַן איינגע־פאַלענעם שטאַל, ווו עס האָט געשטינקען און געעיפּושט מיט אַלטן פערד־מיסט, מיט געברענגטער נבלה, מיט געפּגרטע קעץ, מיט לעבע־דיקע ראַצן, מיט רויך און שטיקעניש און כלערליי סרחה; — דאָ וועט זיין דיין באַהעלטעניש, האָט הענריק געזאָגט. דאָס וועט זיין דיין דירה, האָט הענריק געזאָגט. דאָ וועסטו זיין זיכער. דאָ וועט דיך קיינער ניט קומען זוכן... דאָ האָט געוווינט אַמאָל ניקאָדעם, וואָס האָט געלעבט מיט זיין טאָכטער... וואָס האָט געהרגעט זיין ווייב, כדי צו קענען לעבן מיט דער טאָכטער זיינער. און ווען דאָס דאָרף איז געוואָרן געוויער דערוועגן, האָט מען דעם אַלטן ניקאָדעם צעריסן אויף שטיקער און אונטערגעצינדן זיין הויז, זיין שייער, זיין שטאַל אינאיינעם מיט די בהמות, מיט די פערד; אַלעס איז אַוועק מיט רויך, קיינער האָט ניט געוואָגט צו לעשן... געבליבן איז די ראָזי־

קע חורבה — האָט העניק געזאָגט. און זייט דאַמאָלס האָט נאָך קיי־נער דאָ קיין פוס ניט געשטעלט, ווייל דאָס דאָרף האַלט, אַז דאָס איז אַ פאַרשאָלטן אָרט און אַז עס סטראַשעט, אַז עס שרעקט, אַז בייזע רוחות טאַנצן דאָ אַרום בייטאָג און ביינאַכט, שדים און ניט גוטע לויערן דאָ בייטאָג און ביינאַכט... און די פויערים דערציילן זיך וועגן איינעם אַ פאַל, וואָס...

העניק האָט ניט דערענדיקט. ער האָט זיך צוגערוקט נענטער צו אים, ווי ער וואָלט זיך פאַר עפּעס דערשראָקן פּלוצים. „האָסט מורא, קיווע?", האָט ער געפרעגט מיט אַ ציטער אין זיין קול. „האָסט מורא פאַר רוחות און שדים, האַ?", האָט ער איבערגעפרעגט בלחשדיק.

„ניין, וואָס פעלט דיר איין. פאַר טויטע און פאַר רוחות שרעק איך זיך ניט. איך וועל זיך שוין אַן עצה געבן מיט זיי. איך האָב ווינציקער מורא פאַר אַן אַרמיי פון שדים אויסגעטראַכטע, ווי פאַר איין אמתן, לעבעדיקן שד..."

און זיי האָבן זיך ביידע זייער שטאַרק צעלאַכט דאַמאָלס. אָנ־געגומען זיך ביי די זייטן און אַריינגעלאַכט איינער אין צווייטנס פּנים אַריין: „אַן אַרמיי פון אויסגעטראַכטע שדים, האַ־האַ־האַ, און אַן אמתער, לעבעדיקער שד... אַ לעבעדיקער שד, האַ־האַ־האַ..."

און ווען זיי האָבן אויפגעהערט לאַכן, האָט זיך העניק אָנגערופן ערנסט: „אָט, דאָ, אין ווינקל, איז דיין געלעגער. כ'האָב אויסגעגראָבן אין דער ערד אַ קעלער אויף דיין גרויס, אַרומגעלייגט מיט ברעטער און אויסגעבעט מיט שטרוי, דאָס איז דיין שטוב... קריך אַריין! דאָ ביסטו זיכער. ס'וועט קיינעם ניט איינפאַלן, אַז עמעץ וועט קומען זיך פאַרשטעקן דאָ, אין דער שדים־חורבה... וועסטו דאָ איבערלעבן דעם שונא און פון דאָ וועסטו ווייטער פירן מלחמה, דאָס איז דיין שוץ־גרוב, דיין טראַנשיי דיין פראָנט... און די שרייב־מאַשין, וואָס וועסט באַקומען, וועט זיין דיין געווער, און די שורות, וואָס וועסט שרייבן, וועלן זיין דיין אַרמיי... און אונדזער געהיימער ביולעטין, וואָס וועט זיך רופן „רויט" ווי אַמאָל, וועט זיין דאָס שפּרונג־וואָרט, וואָס וועט פאַרטרייבן אַלע רוחות... דו ווייסט דאָך, אַז רוחות האָבן מורא פאַרן רויטן קאָליר. אַזוי וועט עס פאַרטרייבן די לעבעדיקע רוחות אויך, דיינע לעבעדיקע שדים אויך, האַ־האַ־האַ..."

ווידער האָבן זיי זיך ביידע שטאַרק צעלאַכט: „לעבעדיקע שדים אויך, האַ־האַ־האַ...“.

און זייט יענעם אָוונט און יענעם געלעכטער זיצט ער דאָ, ליגט ער דאָ אין דעם דאָזיקן באַהעלטעניש אין דער ערד און גייט אָן מיט זיין אַרבעט. ער האָט שוין ביז איצט צוגעשטעלט מאַטעריאַל פאַר זעקס נומערן פון דער געהיימער צייטונג, וואָס הענריק קלאַפּט אָפּ העקטאָגראַפיש ביי זיך, אין זיין פאַרשטעקטער דרוקעריי, אין עטלעכע הונדערט עקזעמפּלאַרן. און איצט האָט ער שוין פאַרענדיקט דעם לייט־אַרטיקל און די אויפרופן צום ערשטן־מאַי־נומער, פאַר דער ספּעציעלער מאַי־אויסגאַבע — און דערווייל זעט מען ניט הענריקן. שוין צוויי גאַנצע מעת־לעתן ווי ער איז לעצטנס דאָ געווען, צוויי לאַנגע און גרויסע נעכט, וואָס האָבן זיך געצויגן ווי וואָכן גאַנצע, ווי חדשים, ווי די גאַנצע זעקס חדשים, זייט ער איז אין דער דאָזיקער נאָרע אַריינגעקראָכן.

.5

אַ זלידנע נאָגן אונטערן האַרצן און אַ ווייטיק אין די ביינער האָבן אים ניט געלאָזט צוטון אַן אויג שוין די דריטע נאַכט. ער האָט זיך קיין אָרט ניט געקענט געפונען. געדרייט זיך פון איין זייט אויף דער צווייטער, געוואָרפן זיך, געזעצט זיך אַן איינגעבויגענער, אָנ־שפּאַרנדיק מיטן קאָפּ אין זאַמדיקן באַלקן פון זיין נאָרע, און געזוכט אַזאַ פּאָזיציע, אַז עס זאָל אים ווייניקער נאָגן אונטערן האַרצן און די ביינער זאָלן אים ניט אַזוי וויי־טון. ער האָט געפילט, אַז ווען ער קען זיך אַזוי אויפשטעלן, שטעלן זיך אויף די פיס — וואָלט אַלעם פאַרביי, וואָלט ער זיך גוט געפילט. ער האָט אָבער געדענקט ווי הענריק פלעגט אים תמיד וואָרענען, ער זאָל ניט וואַגן אַרויסצוגיין אַליין פון באַהעלטעניש, ווייל דאָס געשטעל קען זיך איינפאַלן און ווען ער וועט צוריק אַריין, וועט ער ניט קענען זיך צודעקן, און דאָס שלעכט פאַרמאַכטע גרוב קען נאָך, חלילה, צוציען די אויפמערקזאַמ־קייט פון אַ צופעליקן פאַרבייגייער און קען ברענגען צו אַן אומגליק. פלעגט ער דעריבער נאָר אַרויסקריכן פון באַהעלטעניש ביינאַכט, ווען הענריק פלעגט אים צוהעלפן. דאַמאָלס פלעגט ער זיך אויסגראָדן,

אַריינכאַפּן אַ פּולע בּרוסט מיט פרישער לופט, כאַפּן אַ קליינעם שפּאַציר צווישן די חורבות. מאַכן עטלעכע מינוט לופט־גימנאַסטיק, און צוריק אַריין אין גרוב. הענריק פלעגט צוריק פאַרדעקן און אויסגראָדן דאָס זאַמד איבּערן צודעק, אַז עס זאָל ניט זיין אויפפאַלנדיק, בּעסער זיין פאָרזיכטיק! אַ קליינע עפענונג איז נאָך געבּליבּן, וואָס האָט געפירט אונטער דער מויער אין פעלד אַרויס, דורך וועלכער עס פלעגט אַריינקומען לופט צום אָטעמען, אַן עפענונג, וואָס איז געווען פאַרבּאָרגן און פאַרשטעלט אַזוי, אַז מ'האָט בּשום אופן ניט געקענט אַנטדעקן.

קיווע האָט געפילט, אַז די איינציקע רפואה צום נאָגן אונטערן האַרצן און צום ווייטיק אין די בּיינער וואָלט געווען פאַר אים, ווען ער קען זיך אַזוי אויסגראָדן, אַרויסגיין פון דער געפענגעניש און אויסציען זיך אַבּיסל, שטעלן זיך אויף די שפּיץ פינגער און אַריינציען אַ פּולע בּרוסט מיט לופט, מיט פרישע, נאַכטיקע לופט. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט, געמיינט, אַז ער וועט זיך בּעסער פילן אין אַזאַ פּאָזיציע. ער האָט פּלוצים דערפילט אַ קלעם בּיים האַרצן און אַ שטעכן אין געזעס, ווי אין דיקן פלייש וואָלטן געשטעקט גרויסע, שטעכעדיקע נאָדלען און געגרייכט בּיז צו זיין ליידיקן מאָגן, בּיז צו זיין קלעמענדיקן האַרץ אַרויף. ניט ווילנדיק האָט ער אַ שפּרינג געטון פון אָרט און אַ זעץ געגעבּן מיטן קאָפּ אינעם בּאַלקן. דאָס געשטעל פון צודעק האָט אַ קרעכץ געטון און זיך אָפּגעטשעפּעט פון דער ערד. זאַמד האָט זיך אַ שיט געטון אין זיינע אויגן און נאָזלעכער אינאיינעם מיט לופט, מיט געשמאַק און ווינט. דאָס זאַמד איז פאַרקראָכן אין דער קעל אַריין און אין די לונגען און געמאַכט אים הוסטן. אַ צוגעטויבּטער ווידערקול האָט געענטפערט אויף זיין הוסטן און עטלעכע דורכגעבּרענטע פלאָקנס האָבּן זיך אַ שיט געטון פון די איבּערגעבּליבּענע בּעלקעס פונעם שטאַל־בּאַלקן, וואָס די שׂרפה האָט ניט אינגאַנצן דורכגעפרעסן. קיווע האָט זיך פאַרשטעלט דאָס מויל מיט בּיידע הענט, כדי צו דערשטיקן דאָס הוסטן, אָבּער דאָס זאַמד אין דער קעל האָט גובר געווען. ווידער זיינען געפאַלן שטיקער פאַרקוילטע פלאָקענעס פון בּאַלקן און אַ ווייטער, סודותדיקער ווידערקול האָט נאָכגעמאַכט זיין הוסטן. ער האָט זיך אַ הויבּ געטון אינאיינעם מיט אַ גייעם ספּאַזם פון הוסטן און אַזאַ שליידער געטון

מיט ביידע הענט דעם זאַמדיקן צודעק איבער זיין קאָפּ. ער האָט צוזאַמענגענומען אַלע כּוחות, כּדי אַרויסצוגיין פון אָפענעם גרוב, כּדי אַרויסצוהויבן זיך — אָבער פּלוצים האָט ער פאַרלוירן די קראַפט אין די הענט, און צוריק אַריינגעפאַלן. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער הערט טריט, אַז עמעץ גייט, אַז עמעץ קומט אַהער־צו. ער האָט זיך אויסגעצויגן אין גרוב און געלעגן אַ רגע ווי אַ טויטער, אָן באַוועגונג, אָן אָטעם, שטיקנדיק אין זיך דעם הוסט, וואָס האָט זיך געריסן פון דער קעל, פון די לונגען.

טויזנטער געדאַנקען זיינען אים געקומען אין קאָפּ אַריין. ער האָט געטראַכט: הענריק, יאָ, הענריק; ניין, ניט הענריק, ניט זיינע טריט... סכנה, ניט אַנדערש — סכנה... דאָס זיינען די טריט פון סכנה... די זעלבע, וואָס האָבן געכאַפּט הענריקן, קומען איצט אים נעמען: סכנה, טויט־סכנה.

קיווע האָט זיך געקלאַמערט אינעם דיל פון געלעגער און געוואָלט אַריינוואַקסן אין דער ערד, איינגעזונקען ווערן, איידער מען קומט אים נעמען. ער האָט געטראַכט: שדים, לעבעדיקע שדים. ניט אַנדערש — לעבעדיקע שדים...

דערנאָך זיינען די טריט פאַרשוווּנדן און ס'איז געווען שטיל. אַ מחנה ראַצן האָט געיאָגט זיך איבער דער חורבה פון שטאַל און עטלעכע שווערע ראַצן זיינען אַריינגעפאַלן צו אים אין גרוב אַריין און גענומען יאָגן זיך איבער זיין רוקן, איבער זיינע אָנגעשוואָלענע לונגען און אַרויסגערופן אַ נייע סעריע הוסטן. און ווען די ראַצן זיינען ווידער אַריין אין זייערע לעכער — האָבן זיך ווידער דערהערט טריט, נאָענטע טריט, גאָר נאָענטע.

קיווע האָט געטראַכט: שדים. לעבעדיקע שדים, לע—בע—די—קע—שיי—דים, לעבעדיקע שיי—דים.

דערנאָך האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער הערט אַ קול, אַ דין ווייבעריש קול, אַ פאַרפּירערישע פרויען־שטימעלע.

קיווע האָט געטראַכט: אַ לעבעדיקער שד אין דער געשטאַלט פון לילית, פון לילית, דער שדיכע.

אַ פולע ברוסט מיט הוסטן האָט זיך אָנגעזאַמלט אין קיווע'ס קעל און נאָז און מויל, און געריסן זיך אַרויסצו. ער האָט געפילט, אַז טאָמער וועט ער ווייטער שטיקן אין זיך דאָס זאַמד און די

שטיקער הוסט, בלייבט ער שוין ליגן דאָ אויף תמיד אַ דערשטיקטער. איז אַ מחשבה געקומען אים צו הילף אין דער לעצטער רגע: הוסט דיך אויס — האָט די מחשבה באַפוילן — שפּיל די ראָלע פון אַ הוסטענדיקן שד, לויף אַרום אַ ווילדער און הוסט... וועט מען מיינען, אַז דו ביסט אַ שד, וועט מען זיך דערשרעקן פאַר דיר...

ער האָט זיך אויפגעריסן מיט אַלע כוחות, אַרויס פון גרוב און גענומען שפּרייזן ווילד אויף אַלע פיר און הוסטן, הוסטן און שפּייען, הוסטן ווילד ווי אַ ניט-גוטער, הירזשן ווי אַ געשאָכטן פערד און לויפן אויף אַלע פיר ווי אַ בער, ווי אַ שיכורער בער, און מאַכן ניט-גוטע העוויות: — איך בין אַ שד, איך בין אַ רוח, ניקאָדעמס רוח... דער רוח פון זיין דערמאָרדעט ווייב, אַ יענע-וועלטיקער גייסט בין איך...

„איך האָב ניט קיין מורא פאַר קיין שדים“, האָט ער געהערט ווי עמעצער ענטפערט אים מיט אַ קוויטשנדיק שטימעלע. „קיין מורא ניט פאַר רוחות“...

— איך בין דער רוח פון ניקאָדעמס פרוי, האָט קיווע געהוסט. דער רוח פון דער ניקאָדעמיכע בין איך, איך—איך—עך—ך—ך.

„איך האָב פאַר רוחות קיין מורא ניט“, האָט ער ווידער געהערט דעם זעלבן קול. „סיידן — פאַר לעבעדיקע“...

—איז, שלום עליכם דיר, האָט קיווע אויסגעשטרעקט אַ האַנט אין דער נאַכט אַריין, און איבערגעגאַנגען פון הוסטן אין הירזשנדיק געלעכטער. איז, שלום עליכם דיר, עליכ—כ—כ—כעם שלום דיר—ר—ר—ר... איך האָב אויך נאָר מורא פאַר לעבעדיקע רוחות, האָב איך—ך—ך...

קיווע האָט פּלוצים איבערגעריסן זיינע בערישע טריט און זיין הוסטענדיק געלעכטער און געבליבן צוגעשמידט צום אָרט, ווי גע-טראָפן דורך אַ דונער. זיין האַנט, וועלכע ער האָט אויסגעשטרעקט, האָט זיך אָנגעטראָפן אויף אַ צווייטע האַנט, אויף ווייבערישע פינגער און ער האָט דערפילט נעבן זיך דעם ריח פון ביליקער שמינקע און דערהערט אַ קוויטשנדיק געלעכטערל, וואָס איז גאָרניט געווען ענלעך צום ווידערקול פון זיין לאַכן.

ווער ביסטו? האָט ער געפרעגט און צוריקגעצויגן די האַנט אַ דערשראָקענער.

מאַגדאַלענע, האָט ער געהערט איר תשובה.

— ווער? האָט ער איבערגעפרעגט.

— מאַגדאַלענע.

— די הייליקע?

אָנשטאָט אַ תשובה איז געקומען איר דין און איראָניש געלעכטער און אַ נייע כוואַליע פון ביליקן שמינקע־ריח. קיווע האָט זיך אָפּגערוקט אויף עטלעכע שפּרונג און אַ ציטערדיקער געגומען זוכן אין דער פינצטער אַ באַשייד צו דעם אַלעם, וואָס געשעט דאָ. עס איז געווען זייער אַ פינצטערע נאַכט און דאָס זאַמד אין די אויגן האָט אים געשטערט אויפצוכאַפּן די קאָנטורן פון דעם שאָטן, פון דער מיסטעריעזער געשטאַלט, וואָס געפינט זיך דאָ ניט־ווייט.

— ווער ביסטו? האָט ער איבערגעפרעגט.

— מאַגדאַלענע, איז געקומען די זעלבע תשובה.

— די הייליקע מאַגדאַלענע פון דער עוואַנגעליע?

— און ווער ביסטו? איז געקומען אַ פראַגע במקום תשובה.

— איך בין אַ פרעמדער ניט קיין היגער, קום פון ווייטן.

— דאָס האָב איך פאַרשטאַנען. אַ היגער פויער וואָלט ניט געקומען אין ניקאָדעמס חורבה ווייל עם שרעקט, ווייל בייזע גייסטער הערשן דאָ און שדים אויסטערלישע.

— איז, פאַרוואָס ביסטו דו געקומען? האָסט קיין מורא ניט, דו?

— געקומען זיך באַהאַלטן צווישן די חורבות און די בייזע רוחות. דאָ וועלן די פויערים מיך ניט זוכן, די דייטשן אויך ניט...

דאָס געפיל פון שרעק און סודותקייט, וואָס האָט אים ביז איצט געהאַלטן אין קלעם איז אויף אַ רגע אָפּגעטראָטן. קיווע האָט זיך פּלוצים דערפילט באַרואיקט און פאַרזיכערט, ווי ער וואָלט אָפּגעפונען עמעצן פון זיין משפּחה ער איז געווען איבערצייגט, אַז דאָ שטייט פאַר אים אַ יידיש מיידל, וואָס איז אַנטרינען פון געטאָ, אָדער לאַגער, און געקומען זיך אויסבאַהאַלטן אין דער חורבה, ווי ער

— קומסט פון געטאָ? האָט ער געפרעגט, כדי זיך צו פאַרזיכערן.

זי האָט ניט געענטפערט.

— שעם זיך ניט, מאַגדאַלענע, האָט ער זי געבעטן — שרעק זיך ניט, איך בין אויך אַ ייד. האָסט ניט וואָס צו שרעקן זיך פאַר

מיר, איך באַהאַלט זיך אויך אוים.

זי האָט געשוויגן.

— מעגסט מיר זאָגן דעם אמת, האָט ער זיך געבעטן און אָנגעהאַלטן — קומסט אויך פון געטאָ? ווער ביסטו אייגנטלעך? וועמענם טאָכטער? און וואָס מאַכן די רעשטלעך יידן דאָרט? ווער ביסטו אויף אַן אמת?

— מאַגדאַלענע, האָט זי קורץ געענטפערט.

— שפּיל קיין קאָמעדיע ניט, האָט ער געבעטן. זאָג דעם אמתן נאָמען דיינעם, האָסט ניט וואָס צו פאַרהוילן פאַר מיר.

זי האָט ווידער געשוויגן. דערנאָך איז זי פאַרגאַנגען אין אַ לאַנגען געלעכטער, אַ דינעם און זלידנעם געלעכטער, וואָס האָט געגרילצט אין קיוועס אויערן און פאַרדראָסן. און ווען איר שווייגן און געלעכטער האָבן אויפגעהערט — האָט זי גענומען ריידן: — איך בין מאַגדאַלענע, ניט פון דער עוואַנגעליע, נאָר מאַגדאַלענע, גיקאָדעמס טאָכטער...

— וועמענס טאָכטער? האָט קיווע איבערגעפרעגט, און גענומען זיך רייבן די אויגן און קלאַפּן אין שטערן, צו זען צי ער שלאָפט ניט, צי ער חלומט ניט.

— ניקאָדעמס טאָכטער, מאַגדאַלענע, די אויסגעלאַסענע. אַלע קענען מיך אין דאָרף און אין דער געגנט. אַלע געזונטע און קרעפּטיקע מענער קענען מיך, קענען מיך דורך און דורך. און האָבן ליב צו זינדיקן מיט מיר... אַפילו דער גלח אויך, וואָס האָט מיך מקרב געווען נאָכן טויט פון פאָטער, נאָכן פאַרברענען דאָס הויז און געגעבן מיר אַזאַ הייליקן נאָמען אַלס סגולה... און דער סאָלטיס אויך, און דער וואָיט קען מיך אויך... און די דייטשן, וואָס שטייען איין אין דער געגנט קענען מיך אויך... די נכפּה האָט זיי אַלעמען גענומען פאַר מיר, פאַר מיין כישוף, פאַר מיין לייב... אָבער, איצט — ניט מער, ניט מער, זייט די דייטשן האָבן זיך צעקריגט אין שענק ביי מיקאָלייען צוליב מיר, צוליב דער ייי — יעדער האָט געוואָלט מיך האָבן דער ערשטער... און איין דייטש איז דערשטאָכן געוואָרן אויפס טויט דורך זיין שיכורן קאָלעגע, וואָס האָט דווקא געוואָלט זיין דער ערשטער... האָט זיך אָנגעהויבן די שנאה צו מיר. די דייטשע זעלנער האָבן זיך ניט געוואָלט באַקענען צו זייער שולד, אוים מורא פאַר קאָנסעקווענצן

מצד זייערע אָפּיצירן, האָבן זיי געמאַכט אַ בלבול, געוואָרפן די שולד אויף פּאַרטיזאַנען, וואָס האָבן כלומרשט באַפאַלן אַן אומשולדיקן דייטשן זעלנער... און דאַן האָבן אַלע מיך געגומען האַסן; די דייטשן האָבן מיך געוואָלט אַראָפּרוימען, כדי איך זאָל ניט קענען דערציילן דעם אמת, און די פּויערים האָבן מיך געוואָלט לינטשן, אַזוי ווי מיין טאַטען... ווייל איך בין געווען די סיבה פון דעם אומגליק...

— וואָס פאַר אַן אומגליק? האָט קיווע געפרעגט אַ נייגעריקער.

— אַ גרויס אומגליק פאַר; דאָרף געקומען. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַרעסטן און זוכערייען און שיסערייען... מיקאָלייען האָבן זיי דערשאָסן, כדי ער זאָל ניט קענען דערציילן דעם אמת און געגומען צען ערובניקעס, דעם גלח מיטן סאָלטיס בתוכם... און ס'וואָלט זיכער ניט געווען אַזוי שרעקלעך, ווען ניט דער פאַקט, וואָס די דייטשן האָבן אַנטדעקט אַ געהיימע דרוקעריי אין דאָרף און געפונען דעם רעדאַקטאָר פון אַ געהיימער צייטונג...

— וועמען? האָט קיווע איר איבערגעריסן און אויפגעשפּרונגען אַ דערשראָקענער. וועמען?

— דעם לערער וורובלעווסקי, עס וואָלט קיינער ניט געגלויבט, אַז ער איז פעאיק דערצו.

— העניריק וורובלעווסקי?

— יאָ, ער איז אַזאַ גוטער מענטש, דער לערער וורובלעווסקי, אַ שאָד. ער איז געווען דער אָנשטענדיקסטער מענטש אין דאָרף, דער מענטשלעכסטער. ער האָט מיר קיינמאָל קיין בייז וואָרט ניט געזאָגט, און געגרוסט צו מיר, ווי צו אַלעמען אין דאָרף, ווי כ'וואָלט גאָרניט געווען אַן אַנדערע ווי אַלע פרויען אין דאָרף... אַזאַ וואַיקער און ליבער מענטש. ווער האָט זיך עס געקענט פאָרשטעלן, אַז ער איז גאָר אַזאַ געפערלעכער מענטש, אַזאַ פאַנאַטישער פּאַטריאָט. האָבן זיי אים און זיין פרוי אַרעסטירט און אָפּגעפירט צו געסטאַפּאָ, און מ'זאָגט, אַז...

— שווייג! האָט קיווע איר איבערגעהאַקט די רייד. שווייג!

זי האָט אַ רגע געשוויגן. קיווע האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט אין קאָפּ און געוואָלט איינהאַלטן די געדאַנקען, כדי ניט צו פאַרענדיקן די רייד, וואָס ער האָט איר איבערגעהאַקט; ער האָט זיך פאָרגעשטעלט דאָס ערגסטע. נאָך אַ ווייל האָט זי ווייטער גערעדט:

— און זיי זוכן נאָך ווייטער, זיי זוכן נאָך איין רעדאַקטאָר, נאָך איינעם וואָס פלעגט שרייבן די אַרטיקלען אויף אַ שרייב־מאַשין, זאָגן זיי... און דאָס גאַנצע דאָרף האָבן זיי צוליב דעם אַריינגעשלייערט אין אַ סטאָדאָלע און פייניקן די פויערים, ביז עס וועט זיך ניט אָפּגעפונען דער שרייבער מיט דער שרייב־מאַשין... און איך בין אַנטרונען. זיי זוכן מיך אויך. זיי וואָלטן מיך געלינטשט, צעריסן אויף שטיקער, אויב זיי געפונען מיך. אָבער דאָ וועלן זיי מיך ניט געפונען, דאָ שרעקט, דאָ סטראַשעט אַרויס, עס וועט זיי ניט איינפאַלן דאָ צו זוכן צווישן די בייזע רוחות און שדים... איך וועל דאָ איבערוואַרטן עטלעכע טעג ביז דער כעס וועט פאַרביי, און די געמיטער וועלן זיך שטילן, און מ'וועט וועגן אַלעם פאַרגעסן... דאַן וועט מען מיך ווידער ברויכן מ'וועט זיך ווידער נויטיקן אין מיר, אין מיין לייב, וועט מען זיך מאַכן פאַרגעסן, און פאַרגעבן... איך וועל זיי אַ כישוף אָנטון, דער גלח וועט מיך ברויכן, וועט ער מוחל זיין דער קליינער מאַגדאַלענע, דער זינדיקער נשמה, וואָס ער האָט מקרב געווען, נאָכדעם ווי ער האָט אָנגעפירט מיט די פויערים, וואָס האָבן ניקאָדעמען געלינטשט און דאָס הויז פאַרברענט... ער וועט פאַרלייגן די הענט ווי צו אַ געבעט און אַ פרומען גלעט טון איבערן קאָפּ, און מוחל זיין... און דער סאָלטיס וועט מיך אויך ברויכן, און דער אָרגאַניסט וועט מיך ברויכן. ווייל זיין ווייב פאַראַט אים מיט אַנדערע, און דער פּאָליציי־שעף - אויך, ווייל זיין פרוי איז אַלט און האָט אַרויסשטייענדיקע ציין, און דער גמינע־שרייבער — אויך, און די דייטשן אַוודאי און אַוודאי איך וועל זיי אַלעמען אַ כישוף אָנטון, און זיי וועלן מיך אויפנעמען מיט אָפענע אָרעמס, און יעדער וועט זיין דער ערשטער ביי מיר. אַלע וועלן זיין די ערשטע צו מיין כישוף, צו מיין כישופדיקן לייב צו מיין כישופדיקן פּאָרענט... אָט — אָ — דעם כישוף, זעט, פילט!.. איך וועל אייך אויך אַ כישוף אָנטון, אייך אויך, דיר אויך...

קיווע איז געלעגן אויסגעצויגן נעבן אַרויסגאַנג פון דער חורבה, אויף אַ בערגל מיסט און אָפּגעברענט געהילץ און ניט געוווּסט, וואָס עס געשעט מיט אים. ער האָט זיך ניט אָפּגעגעבן גענוי קיין חשבון צו דאָס. וואָס ער הערט און וואָס ער פילט איז אמת, אָדער חלום, אָדער פאַנטאַזיע, אָדער שגעון. ער איז געווען איבערצייגט, אַז דאָס איז

געוועזן אַ חלום, וואָס זיין פאַרמאַטערטער מוח און הונגעריקער מאָגן האָבן צוגעטראַכט. אָבער דאָס אַלעס האָט זיך עפּעס אַזוי גוט געלייגט אויפן שכל און פאַרענטפערט אַלע פראַגעס, וואָס מאַטערן אים זייט הענריקס לעצטן באַזוך ביי אים. איז עס מעגלעך, אַז דאָס איז ניט מער ווי אַ חלום? אַ ווונטש־חלום? טאָ, וואָס טוט דאָ די מאַגדאַלענע? איז זי טאַקע מאַגדאַלענע און ניט אַ יידיש מיידל פון געטאָ? איז זי טאַקע ניקאָדעמס טאָכטער, מיט וועלכער דער טאַטע אירער פלעגט זינדיקן און צוליב איר „עהרגעט די מוטער? אפשר איז זי גאָר אַ שד, אַ בייזער רוח, אפשר? און דאָס לייב, וואָס שאַרט זיך צו אים, אויף אים — איז אויך נאָר אַ חלום? און די ביליקע שמינקע, וואָס שפּאַרט אין זיינע נאָזלעכער און דער גלי פון פרויען־פאָרענט, וואָס דערהיצט זיין אינגעווייד — איז עס אויך ניט מער ווי אַ חלום? און די ווערטער, וואָס זי שעפּטשעט אים אין אויער אַריין וועגן כישוף, וועגן תאווה, וועגן ליבע, וועגן זינד — זיינען נאָר בלויז חלום, בלויז פאַנטאַזיע, בלויז שגעון?...

ער האָט גענומען באַוועגן מיט די הענט און זוכן אין דער פינצטער, כדי זיך איבערצייגן צי דאָס לייב, וואָס שפּאַרט זיך אויף אים, האָט ממשותדיקע פאָרמען, איז אַ ווירקלעכע געשטאַלט, און ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז יאָ — האָט ער גענומען אָפּשטופּן פון זיך און איינצייטיק גערוקט זיך אויף צוריק און פאַרטיידיקט זיך. ביז עס האָבן אים אויסגעפעלט כוחות, ביז ער האָט מער גאָרניט געהערט און גאָרניט געפילט.

.6

די קעלט און ווינט פון פרימאָרגן און אַ רעש, וואָס האָט זיך דערנעטערט צו זיינע אויערן, האָבן אים איבערגעוועקט. ער האָט גענומען רייבן זיך די אויגן און רייניקן די אויערן, כדי זיך אָפּצוגעבן גענוי אַ חשבון צי איז עס אַ ווייטערדיקער טייל פון דעם חלום, וואָס האָט זיך אים געחלומט, אָדער איז עס וואָר. דער רעש איז געוואָרן וואָס אַמאָל העכער און פאַרוואַנדלט זיך אין אַ גערודער. באַרשיידענע קולית און קללות זיינען דערגאַנגען צו אים. אַ געמיש פון געשרייען און אויסרופן, אָנגעלאָדן מיט כעס און ווילדקייט. ער האָט

אויפגעהויבן די אויגן און געזען אַ מחנה מענטשן, וואָס ציט פון דאָרף אין זיין ריכטונג, צו דער חורבה־צו. ער האָט ניט געזען גענוי ווער זיי זיינען. געווען אַ מחנה פון עטלעכע צענדליק פויערים אין פויערטעם און עטלעכע זעלנער צווישן זיי, דייטשע זעלנער מיט ביקסן.

ער האָט פּלוצים באַמערקט, אַז ער איז ניט מער אין בונקער ביי זיך. נאָר פון דרויסן, ניט אינעם גרוב דאָרט, נאָר אין שטאַל, נעבן דעם אָפּגעברענטן שוועל פון שטאַל, און איז אָפּגעדעקט, אַזוי אַז מ׳זעט אים מסתמא פון דערווייטנס. ער האָט אַוועקגעשאַרט זיך פון דעם אָפענעם איינגאַנג און געזוכט שוין הינטער די איינגעפאַלענע מויער דערנעבן.

,,אפשר איז דאָס אַלץ קיין חלום ניט?", איז אים באַפאַלן אַ מחשבה. ,,אפשר איז דאָס אַלץ אמת, אַלץ? די מאַגדאַלענע, איר געשיכטע, איר כישוף, איר פאַרפירערישער כישוף..."

ער האָט גענומען זוכן מיט די אויגן צווישן די חורבות, צווישן די איינגעפאַלענע בעלקעס צווישן די קופּעס מיסט און פלאָקענס, צי ער וועט זי ניט באַמערקן, צי איז זי ניט פאַראַנען ערגעץ, די חצופה, די אויסגעלאַסענע כישוף־מאַכערין... ער האָט געוואַנדערט מיט די אויגן אומעטום און געזוכט אין יעדן ווינקל, אין יעדן לאָך, הינטער יעדן בערגל מיט מיסט.

,,ווו ביסטו, מאַגדאַלענע, ווו ביסטו?" האָט ער געפרעגט מיט זיינע מידע אויגן אוי מיט אַ דינעם שפּעלטל צווישן די ליפּן.

אָנשטאָט אַ תשובה, איז געקומען פון דרויסן אַ נייע כוואַליע רעש, מיט דראָענדיקן געריודער און טויזנטער געדאַנקען זיינען אים באַפאַלן מיטאַמאָל און געקלאַפּט אין די שלייפן ווי מיט האַמערים. און פון דעם אַלעם האָט ער אַרויסגעדרינגען איינס: אַז דאָס יאָגט מען נאָך אים, אַז דער סוף דערנענטערט זיך, אַז דאָס איז דער סוף!

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און צוגעשאַרט זיך צו אַ לאָך אין דער קעגנאיבערדיקער וואַנט. דאָרט האָט ער אויך באַמערקט אַ גרופּע פויערים און עטלעכע זעלנער. די פויערים האָבן געהאַלטן אין די הענט שטעקענעס און דרעש־צעפּעס און די דייטשן האָבן געהאַט ביקסן און מאַשין־געווער אָנגעשטעלט אויף דער חורבה, גרייט צו שיסן.

„אַרומגערינגלט”, האָט ער אַ טראַכט געטון. „אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן”.

ער איז אָפּגעשפּרונגען פון וואַנט און אַריינגעשלייכט זיך אין גרוב אַריין. ער האָט גיך גענומען אַרויפציִען איבער זיך דעם צודעק, ניט ווייסנדיק אַליין וואָס ער טוט. זאַמד האָט זיך גענומען שיטן פון דער הויך און פאַרקראָכן אין נאָז אַריין, אין מויל, אין די לונגען. ער האָט זיך פאַרשטעלט דאָס מויל מיט אַ האַנט, כדי ניט צו הוסטן און צונויפגעקנוילט זיך אינעם גרוב, געוואָלט ווערן אַזוי קליין און נישטיק, אַז מ'זאָל אים ניט געפונען, ניט זען. אַ פוס זיינער האָט פאַרטשעפּעט אין דער שרייב־מאַשין און אַ משונהדיקער קלאַנג פון די ציטערדיקע מאַשין־צינגער האָט אים אויפגעמונטערט.

„פונוואַנען האָבן זיי געוווּסט, אַז איך בין דאָ?“ האָט ער זיך געפרעגט. „פונוואַנען זיינען זיי געקומען אויף די שפורן? און אפשר זוכן זיי גאָר די שיקסע, די מאַגדאַלענע?“ אָבער פלוצים האָט זיך געדאַכט, אַז ער הערט איר קול, איר קוויטשענדיקע שטימע, די זעלבע שטימע, וואָס האָט גערעדט צו אים ביינאַכט. יאָ, עס איז געווען איר שטימע. „דאָ איז ער” האָט זי געשריגן. „אָט־אָ דאָ, אין שטאַל. ער מוז דאָרט זיין, דער מערדער, דער פאַרשאָלטענער ייד, וואָס האָט דערשטאָכן דעם דייטש אין שענק... ער מוז דאָרט זיין, אין שטאַל. דאָס האָט ער טאַקע דערשטאָכן דעם זעלנער אין שענק, איך האָב אים דערקענט, קומט, איך שווער אייך!”.

קיווע האָט געהערט גענוי איר קוויטשענדיקע שטימע. דערנאָך האָט ער געהערט אַ געמיש פון פויערים־קולות:

„אומדערהערט, אַז גויים זאָלן מוזן ליידן פאַר אַ יידישן מאָרד”,

„דאָס איז ער זיכער דער מיטרעדאַקטאָר מיט דער שרייב־מאַ־שינקע, זיכער ער”,

„דער פאַרשאָלטענער ייד איז אין אַלעם שולדיק”,
„תמיד די יידן, מ'קען גאָרניט פטור ווערן פון זיי”,
„מיר וועלן אים לינטשן, צערייסן אויף שטיקער”,
„ווי ניקאָדעמען”,

„קרייציקן אים, ווי זיי האָבן עס געטון מיט פאַן יעזוס, אויפ־הענגען אים”.

אינאיינעם מיט דער תשובה אויף דער פראַגע, וואָס ער האָט זיך פריער געשטעלט, אַז דאָס האָט אים די אויסגעלאָסענע שיכּע אויסגעגעבן — האָבן פאַרשיידענע בילדער און געדאַנקען גענומען אויפטויכן הינטער זיין שאַרבן, פאַרשיידענע סצענעס און סיטואַציעס זייט ער איז געווען אַ קינד, אַ חדר־יונגל, אַ ישיבה־בחור, און דאַן אַ גימנאַזיסט. אַ קאַליע־געמאַכטער, אַ פאַרטיי־מענש... די מאַמע, וואָס איז אויסגעגאַנגען נאָכן פאַרשלעפן פון דער איינציקער טאָכטער... און דער טאַטע, דער שוחט, מרדכי־מענדל דער שוחט, מיט דער לאַנגער, ווייסער באָרד מיט זיין מוסר, מיט די ליכט צו־קאָפּנס...

קיווע האָט פּלוצים געזען פאַר די אויגן דעם טאַטן זיינעם ווי ער ליגט אויפן גסיסה־בעט און רעדט צו אים, שרייט צו אים, שרייט מיט קולי־קולות און פאַרהילכט די געוואַלדן און געשרייען פון די מחנה פויערים:" געדענק די עשרה הרוגי מלכות! געדענק רבי עקיבא, וואָס דו טראָגסט זיין נאָמען!... און טו תשובה, און זאָג קדיש, און נעם די תפילין מיינע אין וועג אַריין, די תפילין...".

ער האָט גענומען זוכן די תפילין אינעם גרוב, ווי דער טאַטע וואָלט אים באַפוילן דאָס צו טון. ער האָט זיי געפונען. דאָס זעקעלע איז געווען נאַס און פאַרגליווערט. מיט ציטערדיקע פינגער האָט ער גענומען אַרויסשלעפן די תפילין און גענומען אויפוויקלען. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט, צונויפגעקוועטשט זיך און גענומען אָנטון די תפילין. ער האָט אַרויפגערוקט דעם אַרבל און אַרויפגעשאַרט דעם של־יד אויפן אָרעם. ער האָט גיך געוויקלט די רצועה ביז צו די פינגער אַראָפּ, ביז עס האָט אים אויסגעפעלט רצועה. דערנאָך האָט ער אַרויפגעזעצט דעם של־ראש אויפן קאָפּ און גענומען מורמלען שטי־קער תפילות, שטיקער שחרית, וואָס ער האָט נאָך אַביסל געדענקט פון די יינגל־יאָרן. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס לייגט דער טאַטע זיינער אין מויל אַריין די דאָזיקע תפילות און ברכות און שרייט אים אין אויער אַריין: „נעם די תפילין אין וועג אַריין און לויף, אַנטלויף!... געדענק אין די עשרה הרוגי מלכות און אין רבי עקיבא... און זיי אַ ייד, און טו תשובה, און זאָג קדיש... יתגדל, ויתקדש, שמיה רבא... און זאָג נאָך, זאָג נאָך: אָשמנו, בגדנו... לויף, אַנטלויף פון דאָ, גזלנו..."

קיווע האָט זיך אויסגעגראָדט, אַראָפּגעשלײדערט דעם צודעק איבער זײַן קאָפּ און אַרויס פֿון גרוב. ער האָט זיך פֿאַרטשעפּעט אין אַ שטיק האָלץ און אַנידערגעפֿאַלן. עטלעכע אויסגעשרייען און שאָסן האָבן אים אויפגעמונטערט און צוריקגעשטעלט אויף די פֿיס. ער איז שטיין געבליבן אַ רגע אין דעם אײַנגאַנג פֿון שטאַל און אָנגעכאַפּט זיך מיט בײדע הענט אין דעם אײַנגעפֿאַלענעם געשטעל פֿון שטאַל־טויער. ער איז געשטאַנען מיטן קאָפּ אַרויף און געקוקט דרייסט פֿאָרויס. ער האָט געזען די גאַנצע מחנה פּויערים און פּויערטעס און די מאַגדאַלענע, וואָס פֿירט זיי און שרייט און טריאומפֿירט: „אָט איז ער, דער מערדער, דער יודע, דער פֿאַרכוואַטער ייִד, וואָס האָט דערשטאָכן דעם דייטש אין שענק! איך בין אומשולדיק, וואָס דאָרף איז אומשולדיק, דער לערער ווראָבלעווסקי איז אומשולדיק, און אַלעם איז שולדיק דער ייִד; אָט, קוקט אים אָן, אָט האָט איר אים !".

קיווע האָט זיך אויסגעגראָדט, פֿאַריכט דעם של־ראש אויפֿן שטערן, אַרויפֿגעשאַרט דעם לינקן אַרבל, וואָס האָט פֿאַרשטעלט אַ טייל פֿון של־יד, און גענומען לויפֿן גראָד אין דער מחנה אַרײַן, גראָד אויף די צעיושעטע פּויערים אַרויף.

ער איז אומגעפֿאַלן. עטלעכע שטעקנס און דרעש־העלצער האָבן זיך אַ שיט געטון אויף אים. עטלעכע שאַרפֿע נעגל האָבן זיך אײַנגעגראָבן אין זײַן פּנים, אין זײַן גאָרגל. עטלעכע פּויערישע פֿינגער האָבן גענומען רײַסן פֿון אים די תּפֿילין. ער האָט געוואָלט אויפֿהויבן די הענט, כּדי צו באַשיצן די תּפֿילין, אָבער ער האָט ניט געקענט. זיי זײַנען געווען שווער, ווי פֿון בלײַ, ווי זיי וואָלטן געווען צוגעוואַקסן צום גוף. דער טאַטע איז געשטאַנען ערגעץ צווישן אים און די פּויערישע הענט און שטעקנס און גערעדט צו אים אין אויער אַרײַן, געהייסן נאָכזאָגן: „יעצנו, יעצ־נו, י־עצ־נו רע"... אָבער ער האָט ניט געקענט נאָכזאָגן. די ליפּן האָבן זיך ניט באַוויגן מער. די ליפּן זײַנען געווען שווער ווי זיי וואָלטן געווען פֿון בלײַ, אָדער צוזאַמענגעוואַקסן. האָט ער עס נאָכגעזאָגט במחשבה. און די מחשבה זײַנע איז געווען לײַכט, לײַכט, זייער לײַכט!

* * *

# קאָרי פֿון דער ווינטמיל

.1

„ראַט װעיער“ האָט קאָרי אַ געשריי געטון אינעם אָפּגעצײמט פֿירל, װאָס פֿירט פֿון גאַניק אין מיל אַריין, און שרייענדיק גענומען אַראָפּקריכן פֿונעם לייטערל.

„ראַט װעיער“ האָט זי איבערחזרט אויף יעדן טרעפּל, און װאָס נידריקער זי איז אַראָפּ, אַלץ העכער האָט געשאַלט דער װידערקול.

„ראַט—ט—ט װע—יע—ע—ע—ר“ האָט דער חלל פֿון דער פֿיר=גאָרנדיקער װינטמיל אונטערגעכאַפּט, יעדער גאָרן מיט אַ טית מער, יעדער גאָרן מיט אַ עין מער.

„ר—ר—ראַט װעיע—ר—ר“ האָבן די מילשטיינער געריבן די װײשן און געמאָלן זיי אינאייגעם מיט די קערנדלעך.

„ראַט װעיער, ראַט װעיער, ראַט װעיער“ האָבן די הילצערנע ציינער פֿון די רעדער טעמפּ צוגעהילכט און זיך איבערגעגעבן די װערטער פֿון צאָן צו צאָן, פֿון ראָד צו ראָד, פֿון רער צו רער, ביז צום קעלער אַראָפּ.

ווי נאָר קאָרי װאַנדערמאַלע, דעם מילנערס טאָכטער, האָט באַמערקט פֿונדערװײטנס די אָנקומענדיקע געפֿאַר, האָט זיך פֿון איר יונגער קעל אַרויסגעריסן די אָפּגערעדטע װאָרנונג, דער אומשולדיקער שפּרוך װעגן װעטער, װאָס האָט אַזױפֿיל באַדײט ביי די, צו װעלכע ער איז געװען געװענדן.

— די מאָפּען, די דײטשן — האָט הענדריקעס, דער מילנער, געגעבן צו פֿאַרשטיין — פֿאַרשטעקט זיך, ראַפּט, ראַפּט, שנעל, גיך!

די שטיינער, און די רעדער און די הילצערנע ציינער אין אַלע באַוועגלעכע גלידער פון דער מיל האָבן באַקומען לשון און מיט־געשריגן מיטן מילנער, ווי זיי וואָלטן וועלן צואיילן, אָנוואַרפן טעמפּאָ, אונטערשטרייכן די יעפּאַר.

עטלעכע רגעס האָט עס געדויערט און סאַמועל לימבורג מיט זיין זון רובין, די אַרבעטער אין מיל, זיינען שוין געווען אין קעלער, אינעם באַהעלטעניש. זיי האָבן זיך גיך אַראָפּגעלאָזן אויף די דיקע שטריק פון די גאָרנס און אַריינגעשפּרינגען אין קעלער. דער אַלטער הענדריקעס האָט גענומען גיך צופירן אויף אַ וועגעלע זעק מיט קאָרן און מיט מעל צו דעם לאָך וואָס האָט געפירט אין קעלער אַריין. קאָרי האָט אונטערגערוקט די זעק און די לימבורגס האָבן זיי גענומען אויף די רוקנס און צעשטעלט אינעם קעלער. דערנאָך האָט דער מילנער פאַרדעקט דאָס לאָך מיט אַ טירל, וואָס איז געווען באַדעקט מיט ערד און מיט אויסגעטרעטן גראָז, און געווען ענלעך צו דער ערדענער דיל אין דער מיל, און דערויף אַרויפגעשטעלט זעק מיט טחינה, מיט שטויב, כדי צו פאַרדעקן יעדן שפּור.

סאַמועל לימבורג מיטן זון זיינען געבליבן פון אונטן. דאָרט האָט אויף זיי געוואַרט פרוי לימבורג מיט אירע צוויי קינדער אויף די אָרעמס, מיט גרויסע אויגן און מיט אַ ציטער אויף די ליפּן:

„ראָט וועיער?“

— יאָ, האָט סאַמועל, איר מאַן, געענטפערט שטיל. שלעכט וועטער. יאָ, שלעכט וועטער!

— קאָרי, קאָרי האָט געזען און געגעבן דעם אָפּגערעדטן צייכן זי איז אַזאַ גוטע, די קאָרי.

— אַזאַ טייערע נשמה. די קאָרי, האָט דער טאַטע באַשטעטיקט זיין זונס רייד.

— אַ מלאך, די קאָרי. זי וואַכט תמיד אויפן גאַניק און אָב־כערווירט...

— און ווען זי זעט נאָר אַ דייטשן מונדיר זיך דערנענטערן, אָדער אַ פאַרדעכטיקע פּערזאָן...

— נעמט זי שרייען . . .

— „ראָט וועיער.“

— און דער טאַטע, דער אַלטער הענדריקעס, נעמט איילן...

— „ראַפּט, שנעל, גיך!“

האָבן זיך טאַטע און זון אויסגעכאַפּט די ווערטער אויסן מויל, סתם, כדי עפּעס צו זאָגן, כדי די צייט פון וואַרטן זאָל גיכער פאַרבײַ.

— סאַראַ גליק, אַז עס איז אונדז דאָסמאָל אויסגעקומען זיך אויסצובאַהאַלטן בײַ אַזעלכע גוטע מענטשן, אַזעלכע גוטהאַרציקע, האָט די מוטער אַרייגעוואָרפן איר באַמערקונג מיט אַ האַלב־אָפן מויל.

ראָשיע, דאָס עלטערע. דריי־יאָריקע מיידעלע, האָט געקוקט אויף די מיילער פון טאַטע־מאַמע און ברודער, אויף זייערע פּנימער, אויפן רויכערדיקן פלעמל פונעם נאַפט־לעמפּל אויף דער וואַנט; זי האָט נאָכניט פאַרשטאַנען גענוי וואָס עס שטעקט אין ווערטער, זי האָט בלויז געקענט פאַרנעמען מיט איר קינדישן אינסטינקט דעם קלאַנג פון געזאָגטן, דעם אויסערלעכן אינהאַלט פונעם קלאַנג, און — אַלס ענטפער גענומען ציטערן אויס שרעק און צודרוקן זיך צו דער מאַמען.

אַנאַ, דאָס עופהלע, וואָס האָט אַזויפיל נאָך אויך ניט פאַרשטאַנען, האָט גענומען זוכן דורכן געוועב פון קליידל, דעם וואָרצל פון דער מוטערס ברוסט. כדי אינעם ציטער פון דער ברוסט, אין טעם און אין געדיכטקייט פון דער מילך צו געפונען אַ תשובה צו דעם, וואָס עס טוט זיך דאָ אין קעלער.

טריט האָבן זיך געהערט איבער זייערע קעפּ און שטיקער אָפּגעריסענע, טויבע, ווייטע ווערטער זיינען אַלע שטיל געוואָרן. די מוטער האָט אַרויסגעצויגן אַ דאַרע ברוסט און אַריינגעשטופּט אין די פרעגנדיקע ליפּעלעך פונעם קינד. דער טאַטע האָט אויסגעלאָשן דאָס קאַרגע לעמפּל, גענומען דאָס אַנדערע קינד אויף איין אָרעם און מיט דעם אַנדערן אַרומגענומען די פרוי. רובין האָט מיט ביידע אָרעמס אַרומגענומען די מאַמע און דעם טאַטן און צוגעדרוקט זיך פעסט צו זיי און צו די זעק מיט תבואה אינעם ווינקל פון קעלער. און אַזוי לאַנג זיינען זיי דאָרט פאַרבליבן צונויפגעקנוילטע און צוזאַמענגעדרוקטע, ביז קאָרי איז ניט געקומען צו לויפן מיט דער פריילעכער בשורה: „הוטע וועיער“ די סכנה איז פאַרבײַ, געבליבט איז גאָט. גוט וועטער, קומט אַרויס! גוט וועטער...

## 2

דער אַלטער הענדריקעס וואַנדערמאַלע איז אַ מילנער זייט דורות. זיין עלטער-עלטער זיידע האָט די מיל געבויט מיט אייגענע הענט. און אַזוי איבערגייט די מיל בירושה פון פאָטער אויף זון. ליידער האָט ער ניט קיין זון. ניט באַשערט געווען. זיין ווייב, בעטסי, איז יונג געגאַנגען פון דער וועלט געפאַלן אַ קרבן פון דער מיל. אַריינגעקריגן זיך צווישן די ווינט-פליגלען און פאַרענדיקט טראַגיש איר יונג לעבן. געבליבן איז נאָך איר קאָרי, דאָס איינציקע קינד. קאָרי איז געוואַקסן אַ שיינע און געזונטע, דאָס בילד פון דער מוטער. וואָס עלטער זי איז געוואָרן, אַלץ בולטער זיינען בײַ איר אַרויסגעמאַכטע אויגן, פון יעדן טייל פון מיל, אַפילו פון אַ גאָרן.
אירע גרויסע מעלות, פאַר וועלכע ער האָט זי אַזוי שטאַרק ליב געהאַט און פאַרבליבן פאַרליבט, כאָטש זי איז שוין אַזוי לאַנג ניטאָ מער.

קאָרי האָט ווי די מוטער געהאַט די זעלבע בלאָנדע, לאַנגע האָר, די זעלבע בלאָע אויגן, די זעלבע פולע באַקן מיט חן-גריבלעך נעבן די מויל-ווינקלען, די זעלבע פאָרמיקע ברוסטן, פול מיט צייטיקייט און רייץ. די זעלבע ברייטע היפטן, וואָס די מאַמע. אַז זי האָט זיך אָנגעטון אַ קליידל, האָט עס זיך פונקט אַזוי געבערגלט און געטאָלט אויף איר ווי אויף דער מאַמען. און, אַז זי האָט געשמייכלט צו אַ יונגערמאַן, איז עס געווען צו אַזעלכן, צו וועלכן איר מאַמע וואָלט אויך געשמייכלט, צו אַזעלכן, וואָס האָט געמוזט זיין געראָטן אויף אים, אויף אים, הענדריקעס דעם מילנער, ווען ער איז נאָך אַ יונגערמאַן געווען... און טאָמער איז בײַ איר געווען אַ שטריך, וואָס האָט ניט דערמאָנט אין דער מאַמען, צום ביישפיל: דער לוסט נאָך אויפברויזנדיקע איבערלעבונגען, נאָך יאָגן זיך איבער די פעלדער און וועלדער, נאָך שיפן זיך אין דער שטורעמדיקער מאַאַס און כאַפּן פיש אין ברויזנדיקן וואַסער — האָט ער עס געלייגט אויף זיין חשבון. ער האָט קיינמאָל ניט געמאַכט קיין טעות צווישן דעם וואָס זי האָט געירשנט פון אים און פון דער מאַמען.

ווען די לימבורגס זיינען אַנטלאָפן פון דער שטאָט, פון די דייטשן, און געקומען זוכן אַ שוץ אין דאָרף, האָט זיך בײַ איר אָנ-

גערופן די גוטסקייט פון דער מאַמען און זי האָט די גאַנצע משפּחה אַריינגענומען אין הויז אַריין. אַוועקגעגעבן אַלעס וואָס זי האָט געהאַט כדי צו שיצן די אָרעמע מענטשן מיט די צוויי קינדערלעך. און ווען די דייטשן האָבן גענומען זוכן ייִדן אין די דערפער, אין זייערע באַהעלטענישן, האָט זי געמאַכט אָרט אין קעלער, אין מיל, און איינגעאָרדנט דאָרטן, אויף וויפל עס איז געווען מעגלעך, די געפּלאָגטע ייִדן.

זי איז געווען געוווינט צו שווערע אַרבעט. זייט זי האָט אויפגעהערט צו זיין אַ קינד אַרבעט זי אין דער מיל צוזאַמען מיטן טאַטן. עס איז אַ חזקה אַזאַ ביי די ווינט-מילנער פון תמיד, אַז קיין פרעמדע אַרבעטער נעמען זיי ניט אַריין, נאָר די נאָנטסטע משפּחה. האָבן זיי געאַרבעט זאַלבעצווייט זייט יאָרן.

פאַר די לימבורגס, דעם טאַטן און זון, איז עס געווען זייער אומאָנגענעם צו געניסן פון דער גרויסער האַרציקייט פון די מענטשן, ניט זייענדיק אימשטאַנד זיי אָפּצודינגען. האָבן זיי אָנגעבאָטן זייער גרייטקייט צו אַרבעטן אין דער מיל. זיי האָבן שטאַרק אָנגעהאַלטן זייער פאַך, אַלס בריליאַנטן-שלייפער, האָט זיי צו גאָרניט געקענט דינען איצט, אין באַהעלטעניש. קאָרי האָט ניט געוואָלט הערן פון זייער פאָרשלאַג. זי האָט זיך געפילט באַליידיקט. איר פאָטער איז עס אויך געווען דערווידער סיי-ווי איז ניט פאַראַן קיין סך אַרבעט אין דער מיל. דער טאַטע, סאַמועל לימבורג, האָט געדראָט, אַז ער וועט פאַרלאָזן דאָס דאָרף, ווייל דער אומזיסטער ביסן באַקומט אים ניט. זיינען זיי צום סוף איינגעגאַנגען. זיי האָבן געוויסט, אַז לויט די דייטשע פאָרשריפטן, איז עס אַ גרויס פאַרברעכן צו באַשעפטיקן ייִדן, אָבער דאָך האָבן זיי באַשלאָסן צו ריזיקירן.

קאָרי האָט זיי געלערנט די קונסט פון מאָלן און אומגיין זיך מיט די מאַשינען און איינריכטונגען אין דער מיל. זי האָט זיי געפירט אויפן גאָניק, די באַלוסטראַדע איבערן צווייטן שטאָק פון מיל, וווּ עס געפינט זיך די ווינט-איינריכטונג, וווהין עס דערגייען די פליגלען און ריהן כמעט אָן די ברעטער פונעם גאָניק. זי האָט זיי געלערנט ווי אַזוי צו דערקענען די ריכטונג און די קראַפט פון ווינט, ווי אַזוי אָנצושטעלן די פליגלען, אַז די גאַנצע קראַפט פונעם ווינט און די ווינטלעך זאָל ווערן אויסגענוצט. זי האָט זיי געווי

באַקענט מיטן ווינט־געשטעל. וואָס דיריגירט מיט די פליגלען און מיטן קאָפּ פון מיל, וועלכער קען זיך דרייען אין אַלע זייטן לויט פאַרלאַנג פון געברויך. דערנאָך האָט זי זיי אַרומגעפירט אינעווייניק, געוויזן און דערקלערט יעדע קלייניקייט, אַלעס וואָס מען דאַרף, כדי צו זיין אַ גוטער מילנער.

און ווען זיי האָבן זיך אויסגעלערנט, און קיין אַרבעט פאַר פיר מענטשן איז אין מיל ניט געווען — האָט קאָרי אויפגעהערט אַרבעטן, און זיך מער געווידמעט צו טראָגן הילף די אָרעמע געסט זייערע און פאַרזען זיי מיט אַלעם נויטיקן, כדי זיי זאָלן ניט מוזן צופיל זיך וואַרפן אין די אויגן אַרויס. און פון צייט־צו־צייט פלעגט זי זיצן אויפן גאָניק, אויסקוקן צי עס קומען ניט אָן דייטשן, אָדער געסטאַפּאָ־אַגענטן, זוכן יידן, אָדער קאָנטראָלערן, וואָס קומען נאָכקוקן צי די מיל מאָלט ניט מער, ווי ס'איז דערלויבט, און צי ס'איז צומאָל ניט פאַראַן צופיל תבואה אָדער מעל אויפן לאַגער. און האָט זי באַמערקט עמעצן, האָט זי גענומען וואָרענען און געלאָפן העלפן פאַרשטעקן אַ טייל פון די זעק, כדי עס זאָל ניט צופיל שטעכן די אויגן פון די גיריקע דייטשן.

דער אַלטער הענדריקעס פלעגט אָפט קוקן אויף איר, קוקן און שעפן נחת, און פילן אַזאַ וואַרעמקייט אונטערן האַרצן.

— די צווייטע בעטסי. האָט ער גערעדט צו זיך. אַזאַ גוטינקע, אַזאַ שיינינקע, די צווייטע בעטסי, כ'זאָל אַזוי לעבן.

שפעט אין אָוונט פלעגט קאָרי איינהאַלטן די פליגלן, אַריינציען די אַקס, אַרום וועלכער זיי דרייען זיך, צודרייען דאָס ראָד פון געשטעל אויפן גאָניק, פענטן די פליגלען אַזוי, אַז קיין שום ווינט אין דער וועלט זאָל ניט קענען זיי באַוועגן. אַ גאַנצע נאַכט האָבן די באַוועגלעכע טיילן פון דער מיל געמוזט רוען. זאַמלען כוחות אויף צומאָרגנס.

צופיל מחינה איז ניט געווען. די דייטשן האָבן כמעט אַלץ צוגענומען פון די פויערים און פון די איינוווינער אין דער געגנט. געגעבן דערפאַר קופּאָנען אויף ברויט, אַזויפיל און אַזויפיל חודשלעך, קוים גענוג צום עסן, אָבער אַפילו דעם דאָזיקן מינימום האָבן די קאָנטראָלירטע בעקערייען אויך ניט געקענט פאַרזאָרגן. ביי אַ טייל פויערים און קלענערע ערד־באַזיצערס האָבן זיי ניט צוגענומען די

גאַנצע תבואה, איבערגעלאָזן זיי צען פּראָצענט פונעם שניט און צוגענומען די ברויט־קופּאָנען. און אַזוי ווי אַלע אַנדערע דערגערונגס־מיטלען זיינען אויך ניט געווען מער בנמצא, די דייטשן האָבן אַלעם צוגערויבט און געשיקט צו זיך אין לאַנד — האָט מען געמוזט זיך אַן „עצה געבן" אויף אַן אַנדערן אופן. האָבן די פּויערים ניט אָפּ־געגעבן די גאַנצע פאַרלאַנגטע תבואה, אויסבאַהאַלטן ביי זיך, אין די קעלערס, אויף די בוידעמס, אונטער דאָפּלטע דילן; און אין געהיים געטראָגן צום אַלטן הענדריקעס אין דער מיל אַריין. זאָל כאָטש זיין גענוג ברויט צו שטילן די נויט!

הענדריקעס האָט געמאָלן אַלץ וואָס זיי האָבן געבראַכט. ער האָט געוווסט, אַז עס איז ניט כשר, אַז ער קען אַריינפאַלן און באַצאָלן דערפאַר זייער טייער. אָבער ער האָט ניט געקענט דערלויבן, אַז צוליב די מעגלעכע סכנה, זאָלן זייגע מיטבאַוווינער אין דער געגנט, די ערלעכע און פרומע האָלענדער מיט זייערע משפּחות, אויסגיין פאַר הונגער. ער האָט געוווסט, אַז ער איז שוין אַלט, וועט לאַנג ניט אָנטרייבן, איז אים שוין ניט געגאַנגען אין זייגע עטלעכע יאָרן, וועלכע בלייבן אים. ער וועט ליידן אין דער תפיסה באהבה, און טאָמער ברויכט מען שטאַרבן דערפאַר, וועט ער שטאַרבן מיט אַ רואיק געווויסן, און מלאכימלעך וועלן אים אַקעגנפליען — די תפילות פון די אָרעמע קינדערלעך, וועלכע ער האָט געהאָלפן אַנ־קאָרמען, פאַר וועלכע ער האָט זיין לעבן איינגעשטעלט.

קאָרי האָט אים געהאָלפן אין דער אַרבעט. זי האָט זיך פאַר־נומען מיט דעם פאַרבאָטענעם טייל פון געמאָלעכץ. זי האָט אַלעם אַזוי פיפיק און קלוג געמאַכט, אַז דער געניטסטער קאָנטראָלער, זאָל ניט קענען כאַפּן זיך אויף דעם שווינדל, אַזוי צו זאָגן. צוואַנציק קערץ טעגלעך איז זיי געווען דערלויבט צו מאָלן און נאָכאַמאָל אַזוי־פיל האָבן ביי זיך אויפן לאַגער. פלעגט זי אַזוי דרייען און קאָמבי־נירן, אַז אַלץ זאָל שטימען מיט די פאָרשריפטן. דאָס וואָס האָט איבערגעשטיגן די נאָרמע פלעגט זי פאַרשטעקן אינעם קעלער פון מיל און ניט אַריינציען אין די ביכער, וואָס זי האָט געמוזט פירן און האַלטן תמיד גרייט פאַר די קאָנטראָלערן.

זיי האָבן געמאָלן, ניט לשם ריווח, נאָר כדי צו העלפן די הונ־געריקע פּויערים. פלעגן קיין געלט אַפילו ניט נעמען פאַר דער

אַרבעט, אָפּלייגנדיק די רעכנונג אויף נאָכן קריג. די פּויערים פּלעגן ברענגען די געאַסרטע תבואה ביינאַכט און די צווייטע נאַכט אָפּ־נעמען. בייטאָג וואָלט עס געקענט זיין אויפפאַלנדיק, ווען מ'זעט צו אָפּט די זעלבע פּנימער.

ביינאַכט איז דאָס טויער פון דער מיל געווען פעסט צוגעשפּאַרט און מ'פלעגט קיינעם ניט אַריינלאָזן, סיידן די, וואָס האָבן געגעבן דעם געהיימען צייכן, געקלאַפּט דריי מאָל מיט דער פלאַך פון דער האַנט אין טויער און דריי מאָל אויסגערופן קאָרים נאָמען: „קאָרי, קאָרי, קאָרי!", מיט אַ בראַבאַנטישן אַקצענט, מיטן טראָפּ אויפן קמץ אַלף. פלעגט קאָרי דאַמאָלס אַרויפלויפן אויפן גאָניק, באַוואָרענען זיך צי עמעץ שפּיאָנירט ניט, און דאַן אַריינלאָזן. צונעמען די תבואה אָדער אַרויסגעבן דאָס מעל, ווען עס איז עמעצן געקומען.

און ווען דאָס טויער האָט זיך געשלאָסן נאָכן לעצטן פּויער, האָבן זיך די לימבורגס צעבאַלעבאַטעוועט צווישן די זעק און רערן אין דער נידער, אויף אַ גאַנצע נאַכט. פרוי לימבורג מיט די קינדער זיינען אַרויס פון קעלער און געגאָסן פון דער רחבות און דער מנוחה פון דער מיל. דאָ האָט מען געקענט אויסציען די ביינער און אָטעמען מיט אַ פולער ברוסט. די לופט דאָ האָט געשמעקט מיט מעל און שטויב און טייגעכץ, אָבער עס האָט זיך ניט געלייגט אַזוי אויף די לונגען ווי די פייכטקייט און שימל פון דער לופט אינעם קעלער. די מאַמע האָט געהאַט איר צוזאַמענגעלייגט בעטל, ווו זי איז געלעגן איבער־נאַכט צוזאַמען מיטן עופהלע. דער טאַטע פלעגט עס פונאַנדערלייגן און שטעלן נעבן איינגאַנג צום קעלער, אַזוי, אַז אין פאַל פון אַן אַלאַרם, אַ געפאַר ביינאַכט, זאָל די מוטער קענען ווי אַמגיכסטן אַריינקריכן מיטן קינד אין באַהעלטעניש אַריין. דאָס צווייטע קינד איז געלעגן אויף אַ הענג־בעטל, געמאַכט פון אַ זאַק, וואָס איז צע־שפּאַנט געוואָרן צווישן צוויי פּאָר פּאַראַלעלע מעל־רערן, און צו־געפעסטיקט מיט שטריק, פאַרבינדן אויף שלייפן, אַז מ'זאָל גיך קענען דאָס בעטל אָפּטשעפּן. דער טאַטע האָט זיך אויסגעבעט אויף זעק, נעבן קינד, אַז ער זאָל גיך קענען אינאיינעם מיטן בעטל אַראָפּ־לויפן אין קעלער, ווען מ'ברויכט. רובין איז געלעגן ווו ער האָט זיך געלייגט, ווו עס האָט זיך אים געגליסט. ער איז געווען יונג און געזונט און געקענט געפונען דעם קעלער אין אַ רגע, אַפילו מיט צו־

געמאַכטע אויגן, פון יעדן טייל פון מיל, אַפילו פון אַ גאָרן.

איידער זיי זיינען איינגעשלאָפן איז קאָרי מיט איר פאָטער געזעסן מיט זיי אין דער מיל, פאַרבראַכט אינאיינעם. דער אַלטער הענדריקעם האָט דערציילט וועגן דער מיל, וועגן זיינע עלטערן, וועגן זיין עלטער־עלטער זיידן, וואָס האָט די מיל מיט זיינע אייגענע הענט אויסגעבויט און געגעבן דעם נאָמען דער משפחה, דעם אַדעליקן נאָמען „וואַנדערמאָלע“, וואָס מיינט: פון דער מיל. דערנאָך האָט ער דערציילט וועגן בעטסי, זיין פרוי, און וועגן איר טראַגישן טויט.

— זי איז גראָד געווען אין די לעצטע חדשים מיטן צווייטן קינד. געהאַט זייער אַ שווערע שוואַנגערשאַפט. קאָפּווייטיק. האַרצקלעמע־ניש. שלייער פאַר די אויגן. אָנפאַלן פון שטיקעניש. דאָקטוירים און דאָס בעט האָבן ווייניק־וואָס געהאָלפן. די איינציקע רפואה פאַר איר איז געווען צו שטיין אויפן גאָניק, שטיין נעבן די פליגלען, צווישן די פליגלען און מויער, און אָטעמען דעם ווינט, וואָס שלאָגט פון די פליגלען, דעם פעסטן, געזונטן ווינט, וואָס דרינגט אַריין אין אַלע אברים און פאַרטרייבט די שטיקעניש. און, איינמאָל, איינמאָל... יאָ—אָ—אָ, נעבעך. איינמאָל האָט זיך איר אַ דריי געטון אין קאָפּ, אַ שווינדל געטון, אַ וואַקל געטון זיך, און — אַרונטערגעקריגן זיך אונטער די פליגלען... און, קאָרי — אַ קינד געווען נאָך דאַמאָלס — איז געשטאַנען דערביי, אַלץ געזען... מיט די אייגענע אויגן געזען...

ער האָט דערציילט תמיד דאָס זעלבע, מיט די זעלבע פּרטים, מיט דער זעלבער וויינענדיקער שטימע, ווי צו זיך אַליין, ווי פאַר זיך אַליין. עס איז אים ניט אָנגעגאַנגען צי עמיץ הערט, צי עמעץ איז שוין מיד פון זיינע געשיכטעס, צי עמעצן אַרט שוין זיין איבערהזרן זיך נאַכט־איין, נאַכט־אויס.

סאַמועל לימבורג, דער טאַטע, הערט זיך צו און הערט זיך ניט צו. די טראַגעדיע מיט דער פרוי פון אַלטן מילנער האָט אים זייער גערירט, ווען ער האָט זי צום ערשטן מאָל געהערט. ער האָט זיך מיט איר אַזוי שטאַרק איבערגענומען דאַמאָלס, ווי מיט דער שרעק־לעכער ידיעה וועגן די פאַרשיקונג פון זיין זון מיט אַ יאָר צוריק, פון זיין עלטסטן זון, וועלכן די געסטאַפּאָ האָט פאַרשיקט אין אַ טויטן־לאַגער. אָבער איצט האָט ער מער געטראַכט וועגן גורל פון זיין זון דאָרט, אין די נעגל פון רוצחים. ווי דערהויבן עס קלינגט

דער טויט פון דער מילנערקע — האָט ער געטראַכט — אין פאַרגלייך מיטן הויזשן אָפּטויטן מענטשן דאָרט, אין אַ לאַגער. און אַזוי טראַכטנדיק איז ער איינגעשלאָפן און געזען אין חלום ווי די מעדיער דאָרט, ערגעץ אין לאַגער, רייסן אָפּ לעבעדיקע גלידער פונעם לייב און לייגן זיי אין אַ גרויסער מיל אַריין, און גרויסע מיל־שטיינער מאָלן די אברים, צעמאָלן אויף מעל, און פון דעם מעל מאַכן ריזיקע, מחבלדיקע בעקער — טייג, רוקן דאָס טייג אין אַ ריזיקן באַק־אויוון און פון דאָרט קומט אַרויס אַ פרישער מענטש, דער זעלבער מענטש, וואָס מ׳האָט פריער צעשטיקלט און צעמאָלן. און ווידער צעשטיקלט מען אים, און ווידער צעמאָלט מען אים, און ווידער באַקט מען אים, און ווידער קומט ער אַרויס גרייט פאַר אַ נייעם גילגול, ווי פריער. אַזוי די גאַנצע צייט, יעדע רגע, יעדע מינוט, יעדע שעה...

פרוי לימבורג הערט זיך צו צו הענדריקעס דערציילונג און וויל אַלעם אויפכאַפּן, וויל פאַרגעסן, אַז זי האָט עס שוין אַזויפיל מאָל געהערט, כדי ניט צו הערן די שטימע פון די טרויעריקע געדאַנקען, וואָס שטופּן זיך צום וואָרט און פאַרלאַנגען געטראַכט צו ווערן. אָבער די געדאַנקען קריכן אַריין צווישן הענדריקעס רייד, מישן זיך צונויף, אַז ס׳איז שווער צו וויסן וואָס איז וואָס. וואָס איז טראַכטעניש און וואָס איז ניט טראַכטעניש. אָט זעט זי די קראַנקע מילנערקע. אָט זעט זי איר זון, וועלכן מ׳פייניקט. אָט זעט זי די אָרעמע בעטסי צווישן די פליגלען. אָט זעט זי, איר זון צווישן די תלינים... און דאַן זעט זי, אַז זי האָט גאָר געהאַט אַ טעות, אַז זי זעט שלעכט, זייער שלעכט... דאָס איז ניט די מילנערקע דאָרט, צווישן מויער און פליגלען, אויפן גאָניק; ניין, ניט די מילנערקע, נאָר ער, ער, איר זון... און אים האָט עס אַ שווינדל געטון פאַר די אויגן, אים, ניט איר... ס׳איז אַ טעות, אַ טעות!... אים האָט עס אַ פליגל אַ הויב געטון, אַראָפּגעשליידערט פון גאָניק. אים, איר זון, הורראַ, הורראַ—אַ—אַ!...

קאָרי האָט ניט צוגעהאָרכט זיך צום פאָטער און ניט צו די אויסרופן, וואָס פרוי לימבורג האָט געלאָזט פאַלן בשעתן שלאָף. זי איז געווען באַשעפטיקט מיט דעם עלטערן מיידעלע. זי האָט זייער ליב קינדער זי וואָלט זיי די נשמה אַוועקגעגעבן. זי שפּילט זיך תמיד מיט די צוויי קינדערלעך, ברענגט מילך פון די פּויערים, ברענגט זיי

צוקערלעך און שפּילעכלעך. זי ווינט אונטער ראָשיען, וועלכע האָט זייער ליב געוויגט צו ווערן. זי וועט פריער ניט איינשלאָפן ביז קאָרי וועט זי ניט גוט איינוויגן. ראָשיע האָט זייער ליב קאָרין. און כּדי זי זאָל שטיין לענגער איבער איר און שאָקלען דאָס הענג-בעטל, באַמיט זיך ראָשיע ניט איינצושלאָפן גיך. קאָרי שטייט אַריבערגעבויגן איבער איר קעפּל און זינגט איר אַלטע, בראַבאַנטישע וויגלידלעך, וועגן אַ פישער, וועגן אַ ווינט-מיל, וועגן די וואַסערן און טייכן און די ווונדערלעכע סירענעס. ראָשיע האָט ליב די מעלאָדיעס און דעם קלאַנג פון די ווערטער, און די באַדייטונג פון באַזונדערע ווערטער. זי זעט דאָס שיפל, וואָס שיפט זיך אויף שטורעמדיקן וואַסער. זי פילט דעם ווינט, וואָס בלאָזט צווישן די מיל-פליגלען. זי הערט דעם רויש פון די כוואַליעס אינעם טייך און דאָס געלעכטער און פאַרכישופטע געזאַנג פון די וואַסער-מיידלעך, האַלב-מענטש, האַלב-פיש. זי זעט און הערט דאָס אַלץ אַפילו, ווען קאָרי איז שוין פון לאַנג ניט נעבן איר, און דאָס וויגן האָט פון לאַנג שוין אויפגעהערט.

רובין האָרכט זיך ניט איין אין אַלטן הענדריקעס רייד. ער זיצט אין אַ זייט און קוקט אויף קאָרין. נעמט קיין אויג פון איר ניט אַראָפּ. ביים ליכט פון דעם קאַרגן נאַפט-לעמפּל זעט זי אויס ווי אַ הייליקע פון די בילדלעך, וואָס ער פלעגט זען אויף די ווענט פון זיינע קריסטלעכע שכנים. ער זיצט פונדערווייטנס און וואַגט ניט צוצוגיין נענטער צו איר, ווי מ׳וואַגט ניט צו נאָנט צוצוגיין צו אַ הייליקייט. אַזאַ וואַרעמקייט צעגייט זיך אין זיינע אברים, ווען ער קוקט אויף איר, און אַזאַ שווערקייט פולט אָן זיינע פיס, אַז ער קען זיך ניט באַוועגן. ערשט שפּעטער, ווען טאַטע-מאַמע שלאָפן און הענדריקעס גייט אַהיים צו זיך, באַקומט ער וואַגעניש און דערנענטערט זיך צו די מעל-רערן, ווו ראָשיע ליגט, ווו קאָרי שטייט און וויגט, שלעפערט איין דאָס קינד זינגענדיק. ער ציט אויס אַ ציטערדיקע האַנט און העלפט קאָרין שאָקלען דעם הענג-זאַק, העלפט איר זינגען, אונטערברומענדיק מיט אַ צוגעמאַכט מויל. ער איז צופרידן, וואָס זי דערלויבט אים צוצורירן זיך צום געוואַנט, אויף וועלכן דאָס קינד ליגט, און צו פילן דעם ציטער, וואָס קומט פון איר הענט און פון אירע ברוסטן, מיט וועלכע זי רירט זיך צו צום געלעגער און טיילמאָל פאַרטשעפּן

זיי זיך און וויגן זיך מיט, ווי די ברוסטן אירע וואָלטן זיך וועלן צולייגן, איבערגעכטיקן זיך אינאייגעם מיט זיין שוועסטערל אינעם העננ־בעטל. ער פילט דעם כישופדיקן שטראָם, וואָס צעגייט זיך פון איר דורכן געוואַנט און פליסט אין זיין האַרץ אַריין, אין אַלע זיינע חושים אַריין. ער קוקט אויף איר, אויף אירע אויגן, וועלכע דריִען זיך אַמאָל אוים צו אים מיט ליבע און מוסר. ער קוקט און וואַרט. ער וואַרט אויף דעם גרויסן געשעעניש, ווען דאָס קינד וועט איינ־שלאָפן און זי וועט אים שענקען אַ קוש, איידער זי גייט אַוועק, אויף אַ „זיי געזונט". זי קושט אים געוויינטלעך אין קאָפּ, אָדער שטערן, אָדער אין די באַקן, ווי אַן עלטערע שוועסטער, אָדער ווייטע קרובה. ער וואָלט אַזוי וועלן, אַז זי זאָל אים אַ קוש טון אין מויל, אין די ליפּן, ווי עס טוען עס פאַרליבטע. אָבער ער וואַגט ניט צו בעטן ביי איר, צו פאַרלאַנגען פון איר, סיידן אין שלאָף, סיידן אין חלים.

4.

אַזוי זיינען געפלאָסן די מעת לעתן, מעת לעת נאָך מעת לעת, חדשימלאַנג, אין מיל און אַרום מיל, און זיבער וואָלטן זיך די לימ־בורגס און די וואַנדערמאָלעם דערוואַרט, אָט אַזוי לעבנדיק, דעם ערשטן מעת לעת פון שלום — ווען ניט אַ קלייניקייט. ווען ניט אַזאַ פּשוטע זאַך, ווי די ענדערונג אויף דעם פּאָסטן פון הויפּט־שפּייז קאָנטראָלער פאַר דער געגנט. ווען עס קומט ניט אַ נייער קאָנטראָלער.

געקומען איז ער אומגעריכט, אַ מאָנטיק אָוונט, מיט עטלעכע געהילפן אין מיל אַריין און גענומען אַלעם בודק זיין, בישטערן און זוכן, ווי ער וואָלט געזוכט גאָלד, אָדער ווער ווייס וואָס. זיי האָבן גע־וויגן דאָס קאָרן און דאָס מעל, אַרויסגעשלעפּט פון די מעל־קוישן און געוויגן אַלעם ביז צו אַ לויט. דער קאָנטראָלער אַליין איז געשטאַנען און פאַרשריבן גענוי יעדע ציפער, וואָס די ווענער פלעגן אים צוואַרפן: קאָרן באַזונדער, מעל — באַזונדער, שטויב — באַ־זונדער. פאַרשריבן די נעמען פון די, וואָס האָבן קאָרן צום מאָלן געבראַכט און די, וואָס האָבן אָפּצונעמען מעל. דערנאָך האָט ער אַוועקגעשיקט די געהילפן און געוואָנדן זיך צו קאָרין, וועלכע האָט געהאָלפן אין דער אַרבעט:

— נו, און ביכער פירט איר, האַ?

— זיכער, זיכער פירט מען, האָט דער אַלטער הענדריקעס געענטפערט ציטערדיק.

— ערלעך? ערלעכע ביכער, שייניניקע מאַדמואַזעל? האָט ער אַ קוק געטאָן אויף איר פון אויבן אַראָפּ און מיט חשד. און דערנאָך גענומען שמייכלען צווייִדייטיק, מיט אַן אָנצוהערעניש.

— זייער ערלעך, האָט קאָרי קורץ געענטפערט און דערלאַנגט די ביכער.

— קוקט מיר אין די אויגן אַריין, קוקט מיר גראָד אין די אויגן אַריין, האָט ער באַפוילן און אונטערגעהויבן איר גאָמבע מיטן גראָבן פינגער, צוגעבנדיק באַפעלעריש — און ווינקט ניט מיט די אויגן, אויב ערלעך, מאַדמואַזעל, מאַדמואַזעל. . . יאָ, ווי רופט מען אייך, מאַדמואַזעל?

— וואַנדערמאָלע.

— אַזוי ווי דער טאַטע?

— גאָר ווי דען?

— אַ מיידל הייסט עס, האַ?

— יאָ. אָבער וואָס האָט עס צו טון מיט דער קאָנטראָל, וואָס פאַר אַ געמיינזאַמעס?

— עס האָט צו טון, האָט ער גענומען לאַכן. אפשר ניט מיט דער קאָנטראָל, אָבער עס קען האָבן צו טון מיטן קאָנטראָלער . . . עס קען זיין דער פאַל גראָד, אַז דער וואָס פירט דורך די קאָנטראָל, איז אויך ניט פאַרהייראַט . . .

קאָרי האָט געקוקט אויף אים מיט גרויסע אויגן און געהערט זיינע רייד און זיין איראָניש געלעכטער מיט גרויסע אויערן און ניט רעכט תופס געווען אין וואָס עס גייט. עס האָט זי בכלל געוווּנדערט פונוואַנען דער דאָזיקער נייער קאָנטראָלער רעדט אַזאַ פיינעם פלע-מיש, מיט אַן אויסלענדישן אַקצענט, אָבער כמעט אָן גרייזן, און פאַרוואָס ער איז פּלוצים איבערגעגאַנגען צו אַ פּריוואַטן ענין, און באַלד, ביי זיין ערשטן באַזוך.

ער האָט באַמערקט איר גלייכגילטיקייט צו זיינע באַמערקונגען און איר פאַרלוירנקייט, האָט ער גענומען בלעטערן די זייטן פון די ביכער. ער האָט געביסן די ליפּן, געשטראָכן מיט בליי, געמאַכט

פאַרצייכנונגען, פאַרטראַכט זיך. דערנאָך האָט ער פאַרמאַכט דאָס לעצטע בוך, גענומען אונטערן אָרעם, און דערלאַנגט די האַנט, פאַר־שטעלנדיק זיך.

— מיין נאָמען היינץ יענקינס,

און איבערחזרט:

— היינץ יענקינס.

ער האָט געהאַלטן איר האַנט אין זיינער, פעסט געדרוקט און געוואַרט צו הערן איר נאָמען.

זי האָט ניט געזאָגט. געמאַכט זיך ניט פאַרשטיין.

— און ווי רופט מען אייך, יעפראַו וואַנדערמאָלע? האָט ער צום סוף געפרעגט. זי האָט געקוקט אויף אים און געשוויגן.

— קאָרי! האָט איר פאָטער פאַר איר געענטפערט. קאָרי.

— איך האָב דאָך אייך ניט געפרעגט! האָט ער אַ שריי געטון אויפן אַלטן. איך האָב דאָך געפרעגט אייער טאָכטער.

— זי איז טיילמאָל איינגעשפאַרט, האָט דער פאָטער זי פאַר־טיידיקט. זי איז נאָך אַ קינד, זייט איר מוחל.

— זיי געזונט קינד! האָט ער אַרויסגעלאָזט איר האַנט אַוועק־גייענדיק. שוין צייט זאָלסט אונטערוואַקסן . . .

— הוטן טאָה מיניער! האָט ער דערלאַנגט די האַנט דעם מיל־נער.

— הוטן טאָה וועלעדעלגעסטרענגע הער, האָט דער אַלטער אים געענטפערט, אָפּגעבנדיק אים דעם געהעריקן כבוד.

און קאָרי האָט געשוויגן. דערנאָך האָט זי זיך דערמאָנט, אַז ער האָט מיטגענומען די ביכער אירע, איז זי אַרויסגעלאָפן אויפן גאָניק און גענומען נאָכשרייען.

— די ביכער! איר האָט דורך אַ טעות מיטגענומען די ביכער, די ביכער?!

— ניט אַ טעות! האָט ער צוריקגעשריגן אויפן גאָניק אַרויף. דאָס איז אַלעס שווינדל, וואָס איר האָט אין די ביכער איר וועט דערפאַר טייער באַצאָלן, מוזן זייער טייער באַצאָלן דערפאַר, קליינע שווינדלערין! . . .

ער האָט זיך אויסגעדרייט, אַרויפגעקוקט צו איר, אויסגעצויגן אַ דראָענדיקן פינגער און גיך אַוועקגעגאַנגען.

.5

צומאַרגנס, אַוונטצייט, איז דער נייער קאָנטראָלער ווידער גע־קומען, דאָסמאָל אַליין, אָן געהילפֿן און אין ציווילע מלבושים. קאָרי איז געבליבן שטיין אויפֿן גאָניק, אָנגעשפּאַרט זיך אויפֿן אָנלען, גע־קוקט אויפֿן וואַסער, וואָס פֿאַרגיסט די גאַנצע געגנט אַרום, געקוקט אויפֿן פֿאַרוואָלקנטן הימל און ניט געוואָלט טראַכטן וועגן דער וויזיט. דער קאָנטראָלער האָט זי אָבער באַמערקט אויפֿן גאָניק און געקומען זי באַגריסן:

— גוטן אָוונט, קאָרי.

— גוטן אָוונט, הער אויבער־קאָנטראָלער, האָט זי טרוקן אָפּ־געגרוסט.

— היינץ יענקינס, היים איך, היינץ, האָט ער דערמאָנט מיט אַ כיוון. און, אפשר געפֿעלט אייך מיין נאָמען ניט, האַ?

זי האָט געשוויגן. אָפּגעדרייט דעם קאָפּ.

— געפֿעלט אייך מיין נאָמען ניט? האָט ער איבערגעפֿרעגט. יענקינס, אַ ריין האָלענדישער נאָמען דאָך...

זי האָט זיך צעלאַכט:

— איר זייט דאָך אַ דייטש.

— מיין טאַטע שטאַמט פֿון האָלאַנד, פֿון בראַבאַנט. נו, און דעריבער רייד איך דאָך אייער שפּראַך.

הערנדיק די ווערטער האָט זי זיך אויסגעדרייט צו אים מיטן רוקן און גענומען לאַנגזאַם אַוועקשפּרייזן. ער האָט זי איינגעהאַלטן ביים אָרעם און געפֿרעגט:

— ברוגז?

— יאָ, ברוגז! האָט זי קורץ געענטפֿערט און אַרויסגעריסן דעם אָרעם.

— איך בין דאָך כמעט איינער פֿון אייך, כמעט אַ האָלענדער, האָט ער אָנגעהאַלטן.

— דעריבער האַס איך אייך נאָכמער, האָט זי זיך געברוגזט.

ער האָט געקוקט אויף איר און באַוווּנדערט איר דרייסטקייט. איר ענטפֿער האָט אים געטראָפֿן ווי אַ שטיין אין פּנים. ער האָט געזוכט דאָס פּאַסיקע וואָרט און אָנגערופֿן זיך:

— ווען איך בין קאַרי און האָב קענן זיך אַזאַ בײטש ווי די געפעלשטע ביכער... וואָלט איך ניט אַזוי פאַרריסן די נאָז...

— איך האָב אַ רואיק געוויסן. די ביכער זײַנען אין אָרדנונג, האָט זי אַנטשלאָסן געזאָגט.

— איך האָב נאָכגעקוקט בײַ די פויערים, נאָכגעפרעגט, און ס'וויַזט זיך אַרויס, אַז זייערע ציפערן שטימען ניט מיט די ציפערן, וועלכע זײַנען אָנגעגעבן אין די ביכער, האָט ער איר געמאַכט פאַר־וואורפן.

— דאָס איז ניט אמת, האָט זי אַ געשריי געטון. דאָס איז אַ בלבול!

— אַ בלבול!? אַז מ'ברויכט באַנוצט מען זיך מיט אַ בלבול אויך, האָט ער אונטערגעשטראָכן איראָניש יעדעס וואָרט. אַ בלבול איז אויך איינע פון די דײַטשע מעכטיקע וואָפן.

— דײַטשע?! און איר האָט ערשט געזאָגט, אַז איר זײַט אַ האָלענדער... איר זײַט אומפאַרשעמט, הער אויבער־קאָנטראָלער, האָט זי זיך געבײַזערט.

זי האָט אים געלאָזט שטיין און גענומען גיין צום טירל, וואָס פירט אין מיל אַריין. ער האָט זי אָנגעכאַפּט פעסט בײַם אָרעם און ניט געלאָזט אַראָפּגיין.

— איר זײַט ברוטאַל! האָט זי געשריגן. ברוטאַל, אוממענטשלעך.

— דאָס זײַט איר ברוטאַל צו מיר, האָט ער איר פאָרגעוואָרפן. איר זײַט אוממענטשלעך...

עס האָט גענומען ווערן גוט טונקל. די שפּעט־אָווגטיקע ווינטן האָבן געוויִעט איבערן גאָניק און פאַרטריבן די רעשטלעך פון טאָג. די פליגלען האָבן גענומען זיך דרייען גיך, ווי מיט די לעצטע כוחות, וויסנדיק, אַז עס דערנענטערט זיך באַלד פאַר זיי די צײַט פון רו, פון שלאָף. זיי האָבן שוין געפילט, אַז אָט־אָט וועט דער אַלטער מילנער נעמען רופן זײַן טאָכטער, זי זאָל זיי טון זייער רעכט.

און באַלד האָט זיך טאַקע דערהערט דעם אַלטן הענדריקעס הייזעריק געשריי:

— קאַרי, קאַרי, קאַרי!

קאַרי האָט אָפּגעשטויסן דעם קאָנטראָלער און גענומען לויפן צום געשטעל, כדי אײַנצוהאַלטן די פליגלען. ער איז איר נאָכ־

געגאַנגגען ווי אַ שאָטן, ניט אָפּגעלאָזן אויף אַ טריט. דער טאַטע איז אויך אַרויפגעקומען און געהאָלפן איר צודרייען דאָס שווערע ראָד. דער קאָנטראָלער איז אַ ווייל געשטאַנען, צוגעקוקט זיך צו זייער אַרבעט, צו זייערע בייזע בליקן, דערנאָך האָט ער זיך צוגעשאַרט צום ראָד, אָפּגערוקט קאָרין און אַליין גענומען דרייען. קאָרי האָט זיך געווערט.

— דאָס איז ניט קיין אַרבעט פאַר אַ פרוי, האָט ער געטענהט. לאָזט מיר צו.

— זיי העפלעך, קאָרי, האָט דער טאַטע זי געבעטן. לאָז צו, טייערינקע.

דערנאָך האָט ער געהאָלפן באַפעסטיקן די פליגלען און לויזמאַכן די מיל־שטיינער. דערנאָך האָט ער געהאָלפן קאָרין אַראָפּקריכן פון דעם לייטערל און פון די טרעפּ, דערלאַנגענדיק איר אַ האַנט אָדער אָרעם. זיין העפלעכקייט און איר פאַטערס צורײדעניש, דיקטירט דורך פּחד און גוטסקייט, האָבן זי אַנטוואָפנט.

.6

זייט יענעם אָוונט האָט זיך דער קאָנטראָלער ניט אַריינגעמישט מער אין די געשעפטן פון די וואַנדערמאָלעס אין דער מיל. געגעבן זיי פרייע הענט און צוגערעדט צו מאָלן וויפל עס גליסט זיך נאָר זיי און לאַגערן וויפל זיי ווילן. דאָס איינציקע, וואָס האָט אים אינטערעסירט אין דער מיל, איז געווען — קאָרי. קאָרי האָט עס אויסגענוצט, כדי צו קענען העלפן די אָרעמע מענטשן. ער האָט איר אַפילו צוגעזאָגט צו שיצן איר, אין פאַל ווען עס געשעט איר אַן עוולה מצד אַנדערע פאָרשטייער פון דער אָקופּאַציע־מאַכט. ער האָט זיך געדרייט אַרום איר און געמאַכט וואָסאַמאָל נייערע פּאָרשלאַגן און צוזאָגן.

זי האָט אים קיין שום צוזאָגן ניט געמאַכט, כאָטש זי האָט זיך באַמיט אים אינגאַנצן ניט אָפּצושטויסן פון זיך, און טיילמאָל געמוזט אים דערלויבן אויף עפּעס, וואָס האָט זי ניט אַנגאַזשירט און אים געגעבן האָפענונג אויף שפּעטער... ער איז געווען ניט קיין מיאוסער, געהאַט אפשר צוויימאָל אירע יאָרן, און אויסגעזען גאָר־

ניט ווי אַ טיפּישער דייטש. ווען זי פלעגט קוקן אויף אים, פלעגט זיך איר תמיד דאַכטן, אַז דאָס איז ניט ער, דער דייטשער באַ־אַמטער, נאָר עמעץ גאָר אַן אַנדערער, אַ מענטש וואָס איז דער קוואַל פון דער גאַנצער ענדערונג, וועלכע איז, זייט עטלעכע טעג, פאָרגעקומען אין דער געגנט. קוקנדיק אויף אים האָט זי געזען די קינדער אין דאָרף, וואָס באַקומען אַ לייטיש שטיקל ברויט אויף פרישטיק, און די פישער, וואָס קענען עסן ברויט מיט אַ פולן מויל און האָבן כוח צו פישן. אין זיין פּנים האָבן זיך געשפּיגלט די אַלע אויפגעלעבטע פּנימער פון די הונגעריקע פּויערים און אַרבעטער, וואָס פלעגן אויסגיין, ביז איצט, נאָך אַ רעפטל ברויט. ווען ער פלעגט זי אַרומנעמען, פלעגט זי פאַרמאַכן די אויגן, און זען די צעשמייכלטע פּנימער פון די יידישע קינדערלעך, וואָס זיינען אַרויס פון קעלער, און שפּילן זיך, זייט עטלעכע טעג, אַרום דער מיל, און די מאַמע זייערע פּאָרעט זיך אַרום זיי. ווי גליקלעך האָט זי זיך געפילט צוליבן בליק פון די דאָזיקע קינדער און פון דער גליקלעכער מאַמען!.. איר פּנים האָט געשיינט, איר לייב איז אַדורך אַ ציטער פון פרייד און טיפער, אינערלעכער צופרידנקייט. צו קענען געבן אַביסל גליק די געפּלאָגטע מענטשן, און לינדערן זייער נויט, כאָטש צייטווייליק...

זי האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז דאָס איז נאָר צייטווייליק. אַז לאַנג וועט עס ניט קענען דויערן. זי האָט געפילט, אַז עס מוז קומען אַ צייט, ווען זי וועט מוזן איבעררייסן דאָס געפערלעכע שפּיל, ווען די גרענעץ פון איר נאָכגיביקייט וועט זיין דערגרייכט... און אירע צווייטראַנגיקע געשלעכטס־טיילן, וועלן מער ניט קענען זעטיקן די פאַרלאַנגען פון דעם קאָנטראָלער... זי האָט געוווּסט, אַז עס וואַרט זי נאָך אַ שווערער נסיון, גאָר אַ שווערער!...

צו מזל איז עס צו דעם ניט געקומען. גאָר אומדערוואַרט פאַר איר, און פאַר איר טאַטן, וועלכער האָט גאַנץ ווייניק געוווּסט וועגן די באַציאונגען צווישן קאָרי און דעם דייטש — אומגעריכט האָבן זיך אַלע אירע חלומות אויסגעלאָזן און אירע אַלע גוטע כוונות האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלס פאַרפירערישע און פאַררעטערישע.

די גאַנצע געגנט אַרום האָט טאַקע אויפגעלעבט, אָבער איינ־צייטיק איז די סיבה פון דער ענדערונג געווען אויף די ליפּן פון

יעדן איינעם. בייזע צינגער האָבן גערעדט אסור לדבר, פאַרשפּרייט רכילות, און באַדויערט דעם אַלטן הענדריקעס, און ניט אויפגעהערט זיך חידושן, וואָס עס איז געוואָרן מיט דער גוטהאַרציקער קאָרי. איבערצייגטע, פאַנאַטישע פּאַטריאָטן צווישן די פּויערים האָבן בכלל אויפגעהערט צו ברענגען תבואה צו הענדריקעסן, געוואָלט בעסער אויסגיין פון הונגער, איידער געניסן פרוכט פון אַ פאַררעטערישע ליבע... זיי פלעגן דעם מילנער מער ניט באַגריסן אין גאַס, אויס־מיידן אים אין קירכע, באָיקאָטירן אים.

ווען עס זיינען אים דערגאַנגען די אויסטערלישע שמועות, איז ער שיעור ניט געשטאָרבן אויס צער און ווייטיק. די ערשטע ידיעה האָט אים געבראַכט דער ייד, סאַמועל און די צווייטע דער גלח פונעם נאָנטסטן שטעטל. ער האָט ניט געוואָלט גלויבן, אַז זיין טאָכטער פאַרדינט דעם חשד, אַז זיין קאָרי פירט אַ ליבע מיט אַ דייטש. ער האָט אויף אַ רגע ניט צוגעלאָזט צו זיך דעם געדאַנק. אים האָט עס אויך געפּריים, אַז די באַקאַנטשאַפט פון קאָרי מיטן דייטש האָט דערפירט דערצו, אַז די גאַנצע געגנט אַרום האָט אויפ־געלעבט; ער איז גרייט צו ברענגען קרבנות, כדי צו קענען העלפן מענטשן. אָבער אַזאַ קרבן, אַזאַ קרבן?... זיין טאָכטער אויף די ליפּן פון אַלעמען, זיין קאָרי?! זיין אויג אין קאָפּ... געוואַלד, ער וועט די שאַנדע ניט איבערהאַלטן!...

ער האָט זיך געשטאַרקט, באַמיט זיך צו באַהערשן, ניט צו־זאַמענצוברעכן.

— קאָרי — האָט ער זיך געוואָגדן צו איר, ווי נאָך דער ערשטער רושם איז אַדורך — קינד מיינס, מיין איינציקע, מיין אַלץ־אין־דער־וועלט... קאָרי, איך שרעק זיך פאַר דיר, איך שעם זיך, איך שעם זיך פאַר דיר...

זי האָט אים אַרומגענומען, געקושט זיינע באַוואַקסענע באַקן, זיינע באַמעלטע, גרויע האָר, זיינע קלעפּיקע אויגן, זיינע אויסגעפּראַ־צעוועטע הענט.

— האָסט ניט קיין צוטרוי צו דיין קאָרין, האַ? האָט זי געפרעגט מיט אַ חנדל.

— מיין האַרץ האָט מיך קיינמאָל ניט גענאַרט, מיין קינד, האָט ער שטיל געעדט, ווי בשעת תפילה־טון. כ'האָב מורא... ער איז

אַ דייטש, אַ שונא...

— ער זאָגט, אַז זיין טאַטע איז אַ האָלענדער, שטאַמט פון אונדזערע מקומות, האָט זי שטיל אַריינגערעדט אין זיינע אויערן.

— גלויב ניט, קינד, גלויב ניט, וואָס ער דערציילט דאָרטן.

— קלינגט דען זיין נאָמען ניט האָלענדיש, טאַטע? פאַראַן אַ סך יענקינס דאָך אין בראַבאַנט.

— גלויב אים ניט, קינד. ער גענאַרט דיך. זיי זיינען אַ פאַר־שאָלטענע גזע. זיי זיינען ווילדע באַשעפענישן. זיי זיינען ניט קיין מענטשן.

קאָרי האָט אויפגעהערט קושן און האַלדזן איר טאַטן און צו־געהאָרכט זיך צו זיינע רייד.

— זיי זיינען די שונאים פון אונדזער פאָלק. די שונאים פון דער מענטשהייט. קיינמאָל וועט אַ וואַנדערמאָלע ניט קענען קוקן זיינע מיטבירגער גראָד אין די אויגן אַריין, ווען, חלילה, חלילה...

זי האָט אים ווידער אַרומגענומען פעסט און ניט געלאָזט דער־ענדיקן דעם זאַץ. טרערן האָבן זיך איר געשטעלט אין די אויגן און גענומען באַגיסן איר פנים און איר טאַטנס. זיי האָבן ביידע אַ לאַנגע צייט געשוויגן. קאָרי האָט זיך באַמיט צו באַהערשן און מיט אַ געמאַכט חנדל זיך אָנגערופן.

— אייגנטלעך, טאַטע, ווייס איך ניט נאָכוואָס דאָס גאַנצע גערייד. איך וועל אים אַרויס ניט מער ווי אַביסל פריינטשאַפט, טו אים ניט אָפּשטויסן, ניט מער.

— דאָס איז גענוג. מענטשן ריידן.

— דאָס איז דאָך פאַר זיי, פאַר די מענטשן; פאַר זיי טו איך עס דאָך!

— אַז מענטשן ריידן, וואָס ברויכט מען מער? זיי ווילן ניט קיין טובה פאַר אַזאַ פרייז.

— איך פאַרברענג דאָך נאָר מיט אים אויף דעם באַלקאָן אויבן, און שפּאַציר אויפן גאָניק אַרום דער מיל, אין דער הויף, און אַלע קענען זען, וואָס איך טו. איך זע זיך נאָר מיט אים ווען ס'איז ליכטיק, און נאָר אויבן, אַז מענטשן זאָלן ניט קענען חושד זיין...

— מענטשן ווילן ניט גריבלען זיך, ווילן ניט פאַרשטיין, טאָכ־טער מיינע. די לימבורגס טראָגן זיך אַרום מיטן געדאַנק, אונדז צו

פאַרלאָזן. זיי האָבן ניט קיין צוטרוי. זיי זיינען יידן. זיי קענען די דייטשן. זיי האָבן געבעטן אין אַ שיפֿל, זיי ווילן אַריבער די מאַאַס ביינאַכט, ווילן זוכן אַ ניי באַהעלטעניש אויף יענער זייט, ביי אַנדערע מענטשן.

— און איך האָב געהאַט זייער טובה אין זינען, זייער טובה; גלויב מיר מאַמע... האָט זי גענומען ווידער וויינען.

— און אַז איך גלויב דיר, איז וואָס? איך ווייס, אַז דו ביסט אַ גוטע, אַ גוטינקע, ווי די מאַמע עליה השלום, ווי די מאַמע דיינע, די מאַמע... אָבער, קינד מיינס... צי וואָלט די מאַמע, ווען זי לעבט היינט, ווען איר לויטערע נשמה וואָלט ניט אַרויסגעפֿלויגן פֿון איר אויף די פֿליגלען פֿון דער מיל... ווען זי לעבט, די מאַמע... צי וואָלט זי, צי וואָלט זי, די מאַמע, אויך אַזוי געטון, ווי דו?... צי וואָלט זי?... די מאַמע, די גוטינקע מאַמע...

קאָרי האָט זיך שטאַרק צעוויינט. זינט דעם טויט פֿון איר מוטער האָט זי נאָך קיינמאָל אַזוי ניט געוויינט.

7.

ביי זיין גאָנטסטער וויזיט האָט דער קאָנטראָלער באַמערקט אַ גרויסע ענדערונג אין דער באַציאונג פֿון קאָרין צו אים.

— תמיד די זעלבע, צוריקגעהאַלטענע, אומשולדיקע קאָרי, האַ? האָט ער געפֿרעגט מיט אַ שמייכל.

זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— תמיד די זעלבע, שטאָלצע, איינגעקעקשנטע קאָרי, האַ?

זי האָט געשאָקלט אויף ניין.

— תמיד די זעלבע, קאַפּריזנע, קינדישע קאָרי, האַ?

זי האָט געשוויגן.

געווען אַ הערלעכער בין־השמשות. דאָס אויבערשטע רעפֿטל פֿון דעם זון־לאַבן האָט געהוידעט זיך אויפֿן וואַסער, ווי אַ שיפֿל, וואָס האַלט ביים אונטערגיין. דאָס וואַסער, וואָס האָט זיך צעלייגט אין דער גאַנצער געגנט, האָט געגרייכט מיט זיינע זייטען ביז צום אָרט, וווּ די זון האָט זיך פֿאַרגלוסט אָפּצוריכטן שקיעה. שטיקער שטראַלן האָבן אַרויסגעשטעקט פֿונעם זון־רעפֿטל, ווי נאָדלען פֿון אַ

צונטן נאָדל־קישעלע, און געטובלט זיך אין וואַסער. און באַלד צוריק אַרויסגעטויכט, אַז עס איז טיילמאָל שווער געווען צו וויסן צו ווען די דאָזיקע שטראַלן־רעשטלעך געהערן זיך מער אָן, צום וואַסער, אָדער צו דעם זון־שיפל, וואָס זינקט זיך, וואָס וועט באַלד אַראָפּ צום אָפּגרונט, ווערן אויס שיפל. עטלעכע מיוחסדיקע שטראַלן — דאָס אויבערשטע פון רעפטל — האָבן געגרייכט מיט זייערע אָפּ־געהאַקטע שפּיצן ביז צום שאָטן פון די מיל־פליגלען אינעם וואַסער. דער שטאַרקער, סוף־טאָגיקער ווינט האָט געבויט בערגער און טאָלן אויפן וואַסער און אויסגעמישט זיי מיט שקיעה, מיטן פאַרשקיעהטן הימל, מיט בין־השמשות, מיט האַלהז־און־נאַקן־ברעכנדיקן שאָטן פון מיל־פליגלען.

קאָרין האָט זיך געדאַכט, אַז זי האָט נאָך אַזאַ שקיעה קיינמאָל אין לעבן ניט געזען. עס האָט ביי איר אַרויסגערופן אַן אָפּקלאַנג פון אַנטציקונג:

— ווי שיין דאָס איז, ווי הערלעך!

זי האָט עס געזאָגט צו זיך, סתם אַזוי, אָבער דער קאָנטראָלער האָט עס דערהערט. ער האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנט און גענומען שלעפּן צו די טרעפּ פון גאָניק.

— עס איז וווּנדערלעך. קום, לאָמיר גיין. מ'וועט נעמען אַ שיפל און זיך אַהינשיפן, באַוווּנדערן דעם זון־אונטערגאַנג פון דער נאָנט, — האָט ער געבעטן.

זי האָט אַרויסגעריסן איר האַנט מיט כעס און אָפּגעקערט זיך.

— דו האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט צו פאָרן מיטן שיפל אַמאָל, יעצט איז דאָך אַזאַ געלעגנהייט, האָט ער געבעטן.

זעענדיק, אַז זי שווייגט, האָט ער מיט נאָך מער הכנעה גע־נומען בעטן:

— פאַרוואָס פאַרלאַנגסטו, אַז איך זאָל מוזן ווידער אָנהויבן פונדאָסניי?... איך האָב אַזויפיל אָוונטן פאַרלוירן, כדי דיך איבער־צייגן אין מיינע גוטע כוונות...

— גוטע כוונות?... האָט זי נאָכגעזאָגט מיט איראָניע און זיך משוגעדיק צעלאַכט.

און לאַכנדיק האָט זי געהערט דעם טאַטנס נעכטיקע ווערטער: „גלויב אים ניט, קינד. זיי זיינען ליגנערס. זיי זיינען ווילדע באַ־

שעפּעניש‫ן. זיי זיינען ניט קיין מענטשן!“

איר לאַכן האָט אים ווי געטון און פאַרדראָסן.

— וואָס איז מיט דיר היינט? האָט ער געפרעגט אַ צעטומלטער.

זי האָט געקוקט אים גלייך אין פּנים מיט גרויסע און קאַלטע אויגן, ווי ביי זייער ערשטע באַגעגעניש. ער איז געשטאַנען אַ פאַר־טראַכטער און געזוכט אַן ענטפער צו איר אויפפירן זיך. און ווען ער האָט ניט געפונען קיין אויסטייטשונג דערפאַר, האָט ער אַ פרעג געטון, גראָד צו דער זאַך:

— ווילסט איבעררייסן מיט מיר, אפשר?

זי האָט אים געענטפערט שווייגנדיק. ער האָט אויך געשוויגן, ווייל ער האָט ניט געקענט אויסקלייבן דעם געהעריקן ענטפער, אויף איר שווייגן, צווישן די צענדליקער, וואָס האָבן זיך אָנגערוקט. ער האָט לסוף אויסגעקליבן אַ האַלב־אָנגרייפנדיקע תשובה:

— מיט מיר, מיין קליינינקע, איבעררייסט מען ניט אַזוי גיך, ווי עס דאַכט זיך; מען איבעררייסט ניט אַזוי גיך מיט אַזאַ איינעם ווי איך...

זי האָט זיך אויסגעדרייט צו אים מיטן רוקן און אָנגעלענט זיך מיט ביידע עלנבויגנס אין ראַם פונעם גאַניק, אַריינגעמענדיק איר שווערן קאָפּ אין אירע ציטערדיקע הענט.

ער האָט זיך צוגעשטעלט צו איר. באַשלאָסן צו באַנוצן זיך, דאָסמאָל, מיט אַ שאַרפערן ענטפער, אָבער זיין לינקע האַנט איז פריער געקומען צום וואָרט, ווי דאָס מויל. ער האָט זי אַרומגענומען מיט איין האַנט און מיט דער צווייטער אָנגעשפּאַרט זיך אין ראַם, צודריקענדיק זיך צו איר. זי איז געווען אַזוי פאַרטראַכט, אַזוי פאַר־פון מיט די אויסטערלישסטע געדאַנקען און פּלענער, אַז ס'האָט זי ווייניק־וואָס געאַרט זיין נאָענטקייט און זיין אומפאַרשעמטקייט. צווייטנס — האָט דער פּלאַן, וואָס האָט זיך געפאָרעמט אין איר קאָפּ, אָנ־געבאָטן אַלערשטנס: „ניט אָפּשטויסן, ניט איילן זיך, ניט איבער־רייסן! נאָר פאַרקערט, נאָר פאַרקערט!...“

ער האָט געגלעט אירע לאַנגע, באַמעלטע האָר, געזויגן דעם ווייכן טייל פון איר רעכטן אויער, און באַשלאָסן צו מילדערן דעם טאָן. ס'הייסט — געבן יעם ענטפער, וואָס וואַרפט זיך אָן, נאָר אין אַן אַנדער פאָרם, אומדירעקט, פאַרשטעלט.

— צי האָסטו אַמאָל אַ טראַכט־געטון, האָט ער אַריינגעציילט יעדעס וואָרט באַזונדער אין איר אויער אַריין — צי האָסטו אַמאָל אַ טראַכט געגעבן אויף אַ ווייל, אַז... אַז ס'איז מעגלעך, אַז דו שפּילסט זיך מיט פייער, האַ?... צי האָסטו זיך ניט אַמאָל פאַר־טראַכט דערוועגן, אַז עס קען געמאָלט זיין, אַז דער דאָזיקער אויבער־קאָנטראָלער, דער היינץ יענקינס, דער אָפּשטאַמיקער פון האָלאַנד... איז גאָר קיין היינץ יענקינס ניט, גאָר קיין האָלענדער ניט, נאָר — גאָר פּשוט, אַ דייטש, אַ פול־בלוטיקער דייטש, אַ געסטאַפּאָ־אַגענט, האַ?... געלערנט זיך יאָרן פאַרן קריג פלעמיש, כדי צו קענען אונטערקומען די נאַאיווע האָלענדער... און אַזעלכע נאַאיווע, אומ־שולדיקע מיידלעך, ווי פרויליין וואַנדערמאָלע, האַ?... האָסטו אַמאָל שוין אַ טראַכט געטון וועגן אַזאַ מעגלעכקייט, האַ?...

קאָרי האָט אים געלאָזט ריידן. זיינע אָנצוהערענישן האָבן זיי נאָכ־מער באַפעסטיקט אין איר באַשלוס: „ניט אָפּשטויסן, ניט אָפּשטויסן! נאָר פאַרקערט, נאָר פאַרקערט!... עס קען שטערן דעם פּלאַן“...

— צי קען עס דען ניט זיין געמאָלן — האָט ער ווייטער ציניש און פאָרזיכטיק גערעדט — אַז דער דאָזיקער יענקינס האָט זיך ספּעציעל אַריינגעריסן אינעם האַרץ פון אַ נאַאיוו מיידל, כדי צו קענען שפּיאָ־נירן, אויסקוקן און זען וואָס פאַראַ גנבות גייען אָן אין דער מיל. זען וואָס פאַראַ מענטשן באַהאַלטן זיך אויס אין מיל... זען ווער זיינען די געזעלן, וואָס אַרבעטן אין מיל. זען ווער איז די פרוי, ווער זיינען די קינדער אירע...

קאָרי האָט געפילט, אַז די פיס ברעכן זיך אונטער איר, אַז דער גאַניק ברעכט זיך, אַז די מיל ברעכט זיך, אַז די וועלט ברעכט זיך. אין איין אויער האָט זי געהערט איר טאַטנס הייזעריקע שטימע: „איך שעם זיך. איך שעם זיך!... קיינמאָל וועט אַ וואַנדערמאָלע ניט קענען קוקן מענטשן אין די אויגן אַריין...“ — און, אינעם צווייטן אויער האָט זי געהערט די שטעכנדיקע ווערטער פון דעם דייטש: „אַריינגעגנבעט זיך אינעם האַרץ פון אַ נאַאיוו מיידל, כדי צו שפּיאָ־נירן. צו זען די גניבות. זען ווער די געזעלן זיינען, די פרוי, די קינ־דער..“ — אין איין אויער האָט איר טאַטע געשריגן: „זיי זיינען ניט קיין מענטשן! זיי זיינען ווילדע באַשעפענישן...“ — און, אינעם צווייטן אויער האָט דער דייטש געחוזקט, געשטיפט. אָבער עס איז

שווער געווען אים געגוי צו הערן, ווייל דעם טאַטנס מוסר־רייד האָבן אַלעם פאַרטויבט: "צי וואָלט די מאַמע, די מאַמע דיינע, ווען זי לעבט היינט... ווען איר לויטערע נשמה וואָלט ניט אַרויסגעפלויגן פון איר אויף די פליגלען פון דער מיל... פון דער מיל. פון דער מיל. אויף די פליגלען. אויף די פליגלען..."

עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז דאָס האָבן די פליגלען זיך אָפּ־געריסן פון דער מיל און זיינען פאַרקראָכן אונטער איר צעהוישטן שאַרבן, און קלאַפּן, און דרייען זיך צום טאַקט: „די מיל. די פליג־לען. די מיל. די פליגלען. די מיל. די מיל. די מיל. די פליגלען. די פליגלען. די פליגלען!!"...

דערנאָך, ווען אַ שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף איר פּנים, און אַ קלאָרער געדאַנק האָט פאַרטריבן די פליגלען פון קאָפּ, האָט זי געהערט דעם קאָנטראָלערס ווייטערע ווערטער:

— און ס'קען אויך זיין געמאָלן, אַז דער דאָזיקער קאָנטראָלער... אַז ער פאַרליבט זיך טאַקע, און אויף אַן אמת, אין אַזאַ מיידל... פאַלט אַליין אַ קרבן פון דער מעטאָדע... פאַרליבט זיך טאַקע אין אַזאַ נאַאיוו מיידל...

— און וואָס איז דאַמאָלס? האָט קאָרי אַרויסגעקריגן עטלעכע ווערטער פון זיך, און געפרעגט מיט נייגיריקייט.

— דאַמאָלס, דאַמאָלס, האָט ער טריאומפירנדיק און מיט אָנשטעל געענטפערט — דאַמאָלס איז ער צוריק יענקינס, היינץ יענקינס... אַ שטילער, אַ שווייגעוודיקער... זעט גאָרניט, הערט גאָר־ניט... ווי קיינמאָל גאָרניט...

זי האָט זיך גראָד געשמעלט. באַמיט זיך צו באַהערשן. אַרויס־געצוווּנגען אויפן פּנים אַ שמייכל און געפרעגט קלאָץ־קשיאַדיק:

— און פון וואַנען זאָל אַזאַ נאַאיוו מיידל וויסן ווען איינער איז יענקינס, און ווען — ניט יענקינס? פונוואַנען?...

— האָב איך דען דיר ניט געגעבן קיין גענוגענדע באַווייזן, קאָרי... ניט גענוג? האָט ער געפרעגט, אַ צופרידענער פון דער ענדערונג אין איר האַלטונג.

— פאַר אַזאַ נאַאיוו מיידל, ווי איך בין, און וואָס האָט צו טון מיט אַזאַ פּיפּיקן אַמאַנט, ווי ס'איז אויבער־קאָנטראָלער היינץ יענקינס — איז עס ניט גענוג, ניט גענוג...

ער איז צוגעלאָפן צו איר און געוואָלט זי אַרומנעמען. זי האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיינע הענט און גענומען לויפן אין דער ריכטונג פון די פליגלען. זי איז שטיין געבליבן נעבן מויער, אונטער דער אַקס, דאָרט ווו די פליגלען האָבן דעם גרעסטן שווונג און געפונען זיך אַמנאָנטסטן צו דער מויער פון מיל.

נו, הער יענקינס, באַווייזט ווער איר זייט. נו . . . — האָט זי גענומען רופן.

ער האָט זיך דערגענטערט, אָבער ניט געוואַגט צוצוגיין.

נו, הער אויבער־קאָנטראָלער, האָט זי אים צוגעגעבן מוט. פאַראַן נאָך פּלאַץ, פיל פּלאַץ צווישן די פליגלען און מיין פּאַרנט... נו, קום. לאָמיך האָבן נאָך אַ באַווייז, היינט...

ער איז צוגעגאַנגען אַזוי נאָנט, אַז ער האָט מיט ביידע הענט געמוזט פעסט אָנהאַלטן זיך ביי דער מויער, ווען ניט וואָלט דער ווינט אים אַראָפּגעבלאָזן פון גאָניק. איז ער שטיין געבליבן.

— נו, נו!? האָט זי אים צוגעגעבן חשק אונטערהויבנדיק איר קליידל ביז איבער די קניען. זיי אַ מאַן, ווייז אַז דו האָסט ניט מורא איינצושטעלן דאָס לעבן פאַר אַ פרוי... קום, פאַראַן פּלאַץ פאַר ביידן.

ער האָט זיך צוגעשאַרט נאָך עטלעכע טריט קלאַמערנדיק זיך אָן דער מויער, און קוקנדיק דערשראָקן אַמאָל צו איין פליגל, אַמאָל צום צווייטן, אַמאָל צום אַקס, ווו זיי קרייצן זיך, אַמאָל צו קאָרין, אַמאָל צו דער מויער, און געזוכט מוט און כוח צו באַקעמפן דעם ווינט און דעם פחד, די סכנה וואָס לויערט אויף יעדן טריט.

— דו האָסט מיך ניט ליב, זע איך — האָט קאָרי געשריגן, כדי איבערצושרייען דעם רעש פון דעם ווינט צווישן די פליגלען — דו ביסט ניט יענקינס! דו ביסט ניט קיין קרבן פון דער מעטאָדע... אָט האָסטו מיך אינגאַנצן, אינגאַנצן... אויב דו וואַגסט היינצל... נו, גיב אַ באַווייז, דעם אמתן באַווייז, געליבטער...

ווען ער איז צוגעקומען אַזוי נאָנט, אַז זי האָט געקענט דער־לאַנגען צו זיין אָרעם, האָט זי אויסגעשטרעקט איר רעכטע האַנט, אַ שלעפּ געטון אים צו זיך מיט אַלע כוחות און אַ שליידער געטון אים פון זיך, גראָד אונטער אַ פאַרביילויפנדיקן פליגל. ער האָט געקריגן אַ פעסטן זעץ מיט דער פלאַכער זייט פונעם פליגל אינעם קאָפּ און אַ וואַקל געטון זיך אויף הינטן. דער צווייטער פליגל האָט

אים דאַמאָלס אַ הויב געטון, אַ וויג געטון אין דער לופטן און אַוועק־געשליידערט פון גאָניק אין וואַסער אַריין, אַ שטיק פון מיל אַוועק.

— 8 —

נאָך דער הערלעכער שקיעה איז געקומען אַ פינצטערע נאַכט. זייער אַ פינצטערע. מ'האָט די קאָנטורן פון דער ווינטמיל און פון די פליגלען ניט געקענט זען אפילו פון דער גאָרער נאָנט. און מ'האָט ניט געקענט זען ווו ס'הויבט זיך אָן דאָס וואַסער, און ד'ער טייך, און ווו ס'ענדיקט זיך די יבשה. אַלץ האָט אויסגעזען איין וואַסער, איין יבשה, איין שטיק שוואַרצקייט. די אויגן אין קאָפּ האָבן צו גאָרניט געדינט. נאָך גוט, וואָס אין די שפּיצן פון די פינגער געפונען זיך אַזעלכע פאַרבאָרגענע אויגעלעך, וואָס העלפן אַרוים און זען אין דער פינצטער.

ס'זעט זיך אויס, אַז די נאַטור האָט ספּעציעל צוגעשיקט אַזאַ נאַכט, כדי צו פאַרהוילן דאָס אַלעס, וואָס געשעט אַרום דער מיל נאָך דעם אויסטערלישן פאָרפאַל. די נאַכט האָט געוואָלט איינהילן אין איר דיקער חשכות די שאָטנס פון די מענטשן, פון די קינדער און פון דעם שיפל, וואָס איז געשטאַנען ביים צווייטן ברעג פון טייך.

— און, טאָמער געפינט איר ניט קיין באַהעלטעניש, האָט זיך געהערט קאָרים בעטנדיק קול, טאָ געדענקט, למען השם, און קומט צוריק. אונדזערע טויערן זיינען תמיד אָפן.

— מ'וועט געפונען, מ'וועט געפונען, מיט גאָטס הילף — האָט זיך געהערט סאַמועל ליםבורגס שטילער קול. מיר האָבן שוין, ליידער, דערפאַרונג אין זוכן באַהעלטענישן; יאָ, גענוג.

— און, אפשר גייט איר מיט אונדז מיט, אפשר דאָך? האָט זיך געהערט פרוי ליםבורגס ציטערדיקע שטימע. איך האָב מורא, עס זאָל אייך עפּעס געשען, זיי זאָלן ניט אַנטדעקן.

— זיי וועלן ניט אויסגעפונען, האָט זיך געהערט קאָרים פאַר־זיכערונג. ער איז גוט באַהאַלטן אינעם וואַסער. יעדער סימן איז פאַרווישט.

— יאָ, זיי וועלן זיין נבלה מער ניט געפונען, האָט זיך געהערט הענדריקעס הייזעריקע באַשטעטיקונג.

— ווען וועט עס איינפאַלן, אַז ער איז אומגעקומען דווקא אין דער מיל?

— אָבער זיי וועלן קומען און זוכן, קענען דערגיין.

— קומט מיט אונדז, מיר וועלן אייך העלפן, האָט זיך צום ערשטן מאָל דערהערט רובינס קול.

— עס וואָלט געווען פאַרדעכטיק, זיי וואָלטן אונדז געזוכט, גע־מאַכט רעפּרעסיעס אויף די אומשולדיקע פּויערים אין דאָרף.

— און די מיל מוז גיין. די הונגעריקע פּויערים ברויכן מעל.

דערנאָך איז געווען אַ ווייל שטיל. ס׳האָבן זיך געהערט טריט, טויבע טריט, און ווידערקול. און דערנאָך — ברכות.

— זאָל גאָט זיין מיט אייך.

— זאָל גאָט אייך ניט פאַרלאָזן, איר דאַרפט איצט אויך רחמים, ווי די יידן...

— זאָל גאָט אייך באַשיצן אינעם אומבאַקאַנטן וועג. איך וועל בעטן פאַר אייך.

— איך וועל בעטן פאַר אייך אויך, גוטע מענטשן.

— איך וועל אויך בעטן פאַר אייך, האָט זיך ווידער געהערט רובינס קול.

און ווען די ברכות האָבן אויפגעהערט, האָט אַלץ אויפגעהערט, אויסער די נאַכט.

# ד״ר בנימין אלטער

מען האָט אַ לאַנגע צייט ניט געוואָגט עס צו ברענגען איבערן מויל, אָבער מען האָט זיך זייער שטאַרק געשראָקן פאַרן געזונט פון דאָקטאָר אַלטער. זייט עטלעכע וואָכן האָט מען באַמערקט אַ גרויסע ענדערונג אין דער באַציאונג פון דאָקטאָר צו די קראַנקע און בכלל אין זיין אויפפירן זיך. ער איז תמיד געווען אַזאַ הייטערער און היימישער מענטש, געווען אַזוי פריינטלעך צו יעדן איינעם, אינטע־רעסירט זיך מיט קראַנקע און מיט געזונטע; געגאַנגען אין די ענגע יידישע געטאָ־שטובן, געזוכט קראַנקע, ניט געוואַרט ביז מ׳איז גע־קומען צו אים אין רעוויר־צימערל מיטן מיחוש — געקומען, אַרומ־געקוקט זיך, אינטערעסירט זיך מיט די קינדערלעך, אויסגעפונען פאַרבאָרגענע חולאתן און געגעבן רפואות, און געקניפּט אין בעקל, געקלאַפּט איבערן פּלייצקע און געווונטשן אַ רפואה שלימה. ער איז ניט נאָר געווען דאָקטאָר, נאָר פשוט — אַ טאַטע, אַ גוטער פריינד, אַן אייגענער מענטש, נאָך וועלכן עס בענקט זיך שטאַרק, טאָמער זעט מען אים עטלעכע טעג ניט. אָבער זייט עטלעכע וואָכן איז עס עפּעס ניט געווען דער זעלבער דאָקטאָר אַלטער.

אָנגעהויבן האָט עס זיך ביי אים זייט מאָטל ווינער, דער פעלטשער, און דעם דאָקטאָרס רעכטע האַנט, איז אויף אַן אויסטער־לישן אופן אַוועקגעקומען. וואָס עס איז געשען מיט אים, מיט מאָטל ווינערן, ווייס מען ביז היינט ניט. מסתמא דאָס זעלבע, וואָס מיט הונדערטער אַנדערע יידן פון געטאָ, נאָר מיט דעם אונטערשייד — וואָס מאָטל ווינער, דער פעלטשער, איז געפאַלן מחוץ לגעטאָ און מ׳ווייס ניט ווו זיין געביין איז אַהינגעקומען.

דאָקטאָר אַלטער האָט אין אָנפאַנג בכלל ניט צוגעלאָזן צו זיך דעם געדאַנק, אַז מאָטל וועט ניט צוריקקומען. עס פלעגט טיילמאָל טרעפן, אַז ער איז אַוועק אויף עטלעכע טעג אַפילו, געזוימט זיך אַ לענגערע צייט מחוץ לגעטאָ, און דאָך צוריקגעקומען בשלום, דער־פילט זיין שליחות. זיין שליחות איז באַשטאַנען אין אַריינשמוגלען אין געטאָ פון דער אַרישער זייט פאַרשיידענע מעדיצינען און רפואות, וואָס זיינען ניט געווען בנמצא אין געטאָ. די דייטשן האָבן צוגעשטעלט וואָסאָמאָל ווייניקער הייל־מיטלען און לסוף אינגאַנצן פאַרבאָטן יידן באַנוצן זיך מיט מעדיצינען, אויסער אימפונגען אויף אויסצומיידן עפּידעמיעס. האָט מאָטל ווינער זיך מקריב געווען און געמאַכט געהיימע אויספלוגן אין דער אַרישער זייט, כדי צו ברענגען פון די גויאישע אַפּטייקן אַלערליי נויטיקע רפואות.

מאָטל איז געווען אַ יונגער און ענערגישער בחור און כאָטש קיין ספּעציעלע סטודיעס און מעדיצינישע קורסן האָט ער ניט גע־ענדיקט, איז ער דאָך געווען גאַנץ גוט באַהאַוונט אין דער קונסט פון פעלטשעריי. ער האָט עס געלערנט ביי זיין טאַטן, ר' פּנחס, דעם פעלטשער. ווער האָט עס ניט געקענט ר' פּנחסן, דעם פעלטשער, דעם הדרת פּנימדיקן יידן מיט דער שיינער, ווייסער באָרד, וואָס האָט פאַרשטאַנען זיך אויף אַ קראַנק ניט ווייניקער, ווי דער בעסטער רופא; ווער האָט עס אים ניט געקענט אינעם שטעטל און אין דער גאַנצער געגנט אַרום? אַז עס איז עמעץ קראַנק געוואָרן האָט מען קודם גערופן ר' פּנחסן, און ערשט ווען ער האָט געראָטן צו רופן אַ רופא, האָט מען גערופן אַ דאָקטאָר — ניט פריער. ער האָט זיך געווויינטלעך זייער גוט אַן עצה געגעבן אָן אַ דאָקטאָר אויך, נאָר ווו עס איז געגאַנגען אין פאַרשרייבן עפּעס אַ רפואה מיט אַפּיום, אָדער אַ גרויסע דאָזע מסוכנדיקע קרייטעכצער — איז זיך ניט באַגאַנגען אָן אַ דאָקטאָרסקע אונטערשריפט. אַפילו אַזעלכע רפואות האָט ער אויך געקענט פאַרשאַפן דורך זיינע באַקאַנטשאַפטן אין די אַפּטייקן אין שטעטל, אָבער ער האָט ניט געוואָלט מגזם זיין און צו שטאַרק דערצערנען די דאָקטוירים, וועלכע האָבן געטראָגן זיך מיט אַ פאַרבאָרגענער שנאה צו אים.

פון אים האָט עס מאָטל טאַקע געירשנט די קונסט פון פאַר־שטיין זיך אויף אַ קראַנק און אויך דעם פעלטשער־טיטל. פאַרשטייט

זיך, אַז מ'האָט נאָכניט געהאַט צו אים דעם זעלבן צוטרוי ווי צו זיין טאַטן. קודם־כל איז ער נאָך געווען גאָר יונג, ווען זיין טאַטע איז נפטר געוואָרן, ניט געהאַט נאָך קיין גרויסע דערפאַרונג, אָבער מבינים האָבן אים פאָרויסגעזאָגט ניט אַ קלענערן פרסום ווי זיין טאַטן. ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט קראַנקע פונקט אַזוי ווי זיין טאַטע. זיך מוסר נפש געווען, געזעסן שעהן גאַנצע ביים בעט פון אַ חולה, געהאָלפן ליידן, געהאָלפן קרעכצן און פלעגט אָפּזיצן ביי אַ מסוכן־קראַנקן טעג און נעכט ביז די סכנה איז איבער. און ווען די דייטשן האָבן געשאַפן אַ געטאָ אין שטעטל און צונויפגעטריבן די עטלעכע טויזנט יידן אין עטלעכע געסלעך און פאַרשפאַרט הינטער מויערן — האָט ער זיך געשטעלט אין דינסט פון געטאָ־דאָקטאָר. אַ קורצע צייט איז ער אַליין געווען דער געזונט־לייטער אין געטאָ, ווייל די צוויי יידישע דאָקטוירים, וואָס זיינען אַוועק אויף דער מלחמה, זיינען ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן אָן אַ סימן; מ'האָט געוואַרט אויף זיי, מ'האָט גיכער געוואָלט אַן איינגענעם דאָקטאָר, ווי עמעצן פון דער פרעמד — אָבער ווען ס'האָט לאַנג געדויערט און עס איז ניט געווען מער קיין האָפענונג, אַז זיי וועלן צוריקקומען, איז מען באַשטאַנען אויף אַ דאָקטאָר פון דער פרעמד, אַ גרויס־שטאָטישן דאָקטאָר, וואָס די מלחמה האָט פאַרוואָרפן ערגעץ אַהער־צו. ווען די שטעטלדיקע יידן האָבן געהערט דעם נאָמען זיינעם — זיינען זיי תיכף איינגעגאַנגען. דער נאָמען פון דאָקטאָר בנימין אַלטער האָט געשמט אין דער גאַנצער מדינה אפילו אין די פאַר־וואָרפנסטע מקומות. און אים טאַקע האָט דאָס געטאָ צו פאַרדאַנקען, וואָס עס זיינען ניט געווען קיין עפּידעמיעס און אַז דער אַלגעמיינער געזונט־צושטאַנד פון די יידן, און באַזונדערש פון די קינדער, איז געווען זייער אַ צופרידנשטעלנדיקער. און כאָטש די דייטשן האָבן ניט געליווערט קיין מעדיצינען און פאַרבאָטן צו קויפן רפואות אויף דער אַרישער זייט — האָט אין געטאָ זעלטן געפעלט אַ נויטיקע רפואה, אַ דרינגענדיקע מעדיצין, וועלכע אַ חולה האָט דווקא געמוזט האָבן. מ'האָט ניט געפרעגט קיין קשיות פון וואַנען עס קומען די אַלע רפואות, מ'האָט געאַנט, אַז עס מוז קומען פון דער אַרישער זייט, מעגלעך, אַז דער דאָקטאָר שטייט אין פאַרבינדונג מיט „דרויסן“, מעגלעך, אַז מאָטל פעלטשער באַזאָרגט עס, מעגלעך... מ'האָט ניט

געוואָלט צופיל וויסן; די הויפט-זאַך, אַז עס איז פאַראַן אַ מעדיצין, ווען מ'ברויכט זי. עס קאָסט טאַקע וואָס אַמאָל טייערער — אָבער דאָ איז זי. נאָך וואָס זיך גריבלען?

שאַפן מעדיצינען פון דרויסן איז טאַקע געווען מאָטלס באַשעפטיקונג. ער האָט געקענט אין „דרויסן" די אַפּטייקערס, ביי וועלכע ער פלעגט זיין אַן אָפּטער איינגייער ביז איצט, וועלכע האָבן געמאַכט אַן עשירות אַ דאַנק זיין טאַטן און אים, און ער איז געווען איבערצייגט, אַז טראָץ דעם פאַרבאָט, וועט אים געלונגען אַרויסצוקריגן פון זיי געוויסע רפואות און ספּעציאַליטעטן פאַרן געטאָ. עס איז נאָר געווען די פראַגע ווי אַזוי קריגט מען זיך אַהין און ווי אַזוי אָרגאַניזירט מען רעגולערע ליווערונגען. וואָכן לאַנגע זיינען זיי געזעסן זאַלבעצווייט, דער דאָקטאָר און מאָטל, און געזוכט אַן עצה דערצו. עס איז ניט געווען לייכט. אַלע טויערן זיינען פאַרשפּאַרט. די דייטשן און די פּאָליאַקן היטן די טריט פון יעדן ייד און באַזוכן יעדן, וואָס גייט אַרויס און קומט צוריק פון יענער זייט. עס טרעפן פאַלן, אַז זיי נעמען צו אַ שטיקל ברויט, וואָס אַ ייד האָט פאַרשטעקט ערגעץ אויפן לייב קומענדיק פון דרויסן פון אַ „קאָמאַנדאָ-אַרבעט" — און דערשיסן, פאַרפייניקן פאַרן קלענסטן חטא.

האָט מאָטל געגומען זוכן אַן אַנדערן דרך, אַ געהיימען אויסגאַנג צו דער גויאישער זייט צו. ער האָט גוט געקענט דאָס שטעטל זיינס. ער האָט דאָך דאָ אַלס קינד און אַלס בחורל געשפּילט זיך אין באַהעלטערלעך מיט די חדר-יונגלעך און מיט די שטעטלדיקע קונדסים און ניט פאַראַן אַזאַ קעלער אָדער פאַרבאָרגעניש, וואָס ער זאָל ניט קענען. אַפילו די גויאישע זייט קען ער אויך. ער האָט געהאַט אַ סך פריינד צווישן די פּוילישע יונגעלייט, געחברט זיך מיט די אַפּטעקאַרסקע קינדער, מיט די אינטעליגענטע יוגנט צווישן די גויים און געווען אָפט ביי זיי אין די הייזער. האָט ער אַזוי לאַנג געזוכט און געגישטערט ביז ער האָט געפונען אַ פּלאַן. ער האָט אויסגעפונען, אַז דער קעלער ביי ווינדמאַנען אין הויז, וואָס גרענעצט אָפּ דאָס געטאָ, פאַרקריכט ווייט אונטער דער ערד אויף יענער זייט אַהין. ער האָט אויסגערעכנט, אַז טאָמער געלונגט אים צו פאַרלענגערן דעם קעלער אויף אַ צוויי מעטער און מאַכן אַ לאָך אַרויסצו, וועט ער אַרויסקומען ביי יאַבלאָנסקין אין גאָרטן, אויף דער גויאישער

זייט, פאַרשטייט זיך. ער האָט דעם פּלאַן אָנפאַרטרויט דעם דאָקטאָר, און זיי האָבן זיך טאַקע גענומען צו דער אַרבעט. במשך פון אַ קנאַפּן חודש האָבן זיי געאַרבעט זאַלבעצווייט. פאַרבראַכט צו גאַנצע נעכט אין קעלער און געגראָבן. אַריינגעגנבעט זיך אין ווינטמאַנס קעלער ווען עס איז געווען גוט פינצטער און אַרויס איידער עס איז געוואָרן ליכטיק. קיינעם ניט אַריינגעצויגן אין סוד, כדי קיינער, אויסער זיי, זאָל ניט וויסן דערוועגן. זיי האָבן זיך געגווי אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז וואָס ווייניקער מענטשן וויסן וועגן אַ געהיימער זאַך, וואָס בעסער איז עס פאַר דער זאַך, וואָס זיכערער און געזונטער איז עס. האָבן זיי געגראָבן מיט די הענט, מיט הילצערנע כּלים, כדי ניט צו מאַכן אַ רעש און ניט צוציען די אויפמערקזאַמקייט פון קיינעם. און ווען דער קעלער האָט זיך אויסגעלענגערט מיט צוויי מעטער, האָבן זיי גענומען גראָבן אַרויפצו, אין דער הויך אַרויף, צום דרויסן־צו. און ביים ליכט פון אַ מיטן־חודשדיקער לבנה האָבן זיי פּלוצים באַמערקט אַ מיטן־חודשדיקע לבנה אין דער הויך און שטיקער מיטן־חודשדיקע לבנה אויף זייערע קעפּ, אינעם לאָך פון גרוב, און אין גאָרטן ביי יאַבלאָנסקין. זיי האָבן זיך דערפרייט, זייער שטאַרק דערפרייט. מאָטל האָט אויסגעפּערטיקט דעם אַרויסגאַנג. געמאַכט אַ קליינע עפענונג, אויף זיין מאָס; דערנאָך האָט ער אַרויסגעדראַפּעט זיך אין גאָרטן אַריין, אָנגעריסן ווילד־געוויקס און צונויפגעזאַמלט אויסגעטריקנטע בלעטער און צווייגעלעך, אָנגעהויפט ביים אויסגאַנג, כדי צו פאַרדעקן דאָס לאָך, עס זאָל ניט זיין אויפפאַלנדיק. ער איז געווען צופרידן. דאָס לאָך איז פּונקט געווען אין ווינקל צווישן אַ זייטיקער וואַנט פון יאַבלאָנסקיס הויז און דער מויער פון גאָרטן, און מ׳האָט אים ניט געקענט זען, ניט פון גאַס און ניט פון הויז. איז ער צוריק אַריין אין גרוב, באַפעסטיקט די ברעגן פון לאָך, אַרויפגעלייגט עטלעכע ברעטלעך אין דער הויך און אַרויפגעשאַרט אויף זיי דאָס ווילדגעוויקס און די אָנגעזאַמלטע בלעטער און צווייגן. ער איז געווען צופרידן. דער דאָקטאָר איז געווען צופרידן. צו זייער גליק איז ניט געווען קיין גלייכן.

מאָטל פלעגט אָפט אַרויסקריגן זיך דורך דעם דאָזיקן געהיימען וועג אויף יענער זייט און אַריינברענגען רפואות. ער פלעגט גיין

ביינאַכט, ווי נאָר עס איז געוואָרן גוט פינצטער, אין די שעהן ווען עס איז דערלויבט די אַריער צו זיין נאָך אין גאַס — און פלעגט זיך פאַרגנבענען מיט הינטער־געסלעך צו זיינע באַקאַנטע אַפטייקער. זיי האָבן זייער גערן געוואָלט האַנדלען מיט אים, באַזונדערש אַז ער האָט געצאָלט זייער הויכע פרייזן, דאָפּלט, דרייפאַכיק, און אַפילו פירפאַכיק ווי דער נאָרמאַלער פּרייז. יעדן פּרייז האָט ער געצאָלט. די אַפּטייקער, וואָס האָבן איצט קוים פאַרדינט אויף חיונה, האָבן זיך געפרייט מיט אים, אַריינגעלאָזן אים מיט הינטער־טירלעך און געגעבן אים, וואָס ער האָט פאַרלאַנגט. און, ווען געוויסע אַרטיקלען זיינען געוואָרן זעלטענער, האָט ער געצאָלט מיט גאָלד, מיט זעלטענע חפצים, מיט אַלעם, וואָס זיי האָבן נאָר פאַרלאַנגט. יידן האָבן ניט געקאַרגט קיין געלט און ווערט־זאַכן אויף רפואות, אויף צו ראַטעווען דאָס געזונט און דאָס לעבן.

האָט ער אָנגעפולט די טאַשן מיט רפואות, אַריינגעשטופּט אין בוזעם, אָדער טיילמאָל מיטגענומען אַ זעקל, און פאַרגנבעט זיך אויף צוריק צו זיין קעלער און געבראַכט אַלעס, אין וואָס די יידן האָבן זיך גענויטיקט. דריי־פיר מאָל אַ וואָך האָט ער אַזוי געוואַנדערט צווישן געטאָ און „דרויסן" במשך פון לאַנגע חדשים. טיילמאָל פלעגט אים אויסקומען צו זוימען זיך דרויסן אַ לענגערע צייט. טיילמאָל איז פאַרבייגעגאַנגען אַ דייטשער פּאַטרול. טיילמאָל האָט זיך עמעץ געדרייט ביי יאַבלאָנסקין אין גאָרטן. טיילמאָל איז פאָר־געקומען אַ הוליאַנקע ביי יאַבלאָנסקין און דייטשן האָבן זיך משמח געווען ביי אים און געשיכורט, אַרומגעשלעפּט זיך מיט אויסגעלאַ־סענע שיקסעס אינעם גאָרטן, אָדער געיאָגט זיך מיט יאַבלאָנסקיס טעכטער אַרום די ביימער. האָט ער דאַמאָלס געמוזט אויסוואַרטן, וואַרטן אויף אַ גינסטיקערע צייט. מאַנכעס מאָל פלעגט עס דויערן מער ווי אַ מעת־לעת.

און, איינמאָל — איז ער ניט צוריקגעקומען. דאָקטאָר אַלטער איז געזעסן אומגעדולדיק און געוואַרט. ער האָט געוואַרט אַ טאָג און אַ נאַכט, אַ טאָג און אַ נאַכט — און ניט דערוואַרט זיך. ער האָט בשום אופן ניט געוואָלט צולאָזן צו זיך דעם געדאַנק, אַז עס איז מעגלעך, אַז עס האָט געקענט עפּעס אויסטערלישעס געשען מיט אים, און אַז ער קען, חלילה, ניט צוריקקומען אינגאַנצן, בכלל ניט.

ער האָט גערעכנט, אַז מסתמא איבערחזרט זיך איינע פון יענע סיבות, וואָס האָבן אים שוין ניט איינמאָל געשטערט צוריקצוקומען אין דער צייט, און מסתמא וואַרט ער אויף אַ פּאַסיקע רגע, כדי ניט איינצושטעלן דאָס לעבן אומנויטיק. ער האָט זיך שוין אַנומלט געזוימט דריי טעג אויף יענער זייט, ביז ער האָט אויסגעוואַרט גינסטיקע אומשטענדן. אָבער ווען די דריי טעג זייגען דאָס מאָל אַריבער, און דאַן 3 אַנדערע טעג — האָט דאָקטאָר אַלטער פאַרלוירן זיין געדולד. אַ זלידנער חשד האָט זיך פאַרגנבעט אונטער זיין שאַרבן און צו־גענומען די רו, צוגענומען דעם שלאָף, צוגענומען דעם אַפּעטיט, צוגענומען דעם קאָפּ. ער האָט געקעמפט מיט זיך און ניט געלאָזן דעם זלידנעם חשד פאַרוואַנדלען זיך אין אַ ממשותדיקן געדאַנק, אין אַ פעסטע איבערצייגונג.

ער האָט זיך געטרייסט, געזוכט פאַרשיידענע תירוצים און זיך איינגערעדט, אַז דאָך, אַז סוף־כל־סוף וועט ער צוריקקומען, וועט ער זיך באַווייזן מיט די רפואות, מיט אַלע נויטיקע מעדיצינען; און דאַן וועט ער ווידער גיין אין שליחות, ווייל מען ברויך שוין נייע הייל־מיטלען, נייע רפואות, באַזונדערש אַז עס האָבן זיך די טעג באַ־וויזן עטלעכע פאַלן פון לונגען־ענטצינדונג און עס דראָט אַ גרויס געפאַר פון אָנשטעקונג.

די טעג זיינען געווען לאַנגע, די נעכט נאָך לענגער, און דאָקטאָר אַלטער האָט אויסגעקוקט זיך די אויגן, אויסגעהיילט זיך דעם מוח וואַרטנדיק און זוכנדיק אַ תשובה צו דעם אַלעם, וואָס מאַטערט אים.

— מסתמא וועט ער קומען מאָרגן, האָט ער זיך געטרייסט. אפשר איבערמאָרגן.

ווען קראַנקע זיינען געקומען און פאַרלאַנגט אַ רפואה, ווי ביז איצט, ווי פריער, האָט ער צעלייגט די הענט אומבאַהאָלפן און אַ ברום געטון אונטער דער נאָז:

— קומט מאָרגן.

ווען די קראַנקע זיינען צומאָרגנס געקומען, האָט ער איבער־געחזרט:

— קומט מאָרגן.

און ווען דער איבערמאָרגן איז געקומען, האָט ער דאָס זעלבע איבערגעברומט:

— מאָרגן, מאָרגן.

ער האָט געגלויבט, אַז מאָטל מוז דאָך צוריקקומען. עס איז דאָך ניט מעגלעך, אַז מ'זאָל אים האָבן געכאַפּט. מ'האָט דאָך אים ניט געקענט כאַפּן. מ'ברויכט דאָך אים דאָ אַזוי שטאַרק. גאָט וואָלט דאָך ניט צוגעלאָזן: אָן אים און אָן רפואות קען דאָך, חלילה, אויסגיין דער גאַנצער עולם אין געטאָ. קיינער קען דאָך מאָטלען ניט פֿאַרטרעטן אין דער דאָזיקער הייליקער עבודה, קיינער ניט. עס איז ניט מעגלעך, בשום אופן ניט מעגלעך, אַז אַזאַ אומגערעכטיקייט זאָל קענען געשען... ער מוז דאָך צוריקקומען, ער מוז דאָך... מאָרגן, איבערמאָרגן, אין אַ וואָך אַרום, אָבער קומען מוז ער דאָך קומען!...

* * *

דאָקטאָר אַלטער איז געזעסן ביי זיך אין רעוויר-צימערל און געבלעטערט זיין בוך, זיין בוך וועגן ראַכיטיזם ביי קינדער, וועגן ענגלישע קרענק, וואָס ער האָט אָנגעשריבן מיט עטלעכע יאָר צוריק און וואָס האָט אים געשאַפֿן אַזאַ גרויסע רום אין דער מעדיצינישער וועלט. ער האָט אָנגעשפּאַרט זיין שווערן קאָפּ אין איין האַנט און מיט דער צווייטער געמישט די בלעטלעך. פֿאַרהאַלטן זיך אויף אַ רגע, געלאָפֿן מיט די אויגן איבער אַ זייטל, איבער אַ צווייטעס, איבער אַ דריטעס, און ווייטער געבלעטערט. און ווען ער איז צוגעקומען צום סוף, האָט ער צוגעמאַכט דאָס בוך און עס אַ שליידער געטון מיט רעש פֿון טיש אַראָפּ. ער האָט זיך אויפֿגעשטעלט, גענומען גיין מיט פֿעסטע טריט איבערן צימערל, אַ שטויס געטון מיטן פֿוס אין בוך, עס אַרונטערגעשטויסן אונטערן האָלצערן בעטל און גענומען שטאַרק לאַכן, לאַכן צו זיך, פֿון זיך, פֿון זיין גורל.

קנאַפּע צוויי צענדליק יאָר אַרבעט ער אויף דעם געביט פֿון קינדער-קראַנקייטן, דערגרייכט אַ גרויסן שם, באַזונדערש מיט זיינע פֿאָרשונגען וועגן ראַכיטיזם. נייע מעטאָדן אויסגעפֿונען, נייע היילמיטלען, וועלכע ער האָט פֿאַראייביקט אין דעם דאָזיקן בוך, דערפֿינדן אַ מאָדערנע אַנטי-ראַכיטישע טעראַפּיע, זי באַגרינדעט אינעם בוך, געשטעלט זי צום דינסט פֿון אַלע קינדער אין דער וועלט, פֿון דער גאַנצער מענטשהייט — און, היינט? היינט קען ער, דאָקטאָר בנימין אַלטער, דער טאַטע פֿון דער דאָזיקער טעראַפּיע, ליידער, גאָרניט באַווייזן, גאָרניט. גאָרניט — ווען ניט פֿאַראַן קיין מעדי=

צינען. אַז קיין פּאַסיקע באַדינגונגען זיינען ניט פאַראַן, ניטאָ קיין געהעריקע שפּייז, ניטאָ קיין לופט און קיין זון אין די ענגע געטאָ־שטובן און געסלעך, און אַז קיין מעדיצינען זיינען אויך ניטאָ — קען ער גאָרניט אויפטון. אפילו ער ניט.

פון אומעטום פלעגט מען צו אים קומען מיט שווערע „ענג־לישע" קינדער און ער האָט זיך תמיד אַן עצה געגעבן. ווו אַנדערע דאָקטוירים האָבן גאָרניט געקענט טון האָט ער באַוויזן נסים, נסים ממש. טויזנטער קינדער מיט קרומע פיסעלעך און שווערע ביינעלעך האָט ער געשטעלט אויף די פיס און פאַרוואַנדלט אין געזונטע מענ־טשעלעך. זעלטן ווען ער האָט געהאַט אַ דורכפאַל. ער געדענקט שוין ניט ווען. און איצטער, ווי אויף צו להכעים, האָבן זיך גענומען מערן פאַלן פון ענגלישער קרענק צווישן די געטאָ־קינדער. יעדן טאָג זיינען צוגעקומען פרישע פאַלן — און ער האָט גאָרניט געקענט טון, כדי צו העלפן. מוטערס זיינען געקומען מיט זייערע קראַנקע קינדער, קינדער מיט אויסגעקרומטע ביינער, מיט זאַק־בייכעלעך, מיט לויזע ריפּעלעך, וואָס האָבן זיך ניט געוואָלט האַלטן אין ברוסט־ביינדל און מיט גליווער־אָזיערעם צווישן די שאַרבן־ביינדלעך — און זיי האָבן פאַרלאַנגט, געבעטלט אַ רפואה פאַר די אומגליקלעכע באַשעפע־נישלעך.

דאָס האַרץ האָט אים שטאַרק ווי געטון, קוקנדיק אַן אומ־באַהאָלפענער אויף די דאָזיקע קינדערלעך. ער האָט זייער ליב געהאַט קינדער, כאָטש ער אַליין האָט קיין אייגענע קינדער ניט געהאַט. ער איז געווען תמיד אַריינגעטון אין לערנען און שטודירן און ניט געהאַט קיין צייט צו גרינדן אַן אייגן פאַמיליען־נעסט. ער האָט עס אָפּגעלייגט אויף שפּעטער, אויף שפּעטער. אַלס סטודענט האָט ער איינמאָל יאָ געפירט אַ ליבע מיט אַ חברטע, אַ סטודענטין פון דעם זעלבן יאָר וואָס ער. זייער אַ שיינע געווען און אַ סך געלט האָט דער טאַטע געהאַט — איז עס ניט געווען קיין סגולה צום לערנען. ווען זי איז געבליבן הינטערשטעליק מיט אַ יאָר אינעם לערנען — האָט איר טאַטע זי געוואָלט חתונה מאַכן. מ'האָט אים געוואָלט נעמען אויף קעסט, אויסהאַלטן ביז ער וועט מאַכן אַ קאַריערע, אָבער אים האָט זיך ניט געאיילט. ער האָט מורא געהאַט, אַז אַ פאַמיליען־לעבן וועט אים שטערן אין זיינע סטודיעס. ער האָט

געוואָלט פריער ענדיקן, באַקומען זיין דיפּלאָם. האָט זי דערווייל עמיץ אויסגעכאַפּט. זי האָט געקריגן אַ פּאַרטיקן דאָקטאָר, אַ דאָק־טאָר — אַ געשעפטס־מענטש. וואָס זיין איינציקע אַמביציע איז געווען צו האָבן אַ שיין ווייב, אַ רייכן מחותן און מאַכן געלט, וואָס מער געלט, וואָס מער געלט.

און נאָכן באַקומען דעם דיפּלאָם, האָט ער אויך ניט געטראַכט וועגן זוכן אַ ווייב, ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין צייט דערצו. ער האָט זיך געווידמעט וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, אינטערעסירט זיך מיט מעדיצינישע פאָרשונגען אויפן געביט פון קינדער־קראַנקייטן, און ניט געהאַט קיין קאָפּ צו זייטיקע זאַכן. די ליבע צו קינדער איז ביי אים געקומען פון זיין היים. ביי אים אין הויז איז געווען אַ פולע שטוב מיט קינדער, פינף ברידערלעך און פיר שוועסטערלעך; ער איז געווען דער דריטער אין דער ריי. דער טאַטע, אַן איינבינדער, האָט קוים פאַרדינט אויף פּרנסה און די מאַמע האָט זיך געפּייניקט איר גאַנץ לעבן, כדי איסצוקומען מיט די קאַרגע פאַרדינסטן. די קינדער האָבן געקרענקט. שפּעט געקריגן ציינדלעך. שפּעט גענומען שטעלן די ערשטע טריטעלעך. לאַנג געוואַקלט זיך אויף די אויס־קרומטע פיסעלעך. ניט געווען אַ וואָך אַז אַ דאָקטאָר, אָדער אַ פעל־טשער, זאָל ניט קומען צו איינעם פון די קינדער. עס האָט גע־שמעקט מיט רפואות און מיט אַפּטייק. די מאַמע האָט זיך געדרייט צווישן די קינדערלעך און געווישט זיך די טרערן, אָפּגעיאָגט די פליגן פון די בלאַסע פּנימלעך זייערע און געשטופּט דעם עיפּושדיקן טראָן אין זייערע גערגעלעך — און געזיפצט, טיף געזיפצט, און אונטערגעברומט:

— געזען אַ מעשה, ענגלישע קרענק, ענגלישע קרענק... זיך אָנגעזעצט אויף מיין הויזגעזינט, טאַטע זיסער... מיט וואָס האָב איך עס אַזוי געזינדיקט, מיט וואָס? אַז אַלע מיינע חלומות, וואָס כ'האָב געחלומט די נאַכט און יענע נאַכט זאָלן אויסגיין צו זייערע קעפּ, צו זייערע קעפּ...

דאָס האָט זי געמיינט די, וואָס האָבן אויסגעפונען די דאָזיקע אויסטערלישע קרענק, וואָס האָט ניט אויסגעמיטן כמעט קיינעם פון אירע קינדערלעך; צו זייערע קעפּ האָט זי עס אויסגעבייטלט אַלע אירע חלומות בייזע, און קללות: — געזען אַן אָנשיקעניש?

ענגלישע קרענק אַהין און ענגלישע קרענק אַהער... אַז אַלע מיינע חלומות, פון די נאַכט און יענע נאַכט און פון אַ גאַנץ יאָר זאָלן אויסגיין צו זייערע קעפּ...

דאָקטאָר אַלטער געדענקט, אַז ער אַליין איז אויך געווען אַ קרבן פון דער דאָזיקער מחלה. ער טראָגט נאָך היינט סמנים דערפון, מינימאַלע סמנים, וואָס נאָר אַ דאָקטאָרס אויג קען דערזען — אָבער זיי זיינען פאַראַן. די איבעריקע קינדער אין שטוב האָבן ערגער אָפּגעשניטן. מלכה, די עלטסטע שוועסטער זיינע, האָט אפילו באַצאָלט שפּעטער מיטן לעבן דערפאַר; געהאַט אַן אויסגעקרומטן ביינער-געשטעל אין דער שויס — און געבליבן ביים ערשטן קינד. די דאָקטוירים האָבן געזאָגט, אַז דאָס קינד איז געווען צו גרויס און ניט געקענט זיך אַרויסקריגן צוליב דער געווינטערינס קרומען שויס, און זי איז געשטאָרבן איידער מ'האָט זיך אַנטשלאָסן אויף אַ קייזערשניט.

בכלל האָט ער, בנימין, געהאַט מער מזל ווי די איבריקע קינדער אין שטוב. ניט נאָר ער האָט ווייניקער געקרענקט, נאָר אויך געהאַט אַ בעסערן קאָפּ ווי זיינע ברידערלעך און שוועסטערלעך, זיך בעסער געלערנט פון זיי, אַ סך בעסער. מ'האָט אים באַלד אין די יונגע יאָרן פאָרויסגעזאָגט, אַז ער וועט אויסוואַקסן אַן עילוי. ער האָט געהאַט אין ווערמען אַריינגעצוגעראָטן, אין זיידן בנימין, דער מאַמעס טאַטע, וואָס האָט געשמט מיט זיין עילוישן קאָפּ און באַזונדערש מיט זיין ספר, דעם „חידושי בנימין“, און וועלכן מ'האָט אַנדערש ניט גערופן אין די למדנישע קרייזן ווי דער „בעל-חידושי-בנימין“. און שפּעטער, ווען מ'האָט זיך אַרומגעזען, אַז ער וועט ניט גיין אין די דרכים פון זיין גרויסן זיידן — האָט מען אים פאָרויסגעזאָגט, אַז ער וועט זיין אַ דאָקטאָר, מסתמא אַ דאָקטאָר; מיט אַזאַ שאַרפן קאָפּ מוז מען דאָך כאָטש ווערן אַ דאָקטאָר.

און ער איז טאַקע געוואָרן אַ דאָקטאָר. געאַרבעט שווער, געטון אַלע עבודות, כדי צו פאַרדינען אויף עסן און לערנען און אויך צו קענען אַרויסהעלפן מיט עפּעס טאַטע-מאַמע — און דאָס זייניקע דערגרייכט: געוואָרן דאָקטאָר. און דווקא אַ גאָר באַרימטער דאָקטאָר. ווען ער איז ניט קיין ייד — וואָלט ער געוואָרן פּראָפעסאָר. און אַ ספר אָנגעשריבן, גאָר אַ וואַזשנע ספר...

דאָקטאָר אַלטער האָט זיך דערמאָנט אין זיין בוך, וואָס ער האָט אַ שטויס געטון מיטן פוס אונטערן בעט, און גענומען לאַכן אויפן קול. ער איז צוגעגאַנגען צום בעט, אַראָפּגעבויגן זיך און גענומען דאָס בוך אין דער האַנט אַריין.

— חידושי בנימין השני, האָט ער גענומען נאָך העכער לאַכן. חידושי בנימין השני... די חידושים פון בנימין דעם צווייטן...

ער האָט ווידער אַ שליידער געטון דאָס בוך פון האַנט און נאָכגעשליידערט עטלעכע שווערע ווערטער, ווי שטיינער:

— אַוועק צום טייוול! מ'דאַרף דיך ניט, גוצלאָז! אָן רפואות ביסטו אַ גאָרניט... אָן לעבער־טראָן, אָן וויגאַנטאָל, אָן וויטאַמינען, אָן קאַלך, אָן שטראַלן — האָסטו קיין ווערט ניט! אָן מאָטלען — ביסטו ניט מער ווי פּאַפּיר, אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט! .. אַ ברכה לבטלה, ניט מער!... אַוועק!... אָן מאָטלען, אָן מאָטלען...

דער געדאַנק וועגן מאָטלען האָט ביי אים אָפּגענומען דאָס לשון. ער האָט געוואָלט צוריקציען דאָס וואָרט, צוריקציען די מחשבה, אָבער ער האָט זיך פּלוצים דערפילט אומבאַהאָלפן, ווי איינער וואָס האָט אַ שליידער געטון אַ שטיין פון אַ באַרג אין אָפּגרונט אַריין, און קען אים ניט צוריקכאַפּן; ער האָט זיך דערפילט אומבאַהאָלפן ווי אַ קינד, וואָס האָט אָפּגעטון אַ גאַרישקייט און נעמט וויינען אויס מורא פאַר דער מאַמעס כעס. האָט ער גענומען וויינען. אויסגעבראָכן מיט אַ ביטער געוויין, און געוויינט ביז עס האָבן אים אויסגעפעלט טרערן. געוויינט ווי אַ קינד.

* * *

דאָס לעצטע פלעשעלע „וויגאַנטאָל“, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר אַן ערנסטן פאַל, האָט ער אַוועקגעגעבן דינהן, דער וועשערקע, פאַר איר „ענגליש“ מיידעלע. ער האָט איר דערלאַנגט די רפואה אין דער האַנט און אַ לאַנגע צייט געדרוקט די האַנט אירע. טרערן זיינען געשטאַנען ביי אים אין די אויגן. ער האָט ניט געקענט אַרויסקריגן קיין וואָרט פון מויל.

דינה האָט געהאַלטן דאָס פלעשעלע אינאיינעם מיטן דאָקטאָרס האַנט און געקוקט אויף אים מיט בענטשנדיקע אויגן.

ער האָט געקוקט אויף איר. אויף איר מיידעלע, וואָס האָט זיך קוים געהאַלטן אויף אירע אויסגעבויגענע פיסעלעך און טרערן האָבן

גענומען רינען איבער זיינע באַקן, גרויסע, שווערע טרערן. דינה האָט זיך אויסגעדרייט, כדי ניט צו זען די טרערן, און כדי צו פאַרשטעקן דאָס געוויין, וואָס האָט זיך געריסן פון אירע אייגענע אויגן. דאָקטאָר אַלטער האָט גאָכגעלאָזן דינהס האַנט און שטיל אַרויסגעברומט:

— היט דאָס פּלעשעלע ווי אַן אויג אין קאָפּ... גיט דערפון ניט מער ווי איין טראָפּן מיטאַמאָל, איין מאָל אין טאָג...

— וויפיל? האָט דינה איבערגעפרעגט, מיינענדיק, אַז זי האָט שלעכט געהערט.

— איין טראָפּן, האָט ער שטיל איבערחזרט.

— איין לעפעלע מיינט איר, איר מיינט אַ לעפעלע...

— איך מיין וואָס איך זאָג, מיין איך... וועט עס לענגער דויערן...

— איין טראָפּן? האָט זי איבערגעפרעגט אויפהויבנדיק אויף אים אַ פּאָר אויגן פול מיט חידוש און מיט טרערן.

— וואָס זייט איר טויב, האַ? האָט דער דאָקטאָר געענדערט זיין טאָן. טויב, וואָס?

— ניט טויב, נאָר עפּעס...

— וואָס הייסט עפּעס, עפּעס... וואָס עפּעס, צו אַלדע שוואַרץ יאָר?! איך זאָג דאָך אייך אויף יידיש, זאָג איך דאָך אייך...

די מוטער איז געשטאַנען מיטן קינד, וואָס האָט זיך געטוליעט צו איר, און ניט געקענט געפינען קיין וואָרט אונטער די ציטערדיקע צונג און ליפּן.

— זאָל איך אייך אפשר זאָגן אין דייטש? אָדער אין פּויליש?

— האָט ער דערהויבן נאָך שטאַרקער דעם טאָן און גענומען שפּרייזן מיט גיכע טריט אַהין און אַהער.

דינה האָט באַקומען נאָך גרעסערע אויגן און נאָך מער גענומען ציטערן מיט די ליפּן.

— און אפשר אייך זאָגן אויף העברעאיש, האַ? האָט ער ווייטער אָנגעהאַלטן. טפּה אחת, טפּה אחת. און אפשר גאָר אויף לאַטיין?... יאָ, אויף לאַטיין, די שפּראַך פון די דאָקטוירים: אונאַ גוטטאַ, גוטטאַ אונאַ... טפּה אונאַ... גוטטאַ אחת... גוט-טטטאַ-אַאַאַ! — — —

דינה האָט געכאַפּט איר קינד אויף די אָרעמס און צוגעלאָפן צו דער טיר. דאָס קינד האָט זיך דערשראָקן און אויסגעבראָכן מיט

אַ ביטער געוויין. דאָקטאָר אַלטער איז צוגעלאָפן, געעפנט די טיר, און איבערחזרט: איין טראָפּן, ניט מער, וועט עס לענגער קלעקן...

און ווען זיי זיינען שוין געווען ווייט, האָט ער זיי נאָכגעשריגן: איין טראָפּן, ניט מער! וועט אפשר געשען אַ נס, אַ נס... ווי מיט דעם אייל־קריגל אין בית המקדש!...

ער האָט זיי לאַנג נאָכגעקוקט. דערנאָך האָט ער גענומען שפּרייזן איבערן צימער און איבערחזרט צו זיך „אַ נס", „אַ נס", „אַ נס", און ביי יעדן וואָרט געמאַכט אַ טריט, אַ וואָרט און אַ טריט: „אַ נס" און אַ טריט, „אַ נס" און אַ טריט, „אַ נס" און אַ טריט.

דערנאָך האָט ער זיך אַנידערגעזעצט אַ שווערער און גענומען לאַכן אויפן קול:

—אַ נס, האַ־האַ־האַ!... זעט נאָר ווער רעדט עס וועגן אַ נס, האַ־האַ... עס וואָלט געפּאַסט פאַרן זיידען, ר' בנימין הראשון, דעם ערשטן... אָבער ניט פאַר דאָקטאָר אַלטער, דעם בנימין השני, דעם צווייטן... אַז מאָטל, אַז מאָטל איז ניט צוריקגעקומען — ווי קען מען עס ריידן וועגן נסים? ווי קען מען?... סיידן, סיידן ער זאָל קומען... אַז עס איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי אַ נס, מוז ער דאָך קומען, מוז ער דאָך!...

ער האָט זיך אויפגעשטעלט און ווידער גענומען שפּרייזן: „אַ נס" און אַ טריט, „אַ נס" און אַ טריט, „אַ נס" און אַ טריט.

אַ שטיל קלאַפּן אין טיר האָט איבערגעריסן זיינע טריט. עס איז אַריינגעקומען אַן אָרעמע מאַמע מיט אַ קינד. ער האָט אַדורכ־גענומען דאָס קינד מיט די אויגן און געמאַכט אויפן בליק די דיאַגנאָז:

— ענגליש.

און אַ ברום געטון אונטער דער נאָז:

— קומט מאָרגן.

— וואָס הייסט — מאָרגן? האָט די מוטער זיך געבייזערט. איך ברויך דאָך היינט. גיט מיר כאָטש אַ פלעשעלע „וויגאַנטאָל", גיט מיר...

— מאָרגן, האָט ער איבערחזרט. איך האָב ניט, נעמט מיר צו דאָס האַרץ, נעמט — איז ער איבערגעגאַנגען אויף אַ שרייאיקן טאָן. מאָטל וועט קומען מאָרגן, וועט ער ברענגען רפואות, קומט מאָרגן!

קומט איבערמאָרגן, קומט אין עטלעכע טעג... ער מוז דאָך קומען... גאָט וועט דאָך ניט לאָזן אויסגיין אַן עדה יידן אָן רפואות. וואַרט נאָך צו...

די מוטער איז געשטאַנען אַן אומבאַהאָלפענע און געווישט די טרערן, וואָס זיינען גערינען איבער די באַקן. זי האָט גענומען דאָס קינד אין די אָרעמס און אַרויס, קוקענדיק בייז אויפן דאָקטאָר.

— מ'וועט זיך פריער דערוואַרטן משיחן, ווי אייער רפואה, האָט זי אים אַ שלײדער געטון אין פנים, און גענומען אַריינריידן כלומרשט אין קינד אַריין, שוין אויף יענער זייט טיר: אַ דאָקטאָר איז עס? אַ שוסטער, ניט אַ דאָקטאָר... אַפילו ניט אַ טאַפּ געטון דאָס קינד, ניט בודק געווען... אַ שוסטער... ניט אַ דאָקטאָר...

דאָקטאָר אַלטער האָט עס דערהערט. ער האָט זיך זייער שטאַרק צעלאַכט, ניט געקענט זיך איינהאַלטן.

— גערעכט, האָט ער גענומען קייכן. גע—רעכט!... אַ דאָקטאָר — אָן רפואות איז געגליכן צו אַ שוסטער... אַ דאָקטאָר, און דערצו אַזאַ גרויסער מומחה ווי דאָקטאָר בנימין אַלטער — וואָס קען ניט אויסהיילן אַ באַנאַלן פאַל פון ענגלישע קרענק, וואָס קען ניט אָפּשטעלן די פאַרשפּרייטונג פון דער דאָזיקער קרענק צווישן די געטאָ־קינדער — אַזאַ דאָקטאָר איז קיין דאָקטאָר ניט, נאָר אַ שוסטער, נאָך ערגער ווי אַ שוסטער! גערעכט, גע—רעכט!

דאָקטאָר אַלטער האָט געעפנט די טיר פון זיין צימערל, אַראָפּגעריסן די גרויסע אָרעמס פון רויטן קרייץ, אָפּגעמעקט דאָס וואָרט „דאָקטאָר“ פון דעם טיטל זיינעם, איבערלאָזנדיק בלויז דעם נאָמען זיינעם — אַלטער. סתם — אַלטער. אַז מענטשן זאָלן מער ניט טועה זיין זיך ברויכנדיק אַ דאָקטאָר, און זיי זאָלן וויסן פון איצט אָן, אַז דאָ וווינט הער אַלטער, דער פאַן אַלטער, און ניט דאָקטאָר אַלטער. דאָקטאָר אַלטער איז ניטאָ מער. געשטאָרבן. נעלם געוואָרן אינאיינעם מיט מאָטלען, אינאיינעם מיט די רפואות...

ער איז צוריק אַריין אַ צופרידענער צו זיך, צוגעשלאָסן די טיר און אַרויפגעוואָרפן זיך אין די בגדים אויפן בעט. ער האָט באַשלאָסן קיינעם מער ניט אַריינצולאָזן אין צימער אַריין, קיינעם ניט. סיידן מאָטלען, סיידן מאָטלען, סיידן מאָטלען...

* * *

און ווען מענטשן זיינען געקומען אין רעוויר און געזען די אַראָפּ־געריסענע אָרעמס פון רויטן צלם, דעם אויסגעמעקטן טיטל ביים דאָקטאָרס נאָמען, און געטראָפן די טיר פאַרמאַכט פון דרינען — האָבן זיי שוין מער ניט געקענט זיך צוריקהאַלטן, און געבראַכט דאָס אויסטערלישע וואָרט איבערן מויל:

— משוגע.

דאָס וואָרט איז איבערגעגאַנגען פון מויל צו מויל און פאַר־וואַנדלט זיך אין אַ קרעכץ:

— משוגע, נעבעך.

און פאַרוואַנדלט זיך אין אַ טיפן זיפץ:

— משוגע, וויי איז מיר.

דאָס דאָזיקע אויסטערלישע געשעעניש האָט פאַרצויגן דעם טרויעריקן געטאָ־הימל מיט נאָך אַ וואָלקן, ווי בשעת אַ נייער גזירה.

# פ ר י י ד

.1

גראָד צו די שלושים האָט זי געבראַכט אויף דער וועלט דאָס קינד. איר טאַטע האָט עס ניט דערלעבט. ער האָט זיך אַזוי גע־ווינטשן אַ בן־זכר ביי זיין דבורהלען, און ניט זוכה געווען ביי זיין לעבן. זיין ווייב האָט אים געבוירן ניט מער ווי איין קינד, דבורהלען — האָט ער געבעטן ביי גאָט, אַז ווען זיין טאָכטער וועט גיין צו קינד, זאָל זי האָבן אַ יונגעלע, אַ בחורל, וואָס זאָל קענען זאָגן קדיש נאָכן זיידען.

צווישן דעם מנין אָנגעזעענע יידן, וועלכע מ'האָט געשאָסן ווי ערובניקעס — איז ער געגאַנגען פון דער וועלט.

מ'האָט דאָס קינד אַ נאָמען געגעבן דודל, נאָך זיין גרויסן זיידען, דעם קדוש, און טאַטע־מאַמע און די באָבע האָבן נאָך מער טרערן פאַרגאָסן צוליב דעם, וואָס דער זיידע האָט ניט דערלעבט צו זען ווי זיין תפילה איז מקוים געוואָרן און דאָס גרויסע גליק, וואָס האָט אויסגעפולט אַלע ווינקעלעך פון דער ענגער שטוב.

דודל איז געוואַקסן ווי אַ מלאכל און געווען געראָטן אינגאַנצן אינעם זיידען. וואָס עלטער ער איז געוואָרן אַלץ בולטער האָט זיך געזען די ענלעכקייט. די הער־עלעך זיינען ביי אים געוואָרן רויט, ווי אַ שקיעהדיקע זומער־זון, די אויגן בלוי, ווי אַ בין־השמשותדיקער זומער־תכלת, און ווען אויף זיין פנימל האָט זיך גענומען באַווייזן דער ערשטער שמייכל, איז עס געווען אַזאַ שמייכל, ווי מ'פלעגט עס תמיד זען ביים זיידען, אַ קלוגער און גוטמוטיקער שמייכל, וואָס האָט געגעבן בטחון און געוועקט דרך ארץ.

ווען די באָבע האָט געקוקט אויף אים, האָט זי תמיד געהאַט אַ געמיש פון טרערן און פון פרייד אין אירע אויגן, אויף איר איינגעשרומפענעם פנים. ווען דבורהלע, אָדער שלום, דער טאַטע, זיינען געווען אין שטוב, האָט די פרייד גענומען די אויבערהאַנט; אָבער ווען זי איז געבליבן אַליין מיטן קינד — האָבן טרערן גענומען רינען שטראָמענווייז און געלאָשן די פריידיקע פלעמעלעך פון אירע אַלטע אויגן.

.2

דבורהלע האָט איבערגעריסן איר אַרבעט אין מעבל-לאַגער. דאָס קינד האָט איר צוגענומען די גאַנצע צייט. זויגן דאָס קינד יעדע דריי שעה איז ניט געווען אַזאַ שווערע זאַך, אָבער די הויפטזאַך איז געווען צו האָבן מילך אין די ברוסטן און קענען אָנגיין ווי אַמלענגסטן מיטן דערנערן.

דבורהלע פלעגט זיך תמיד דערמאָנען די רייד פון גאָדל, דעם פעלטשער, און שיינעם יידן, וואָס איז געגאַנגען פון דער וועלט אינאיינעם מיט איר טאַטן — די רייד, וואָס ער פלעגט איבערחזרן, ווען אַ קינד איז געבוירן געוואָרן, אָדער ווען ער האָט געזען אַ מאַמע מיט אַן עופהלע אויף איר אָרעם: געדענק, טייערינקע — ער פלעגט אַלעמען דוצן — אַז אַ מאַמעס האַרץ און אַ מאַמעס מילך קען מען מיט גאָרניט ניט פאַרטרעטן... ווען ער לעבט איצט, וואָלט ער זיכער געקומען צו איר, און געוואָרנט מיטן פינגער, ווי אַ מלמד: געדענק, דבורהלע, אַ מאַמעס האַרץ און אַ מאַמעס מילך קען גאָרניט אין דער וועלט ניט פאַרטרעטן...

האָט זי געטון אַלעס אין דער וועלט כדי צו האָבן פולע ברוסטן און קענען געבן דעם קינד איר אייגענע מילך. דאָס ביסל מילך, וואָס מ'האָט איר צוגעטיילט, האָט ניט געקענט קלעקן אָנצופולן די ברוסט-דריזן פאַר איין מאָלצייט אַפילו אין טאָג. האָט זי פאַרבראַכט צווישן איין זויגן און צווייטן אין גאַס אויף צו זוכן מילך, פוטער, קעז, און נאַרהאַפטע שפייז, כדי צו פאַרוואַנדלען עס אויף מילך פאַרן קינד. זי האָט געצאָלט די טייערסטע פרייזן, פאַרזעצט די טייערסטע זאַכן אויף דעם צוועק.

אויסער די אַרבעט אין דער שלאָסעריי, האָט שלום גענומען צוהאַנדלען מיט אַלטוואַרג און ברוכוואַרג, כדי צו קענען געבן מער

געלט דבורהלען אויף מילך פאַר דודלען, און געהאָלפן אַליין אויס־צוגעפונען די געהעריקע קוועלן, אויסצוגעפונען יידן וואָס האַנדלען מיט די פויערים אויסערן געטאָ, אָדער שמוגלען אַריין פון די מילך־קראָמען אויף יענער זייט.

דודל איז געוואַקסן געזונט און קרעפטיק, און ביי זיין מאַמען זייגען די ברוסטן תמיד געווען פול; זי האָט קוים געקענט איינהאַלטן די מילך צווישן איין געבן די ברוסטן און צווייטן.

3

אָבער ווען דבורהלע איז אַהיימגעקומען פון דער לוויה און גע־וואָלט געבן דודלען צו זייגן, האָט זי געזען אַז די ברוסט איז שלאַ־בעריק און ליידיק און קיין טראָפּן מילך איז אין איר ניט פאַראַן. זעט זיך אויס, אַז אינאיינעם מיט איר מאַמען האָט זי געלאָזן אויפן בית־החיים די רעשטלעך מילך, די לעצטע טראָפּנס מילך.

זייט די מאַמע איז אַוועקגעפאַלן אויפן האַרץ, האָבן ביי דבו־רהלען די ברוסטן גענומען טרוקענען און מיט יעדן טאָג איז די מילך געוואָרן קאַרגער. דער דאָקטאָר איז געקומען, געגעבן איינשפּריצו־נגען, אָבער ניט געגעבן קיין האָפענונג. דריי טעג האָט זיך די באָבע געראַנגלט מיטן טויט. זי איז געלעגן אָן באַוווסטזיין, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט־אָט הויכט זי אויס איר לויטערע נשמה. דעם לעצטן פאַרטאָגס האָט זי זיך אויפגעריסן, אויסגעצויגן די הענט און אַרויסגעשעפּטשעט צווישן די פאַרקלעמטע ציין: דודל...

מ'האָט איר דערלאַנגט דאָס קינד. זי האָט עס אַרומגענומען מיט איין האַנט און מיט דער צווייטער גענומען קלאַפּן אין האַרץ, באַוועגנדיק ציטערדיק מיט די ליפּן: אָשמנו... בגדנו... גזלנו... דבר...

זי האָט ניט פאַרענדיקט. אויסגעהויכט די נשמה אינמיטן ווידוי.

דודל האָט געוויינט. ער האָט פאַרלאַנגט דער מאַמעס מילך, כאָטש אַביסל, כאָטש עטלעכע טראָפּן. ער האָט געביסן דעם וואָרצל, אָנגעבלאָזן די בעקעלעך — אָבער אָן דערפאָלג. די מאַמע האָט אויך געוויינט, אָבער אירע טרערן האָבן ניט געקענט פאַרטרעטן די מילך. עס האָט לאַנג געדויערט ביז דודל האָט זיך צוגעוווינט צו פרעמדע מילך, צו אַ פלעשעלע, צו אַ גומענעם וואָרצל. עס איז אים ניט גאַ־

קומען. זיין מענעלע האָט עס ניט געקענט פאַרדייען, און דער שמייכל איז פאַרשווינדן אויף עטלעכע וואָכן פון זיין פּנימל.

דבורהלע איז געזעסן טאָג און נאַכט ביים וויגעלע און געקוקט אויף דודלן, און געדאַכט האָט זיך איר, אַז דאָס קינד זעט ערגער אויס, ווערט פון טאָג צו טאָג מאָגערער. עס האָט איר ווי געטון, אַז אַזאַ פּיצעלע עופהלע מוז אַזויפיל ליידן, ערשט עטלעכע חדשים אַלט, און שוין האָט עס קיין זיידען ניט, און קיין באָבען ניט, און שוין מוז עס אָנקומען צו פרעמדע מילך, צו קו־מילך.

זי האָט זיך אָפּט דערמאָנט אין די רייד פון ר' גאָדל, דעם קדוש: געדענק, אַ מאַמעס מילך און אַ מאַמעס האַרץ קען מען מיט גאָרניט ניט פאַרטרעטן, מיט גאָרניט...

און יעצט, בלייבט איר ניט מער ווי דאָס האַרץ; קיין מילך האָט זי ניט מער, אָבער אַ האַרץ האָט זי. זי האָט זיך געטרייסט: סייווי וואָלט ער מער, ווי נאָך עטלעכע חדשים, איר מילך ניט באַדאַרפט, אָבער איר האַרץ וועט ער דאַרפן דאָס גאַנצע לעבן, אַ מאַמעס האַרץ, וואָס גאָרניט קען פאַרטרעטן. האָט זי זיך אָפּגעווישט די טרערן, וואָס האָבן געוואַרט אין די אויגן־ווינקלען געווײנט צו ווערן, און אַרויפגעצויגן אַ שמייכל אויף איר פּנים. דודל האָט צוריקגעשמייכלט.

### 4.

ווען ביי דודלן האָט זיך פּלוצים באַוויזן היץ און ער האָט גאָר ניט געוואָלט נעמען אין מויל אַריין, נאָר געהאַלטן אין איין וויינען און שרייען — האָט דבורהלע אַרויפגערופן אַ דאָקטאָר. דער דאָקטאָר האָט געזוכט און געטאַפּט, און לסוף אויסגעפונען: ציינדעלעך; אַז דאָס גייט ער שווער צו די ציינדעלעך, און עס וועט אַדורך.

דבורהלע האָט שוין ביי דער זעלבער געלעגנהייט געפרעגט אַן עצה פאַר זיך. זייט עטלעכע וואָכן פילט זי זיך ניט מיט אַלעמען, עס איבלט איר אונטערן לעפעלע, און האָט קיין כוח ניט אין די פיס, און פאַרדייעט דאָס עסן ניט. דער דאָקטאָר האָט עס דערקלערט מיט דערשעפּונג, אויסמאַטערונג און געהייסן זיך בעסער דערנערן, ניט איבערנעמען זיך אַזויפיל. קיין מעדיצין האָט ער ניט

פאַרשריבן, ווייל סיווי קען מען עס ניט באַקומען אין געטאָ, און די דייטשן גיבן לעצטנס גאָרניט אין רעוויר אַריין.

אָבער עטלעכע וואָכן נאָכן דאָקטאָרס באַזוך האָט זי אַליין געפונען די סיבה דערפון. זי האָט גענומען אַנען, אַז זי ווערט אַ מוטער נאָכאַמאָל. עס האָט איר איינגאַנצן דערמאָנט אין די סימנים, וואָס זי האָט געפילט ערשט ניט לאַנג, ווען זי האָט געשווענגערט מיט דודלען.

ווען שלום איז אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט איז זי אים אַרויפגעפאַלן אויפן האַלדז און אָנפאַרטרויט דעם סוד. שלום האָט ניט געוווּסט צי זאָל ער זיך פרייען, צי זאָל ער גאָר טרויערן. ער איז גיכער געווען געגנויגט צו דעם לעצטן, נאָר ער האָט ניט געוואָלט פאַרשאָטענען דבורהלעס פרייד.

— עס וועט זיין אַ מיידעלע, האָט זי אים געפליסטערט אין אויער אַריין — אַ טעמערל... מיר האָבן שוין אַ דודל, און איצט וועט קומען אַ טעמערל, די מאַמע...

דבורהלע איז געווען גליקלעך. שלום האָט געטיילט איר פרייד.

5.

אַנומעלט איז שלום אַהיימגעקומען פריער ווי תמיד. ער איז געווען צופרידן, אַז דבורהלע איז גראָד ניט געווען אין שטוב, מסתמא געגאַנגען זוכן מילך פאַרן קינד און ברויט פאַרן אָוונט-מאָל. ער האָט זיך אַרומגעדרייט אין שטוב און געטראַכט ווי אַזוי אָנצוהויבן דעם שמועס מיט דבורה׳לען, און איבערגעבן איר די שלעכטע קלאַנגען, וואָס טראָגן זיך איבערן געטאָ. ער האָט שוין עטלעכע מאָל געוואָלט איר זאָגן דערוועגן, אָבער ער האָט ניט געוואַגט. ער האָט פון לאַנג שוין געוווּסט, וועגן געוויסע פּלענער, וואָס די דייטשן גרייטן צו פאַר די געטאָ יידן, באַזונדערס די אַלטע-לייט און קינדער, ווי זיי האָבן עס געטון אין די געטאָס אין די שכנותדיקע שטעטלעך. ער האָט שוין אַפילו גערעדט מיט אַ פּוילישן מייסטער אין שלאָסעריי, וועלכער האָט אים צוגעזאָגט, פאַר אַ סך געלט, אַרויסצונעמען דודלען פון געטאָ און געבן אים צו אַ פּויער אויף דערציאונג. ער האָט עס געטון אָן דער מוטערס וויסן, אָבער ער האָט ניט געזען קיין אַנדערן אויסוועג צו ראַטעווען דאָס קינד.

אַזוי ווי דער פּחד איז געוואָרן וואָס אַמאָל גרעסער און מ'האָט געמוזט אַריבערגיין צו מעשים, האָט ער באַשלאָסן צו זאָגן דער־וועגן דבורהלען, אונטערקומען איר אַזוי, אַז איר האַרץ זאָל קענען אויסהאַלטן.

ווען דבורהלע האָט אים באַמערקט אין שטוב, האָט איר פּנים זיך צעשיינט פאַר גליק, און זי האָט אויסגערופן מיט אַ טאָן פול מיט פרייד און נצחון: מזל־טוב, מזל־טוב... דודל האָט באַקומען דאָס ערשטע ציינדעלע, מזל־טוב!

— מזל־טוב, האָט שלום נאָכגעזאָגט מיט אַ געמאַכטן שמייכל אויף די ליפּן. מזל־טוב.

— ווו ביסטו געווען? האָט זי געהאַט טענות צו אים. איך בין געלאָפן אין שלאָסעריי, דיר אָנזאָגן די בשורה; זעט זיך אויס מיר האָבן זיך געמיטן אין וועג...

— יאָ, געמיטן זיך אין וועג, האָט ער נאָכגעזאָגט מעכאַניש.

דבורהלע איז צוגעלאָפן צום וויגעלע, אַרויסגענומען דודלן און געזעצט זיך אויפן בעט.

— גיב אַהער אַ לעפעלע שלום, האָט זי באַפוילן — וועסטו הערן דעם קלאַנג פונעם ציינדעלע, מ'זעט עס נאָכנישט אַזוי גוט, ווייל עס האָט זיך אָקאָרשט אויסגעפּיקט, גיב אַ לעפעלע.

שלום האָט געבראַכט אַ לעפעלע, אַנידערגעזעצט זיך אויפן בעט און גענומען קלאַפּן מיטן הויקער פון לעפעלע אינם אונטערשטן גומען פון קינד. דודל איז געווען צופרידן און אָנגעפילט דאָס לעפעלע מיט געלעכטער און מיט אַ דינעם געקלאַנג, מיט אַ דינעם, מעטאַ־לענעם קלינג.

דבורהלע און שלום האָבן אויפגעהאַלטן דעם אָטעם און זיך צוגעהאָרכט צום קלאַנג, וואָס קריגט זיך אַרויס צווישן לעפעלע און ציינדעלע, און צו דודלס געלעכטער, וואָס פילט אוים אַלע ווינקע־לער פון שטוב און ניט געוווסט וואָס צו טון פאַר גליק.

דבורהלע האָט זיך צעוויינט פאַר גרוים פרייד.

שלום האָט זיך אויך צעוויינט.

# דער מסור

.1

פון דער ערשטער רגע האָט מען זיך אויסגעהיטן פאַר יונה קצב. מ'האָט געזען, אַז ער חברט זיך מיט די דייטשן, אַז ער טרינקט און שיכורט מיט זיי. און מ'האָט געזאָגט, אַז ער מסרט. וויפל מסי־רות ער האָט געהאַט אויף זיין געוויסן האָט מען געענוי ניט געוווּסט, אָבער וועגן איין מסירה האָבן אַלע גערעדט און געהאַט קלאָרע באַ־ווייזן. די דאָזיקע גבלה האָט אים קיינער ניט געקענט מוחל זיין.

דאָס זאָל ער האָבן צוגערעדט די דייטשן אַרויפצושטעלן פייוול שוסטער אויף דער ליסטע פון די צען אָנגעזעענסטע יידן פון געטאָ, וועלכע מ'האָט דערשאָסן ווי ערובניקעס, נאָך אַן אַטענטאַט קעגן אַ געסטאַפּאָ־אַגענט. מ'האָט זיך געחידושט: ווי קומט עפּעס פייוול שוסטער צווישן די צען אָנגעזעענסטע יידן? ווי קומט ער עפּעס צווישן די היגע גבירים און כלל־טוער. אַז בסך־הכל איז ער גיט מער ווי אַ שוסטער, אַן אַרויפגעאַרבעטער שוסטער, אָבער דאָך אַ שוס־טער?!

עס איז ניט אַנדערש — האָט מען עס אויסגעטייטשט — אַז דאָס האָט יונה קצב אַזוי געראָטן די דייטשן, כדי זיך אויף אַזאַ אופן אָפּצורעכענען מיט פייוולן, קעגן וועלכן ער האָט געטראָגן אַ בייז האַרץ זייט לאַנגע יאָרן. אַ נקמה פון אַ קצב־יונג אין זיין דם־שונא. און די שנאה פון יונהן צו פייוולן האָט זיך גענומען דערפון, וואָס פייוול האָט זיך ניט געוואָלט משדך זיין מיט אים. צירל, פייוולס טאָכטער, האָט דווקא יאָ געוואָלט, און אַפילו געחלשט — נאָר איר טאַטע האָט זיך איינגעעקשנט: — ניט ביי מיין לעבן...

און צו יונהן האָט ער געזאָגט: — נאָך מיין טויט, ניט פריער... מיין צירל קומט עפּעס בילכערס, קומט איר...

יונהן האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן. פייוול האָט טאַקע אַ סך מער געלט פון אים און אַ גרויסע קאָמעניצע אין מאַרק, אָבער אָנגע־הויבן האָט ער דאָך ווי אַ לאַטוטניק, אַ שוסטערל עפּעס, ווער גע־דענקט עס ניט?! און אַז דאָס מזל האָט אים צוגעשפּילט, איז ער דאָך פאָרט ניט מער ווי אַ שוסטער. איז, וואָס האַלט ער זיך דע־רונטער? וואָס איז ער אַזוי אין גרויסן? עס שטייט אים דער יחוס ניט אָן, וואָס?! ווען ער, יונה, קריגט אַזאַ גרויסן נדן, אָדער ווערט פּלוצים באַגליקט אויף אַן אַנדערן אופן — וואָלט ער זיך אויך אַרויפגעאַרבעט, פאַרלייגט זיך אַן אייגענע יאַטקע, און אַ פאַששאַר־ניע דערצו, און זיך גאָר אינגיכן געקויפט אַן אייגענע מויער אין שטאָט, וואָלט ער; ער איז קיין מפּיל־קינד ניט, יונה...

האָט ער געדרייט זיך אַרום צירלען, אַרום איר מאַמען, אַרום איר טאַטן, געגעבן צו פאַרשטיין, זיך געבעטן. צירל האָט געקוקט אויף אים מיט פאַרליבטע אויגן און געלעכצט נאָך זיינע ריזיקע אָרעמס, זיינע פליישיקע ליפּן, און נעכט גאַנצע ניט געקענט צוטון קיין אויג צוליב אים. איר מאַמע האָט זי גוט פאַרשטאַנען, נאָר זי האָט קיין דעה ניט געהאַט אין שטוב. און איר טאַטע האָט זיך גע־האַלטן ביים אַלטן.

— און פון ווען אָן איז עס אַ שוסטער בילכער פון אַ קצב — האָט יונה ניט געקענט איינהאַלטן דעם כעס און געוואָרפן אים דעם יחוס פאַר די פּיס — פון ווען אָן?!

— אַרויס! אַרויס פון מיין שטוב! — האָט פייוול זיך צע־שריגן און געכאַפּט אַ שטול אויף אים — דו, קצב־יונג, דו; אַ שטיק תינוף דיר אין מויל אַריין, און ניט צירעלע... אַ שטיק תי־נוף, דו, קצב־יונג!...

יונהן האָט גענומען די נכפה. ער האָט אַרויסגעכאַפּט דעם שטול פון פייוולס הענט און אַ זעץ געטון מיט אים אין זיין קאָפּ, אַז דער שטול איז זיך צעשפּרינגען. דערנאָך האָט זיך פייוול ניט באַוויזן עטלעכע וואָכן אין גאַס. אַ דאָקטאָר איז געגאַנגען צו אים דריי מאָל אין טאָג, אַזוי שמאָל האָט עס געהאַלטן מיט אים.

די גאַנצע שטאָט האָט גערעדט דערוועגן. עס האָבן זיך גע־שאַפן צדדים. איין צד האָט גענעבן גערעכט יונהן, איין צד —,פּייוולן, איין צד — ביידען. און איין צד — קיינעם ניט גענעבן גערעכט. מ׳האָט אַזוי לאַנג גערעדט דערוועגן און קאָמענטירט, ביז עס זיינען געקומען די פינצטערע טעג, און מ׳האָט געהאַט וועגן בילכערע זאַכן צו ריידן און צו טראַכטן.

.2

אָבער דער ענין מיט פּייוולס טויט אינאיינעם מיט די בכבודיקסטע יידן פון שטאָט, האָט דערמאָנט אין דער אַלטער מעשה. בייזע צינגער האָבן באַקומען לשון און איבערדערציילט זיך מיט גענויע פּרטים די געשיכטע פונעם אַלטן סכסוך צווישן יונהן און פּייוולן. מ׳האָט עס זיך איבערגעגעבן פון אויער צו אויער, בשתיקה, אַז יונה זאָל, חלילה, ניט אויסכאַפּן עפּעס אַ וואָרט, ווייל ער קען נקמה נעמען. וואָס קען מען וויסן, אַז איינער נעמט זינקן, איז דאָך ניט שייך; אַז אַ ייד, און דערצו אַ הפקרדיקער קצב־יונג, נעמט זיך חברן און מסחרן מיט דייטשן — איז ער דאָך צו אַלעם פעאיק, צו אַלעם . .

די אָנגעזעענע יידן, וואָס זיינען נאָך געבליבן, האָבן זיך באַמיט ניט צו מישן זיך בכלל דערין. יעדער איינער, פאַר זיך, איז געווען זיכער, אַז ווען ניט פּייוול, וואָלט דאָך ער אַליין, חלילה, דערגענצט דעם מנין פון די קדושים — האָט מען בשתיקה אָפּ...עבן אַ שבח צום רבונו של עולם, אַזוי זיך אַ שבח, אַז מ׳לעבט, אַז מ׳איז ניצול געוואָרן, ניט דערמאָנענדיק אַפילו אויף ווע‌מענס חשבון און אַ דאַנק וועמען . . . דער, וואָס האָרכט זיך צו צו תפילות און שבחים, און פאַרשטייט זיך אויף רמזים, האָט זיך געקענט לייכט אָנשטויסן אין וואָס עס גייט . . .

אָבער אַלע אַנדערע יידן האָבן עס ניט געקענט מוחל זיין, בשום אופן ניט. באַזונדערס, וואָס דער מנוול האָט זיך ניט באַגנוגנט בלויז מיט דער מסירה, נאָר אויך גורם געווען, אַז מ׳זאָל צירלן מיט דער מאַמען און אַלע יידישע לאָקאַטאָרן פון דער קאָמעניצע אין מאַרק אַרויסוואַרפן אין גאַס, און דייטשן זאָלן דאָרט איינאָרדנען איינעם פון זייערע הויפּט־אַמטן. עס איז ניט אַנדערש ווי זיין אַר־

בעט. ער האָט זיכער געוואָלט דערפירן צירלן צו אַזאַ צושטאַנד, אַז זי זאָל ניט האָבן קיין אַנדערן אויסוועג, ווי חתונה האָבן מיט אים, דעם מנוול.

אַ חברה ווילע יונגען, שיסטער, שניידערס, סטאָלערס, שלאָסערס און קצבים — און די קצבים האָבן זיך געטראָגן מיט מער שנאה צו יונהן, ווי אַלע אַנדערע — האָבן באַשלאָסן אָפּצוהיטן פּייוולס רצון, פּייוולס נאָמען, און ניט לאָזן דעם מסור געניסן פון זיין בלוטיקן שניט. זיי האָבן באַשלאָסן צו וואַרטן ביז יונה וועט זיך ווידער נעמען דרייען אַרום צירלען, כדי אים אָנצולערנען, געבן אים דעם פאַרדינטן פּסק.

זיי האָבן לאַנג ניט געמוזט וואַרטן אויף אים.

דעם דריטן טאָג שבעה איז יונה געקומען אינעם בוידעםשטיבל, וווּהין צירל מיט דער מאַמען האָבן זיך אַריבערגעצויגן, אין אַן אָרעם ליקל ביי אַ ווייטן קרוב — געקומען מנחם אבל זיין. ער איז געקומען אַ טרויעריקער און געטראָפּענער, ווי אַלע, וואָס קומען מנחם־זיין אבלים. די שטוב איז געווען פול מיט מענטשן, יונגעלייט, וואָס זיינען געשטאַנען אויסגעדרייט צום מזרח און געדאַוונט מנחה. צירל און די מאַמען זיינען געזעסן אין שוואַרצן אויף פּיסבענקעלעך און געהאַט רויטע אויגן פון וויינען.

ווען מ׳האָט באַמערקט, אַז ער איז דאָ, האָבן אַלע צוגעמאַכט די סידורלעך, און אָפּגעוואָנדן זיך פון מזרח. אַ רגע איז געווען שטיל. דערנאָך האָט זיך דערהערט אַ ברומען אונטער דער נאָז, דערנאָך אַ רעש, דערנאָך אַ געשריי, און ווילדע געוואַלדן:

— אַרויס, מסור!

— אַרויס, ירבעם בן נבט!

— אַרויס, בלוט־זויגער!

— אַרויס, פאַרקויפטע נשמה!

— אַרויס מיט אים, אַ טויט אים!

אַ מחנה מיט הענט האָט זיך אויסגעצויגן צו אים, אויפגעהויבן אים אין דער הויך, און צוגעשלעפּט צו דער טיר.

יונה האָט זיך געוועדט, און געפּרוּווט איבערשרייען זיי. מ׳האָט אים ניט געוואָלט הערן.

— ווייניק אַז דו האָסט צירלס פֿאָטער געפֿירט צום טויט, קומסטו נאָך שיטן זאַלץ אויף די ווונדן, רוצח, מסור — האָבן קולות געשריגן, און געריסן זיין האָר, זיין לייב.

— ניט אמת, האָט ער זיך געריסן פֿון זייערע הענט — אַ ליגן. איך ווייס גאָרניט. אַ בלבול, אַ בלבול, לאָזט מיך, לאָזט מיך!...

ער האָט זיך פֿאַרטיידיקט מיט זיינע ברייטע אָרעמס און אַקסלען, געוואָרפֿן זיך אין אַלע זייטן, אָבער זיי זיינען געווען שטאַרקער פֿון אים.. זיי האָבן אים צוגעטראָגן צו די שטיגן און אַ שליידער געטון אַראָפּצו מיט אַלע כוחות, ווי מ'וואַרפֿט אַ שטיין אין אָפּגרונט. זיי זיינען געווען זיכער, אַז ער וועט זיך שוין ניט קענען אויפֿהויבן.

— 3 —

ווען יונה איז פּלוצים אַריינגעטרעטן אין דער געטאָ־פּאָליציי, איז דער פֿאַרדאַכט קעגן אים געוואָרן נאָך גרעסער. אַפֿילו זיינע חברים, פּאָליציאַנטן, האָבן געקוקט אויף אים מיט חשד און געהיטן זיך פֿאַר אים. זיי זיינען געווען איבערצייגט, אַז דאָס איז ער אַריינ־געטרעטן אין פּאָליציי, כדי זיי צו שפּיאָנירן.

יונה האָט שטאַרק געליטן דערפֿון. ער האָט זיך באַמיט אויף פֿאַרשיידענע וועגן צו געפֿונען אַ פֿריינד צווישן זיי, צו קענען זיך דורכריידן און אַראָפּרייידן זיך פֿון האַרץ, אָבער קיינער האָט ניט גע־וואָלט ריידן מיט אים. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז יעדער אייגער זעט אין אים אַ שונא, אַ מסור, אַ פֿאַררעטער, אַ קרעציקן. ער האָט עס ניט געקענט אויסהאַלטן, און געלאָפֿן צום רב: אפֿשר וועט ער, דער אַלטער רב, וועלן אויסהערן און פֿאַרשטיין, און זוכן אַן עצה?

— רבי, האָט ער געשריגן, דאָס איז אַ בלבול, אַ שקר... רבי, נעמט אַראָפּ דעם חרם פֿון מיר, רבי, איר זוכט דאָך יאָ דעם אמת, טאָ האָרכט זיך איין, און משפּט, הייליקער רבי.

דער רבי איז געזעסן אַ פֿאַרטראַכטער, געהאַלטן מיט איין האַנט די ווייסע, לאַנגע באָרד, מיט דער צווייטער דעם שטערן און אָנגעשפּיצט די אויערן.

יונה האָט דערציילט, אַז ער איז גאָט די נשמה שולדיק. ער האָט ניט געמסרט. דאָס האָבן די דייטשן אַליין אַרויפֿגעשטעלט פּייוולן אויף דער ליסטע, קיינעם ניט געפֿרעגט. ער האָט ניט מער,

ווי געהאַנדלט אַביסל מיט עטלעכע דייטשן, אָבער ניט מער. און געהאַנדלט האָט ער, כדי צו קומען צו געלט, אַ סך געלט... אַז פּייוול זאָל זיך ניט מיאוסן מער מיט אים, און וועלן נעמען אַלם איידעם... געטראַכט, אַז מאָמער וועט ער קומען צו געלט, וועט פּייוול ניט שעמען זיך מער מיט אים, און באַוויליקן... אָבער כשרע געשעפטן געמאַכט מיט זיי, געקויפט און פאַרקויפט, ניט געגזלט, קיינעם ניט באַרויבט, ניט געמסרט...

— קיינעם ניט געמסרט, איר הערט רבי, קיינעם ניט — איז ער איבערגעגאַנגען אין אַ וויינענדיקן קול — קיינעם ניט, ווי כ'בין אַ ייד...

דער רב האָט געקוקט אויף אים מיט שפּיציקע אויגן, ווי ער וואָלט וועלן אַריינדרינגען טיף אין זיין קאָפּ און לעזן זיינע מחשבות.

— און, וואָס איז דער ענין מיטן הויז? האָט ער געפרעגט געלאַסן אויסציענדיק יעדעס וואָרט — פאַרוואָס האָבן זיי, זיי דווקא גענומען, גע־נו־מען דעם קדוש ר' פּייוולס, דעם קדוש ר' שרגא־פּייווישעס הויז, און ניט קיין אַנדער הויז, הא, הא־א־א?

יונה האָט זיך ניט פאַרטראַכט, נאָר גיך געענטפערט, אַז דער רב זאָל ניט מיינען, אַז ער גייט עפּעס זוכן אַן אויסרייד, אַ פאַסיקן תירוץ:

— מסתמא האָבן זיי אים דערשאָסן...

— ניט דערשאָסן, ניט דערשאָסן, נאָר דערפירט אים צו קדושת השם — האָט דער רב אים איבערגעריסן.

— מסתמא האָבן זיי עס געטון...

— זיי מוחל — האָט דער רב ווידער אויסגעבעסערט — שעם זיך ניט פאַר די רייד, און זאָג נאָך: מסתמא האָבן זיי, זיי אים דערפירט צו קידוש השם, ר' פּייווישן...

יונה האָט נאָכגעזאָגט און דערענדיקט: — מיטן צוועק צוצו־נעמען ביי אים שפּעטער דאָס הויז, צונעמען פאַר זיך, אַזאַ גרויסע קאָמעניצע, האָבן זיי זי באַדאַרפט... אַנדערש קען איך ניט פאַר־שטיין... וואָס מיינט איר, הייליקער רבי?

דער רב האָט זיך פאַרטראַכט און גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ:

— אַזוי, אַזוי... אַז מ'שפּילט זיך מיט פייער... אַז מ'איז זיך מתיר אַ מסחרל, אַ גלעזעלע, אַ חוזקל מיט, מיט — מיט וועמען? מיט די, די, וואָס זיינען געקומען להשמיד און לאבד זיין אונדזער פאָלק... מיט די עמלקים, מיט די ירבעם בן נבטס...

— אָבער, רבי, איך בין ניט שולדיק, איך בין ניט קיין מסור, קיין ירבעם בן נבט ניט, הייליקער רבי — האָט ער איבערהאַקט דעם רבס מוסר־רייד — איר מוזט געבן צו וויסן אַלע יידן, אַז איך בין קיין מסור ניט...

דער רב האָט זיך אויפגעשטעלט, צוגעגאַנגען צו אים מיט דריבנע טריט און אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף יונהס אַקסל: — איינער אַליין קען ניט פּסקנען, האָט ער שטיל געציילט יעדעס וואָרט. עס מוזן קומען בוררים, אויסהאָרכן די צדדים, אויסהאָרכן די טע־נות, נעמען אויף דער וואָג... אַ דין־תורה מוז זיין, אַ דין־תורה...

— רופט צונויף בוררים, זאָל זיין אַ דין־תורה, האָט יונה גע־בעטן, און געהויבן דעם טאָן — און תיכף! זאָלן יידן וויסן, אַז אַלעס איז אַ בלבול, אַ בלבול...

— אַ טעות אפשר, האָט דער רב אויסגעבעסערט. אַ טעות אפשר און ניט קיין בלבול; יידן מאַכן ניט אַזוי לייכט אַ בלבול, בלבול איז בכלל קיין יידיש וואָרט ניט, ניט יידיש...

— יאָ, אַ טעות. זאָלן אַלע זען, אַז זיי זיינען אין אַ טעות. רופט שוין דעם בית־דין, רבי.

דער רב האָט אים צוגעזאָגט צו פאַרנעמען זיך דערמיט ווי נאָר עס וועט זיין די געהעריקע געלעגנהייט, אָבער דערווייל האָט ער אַנדערע דאגות. עס גרייטן זיך נייע גזירות. עס קומט אַ נייער תשעה באב, עס דראָט דער אונטערגאַנג פון דער גאַנצער עדה. מוז ער בעטן גאָט יומם ולילה און מאָנען יושר, מאָנען רחמים. אָבער ער וועט געדענקען דערוועגן. ער וועט אים רופן גאָר אינגיכן צו דער דין־תורה.

יונה איז אַרויס אַ צופרידענער פון רב, און געפילט ווי אַ גרויסער און שווערער שטיין איז אים אַראָפּ פון האַרצן.

## 4

צומאָרגנס האָט זיך געמאַכט אַ מהומה אין געטאָ. אין אָוונט איז אַראָפּגעקומען אַ גרויסע אָפּטיילונג פון אוקראַאינער און ליטווינער, באַוואָפנט פון קאָפּ ביז פוס, און אַרומגערינגלט אַלע גאַסן, קיינעם ניט אַריינגעלאָזן און קיינעם ניט אַרויסגעלאָזן. עס האָט זיך געטון חושך. מ'האָט געזאָגט אַז מ'גייט פאַרשיקן אַלעמען, אויסער עטלעכע הונדערט אַרבעטס־פעאיקע און נויטיקע פאַך־לייט, און מ'גייט מאַכן אַ סוף צו דער גאַנצער עדה. פרומע יידן האָבן געטון תפילה און געבעטן גאָט ער זאָל אָפּשרייען די גזירה. ווייניקער־פרומע יידן זיינען פרום געוואָרן און געטון תפילה. אַנדערע האָבן געגראָבן גרובער, געמאַכט באַהעלטענישן, געזוכט בונקערס און געקראָכן באַצייטנס זיך פאַרשטעקן.

דער הויפּטמאַן, דער קאָמענדאַנט פון געטאָ, האָט פאַרזאַמלט אַלע יידישע באַאַמטע און פּאָליציי און באַצייכנט איין דריטל פון זיי צו שטעלן זיך מאָרגן פאַרטאָגס אין דינסט פון דער געסטאַפּאָ, און פאַרלאַנגט זיי זאָלן אויספירן אַלעס וואָס מ'וועט זיי הייסן. און דערפאַר באַלוינט ער זיי פון פאָראויס און דערלויבט זיי — נאָר די, וואָס ער האָט באַצייכנט — צו האָבן מיט זיך זייער נאָנטסטע משפחה, פרויען און קינדער; פאַר זייער צוועק ווערט אָפּגעגעבן אַ ספּעציעל הויז אויסערן געטאָ, און זיי וועלן קענען לעבן דאָרט אינאיינעם מיט די נאָנטסטע. די איבעריקע פּאָליציאַנטן און באַאַמטע האָט ער געהייסן זיך שטעלן אינאיינעם מיט אַלע יידן אויפן זאַמל־פּונקט, זיי וועלן באַהאַנדלט ווערן ווי אַלע יידן.

די, וואָס דער קאָמענדאַנט האָט אויסגערעכנט צווישן די מזלדיקע, זיינען גיך געלאָפן צו זיך אַהיים, גענומען ווייב און קינדער, און געזעגנט זיך מיט די איבעריקע. און די פריילעדיקע פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן ניט געהאַט קיינעם, האָבן באַשלאָסן אויף דער גיך חתונה צו האָבן, כדי צו קענען ראַטעווען אַ יידיש מיידל.

דער רב האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן גיכע חתונה־שיינען, כדי יעדער בחור, וואָס האָט דאָס רעכט, זאָל קענען ראַטעווען אַ מיידל. האָט מען זיך געלאָזט לויפן צו באַקאַנטע מיידלעך, צו טעכ־

מער פון קרובים, פון באַקאַנטע, כדי אַזוי נאָך אָפּראַטעווען אַ יידישע טאָכטער פון אַ זיכערן טויט.

יונה, וועלכער איז געווען צווישן די גליקלעכע, האָט זיך געלאָזט לויפן צו צירעלען. אינעם בוידעם־שטיבל איז געווען פול מיט מענטשן, דערשראָקענע און ציטערדיקע פרויען און מענער, וואָס זיינען געקומען באַזוכן די פייוולטע און ניט געטאָרט אַרויסגיין צוליב די אוקראַאינער. יונה איז אַריינגעלאָפן ווי אַ זאַווערוכע און גענומען דערציילן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם אין וואָס עס גייט.

צירל האָט גענומען כליפּן און געדרוקט זיך צו דער מוטער, ניט וויסענדיק וואָס צו טון.

— ניטאָ קיין צייט צו וויינען, האָט ער קאָמאַנדעוועט. איך וויל דיך ראַטעווען צירעלע! קום, איך בעט דיך.

מוטער און טאָכטער האָבן זיך פעסט אַרומגענומען און געוויינט אויפן קול.

— איך בין קיין מסור ניט, צירעלע — האָט ער אַריינגערעדט אין איר — גלויב מיר. דאָס איז אַ טעות, אַ טעות — ניט מער. איך בין ניט שולדיק... איך שווער דיר. גלויב מיר צירעלע, גלויבט מיר, יידן. איך וויל דיך ראַטעווען, קום! ניטאָ קיין איבעריקע רגע...

מוטער און טאָכטער האָבן זיך נאָך פעסטער אַרומגענומען און נאָך שטאַרקער צעוויינט.

— קום שוין, צירעלע — האָט ער זיך געבעטן מיט טרערן אין די אויגן — איך בין קיין מסור ניט. באַלד וועט זיין אַ דין־תורה, דער פסק וועט מיך ריינוואַשן, וועסט זען... איך וויל ראַטעווען דיין יונג לעבן... איך וועל צו דיר קיין מאָן ניט זיין, טאָמער דו ווילסט ניט... איך וועל דיך ניט צווינגען... וועסט צוואַרטן ביז דער דין וועט מיך ריינוואַשן, און אפילו שפּעטער, אַז וועסט וועלן, וועסטו קענען גיין צו אַן אַנדערן, אָבער דערווייל קום, יעדע רגע איז טייער, ראַטעווע דיך!...

די אָנוועזנדיקע יידן האָבן זיך צוגעהערט, צוגעקוקט, און געווישט זיך די אויגן, געבראָכן די פינגער, געריסן די האָר פון קאָפּ, און געגאַנגען פון זינען.

— הייסט עס — אַ סוף! אַ סוף, אַ תל עולם, האַ?

— איז, נעמט מיין טאָכטער, האָט זיך אַ מוטער אָנגערופן. זי וועט זיך ניט האַלטן דערונטער, ראַטעווע איר, זי איז אַ יתומה...

— איז, נעמט מיין טאָכטער, האָט אַ טאַטע זיך געבעטן, איך האָב אַ נדן פאַר איר, אַ גרויסן נדן, ראַטעווע איר.

פּלוצים האָט זיך יונה אויפגעריסן, אָנגעכאַפּט צירלען ביי דער טאַליע, אַרויפגעוואָרפן זי, ווי אַ קעלבל, איבער די אַקסלען — און געלאָזט זיך מיט איר צו די טרעפּ. צירל האָט זיך געוואָרפן, גע־ווערט זיך. יונה האָט זי געהאַלטן פעסט און געגידערט מיט איר פון טרעפּ, און אויף יעדן טרעפּל האָט ער איבערחזרט עטלעכע ווערטער פון זיין פריערדיקן צוזאָג: — וועסט ניט מוזן זיין אַ ווייב צו מיר, איך גיב דיר דאָס וואָרט... איך וויל דיך נאָר ראַטעווען, דערנאָך טו וואָס דו ווילסט... וועסט זען, כ'בין קיין מסור ניט... דער בית־דין וועט פּסקענען... איך וועל דיך ניט צווינגען, איך שווער דיר... איך וויל ניט האָבן דיין יונג לעבן אויפן געוויסן... מיין לעבן וואָלט דאַמאָלט קיין לעבן ניט געווען...

אַלע מאַמעס און טאַטעס פון טעכטער, און אַלע מיידלעך אין געטאָ האָבן צירלען מקנא געווען.

# פרייטיק־צו־נאכטס

אַ ווייס טישטעך איז געלעגן אויפֿן טיש און ליכט האָבן זיך געבּרענט און אויסגעפּוסט די שטוב מיט ליכטיקייט און שבּתדיקייט, אָבער בּיי יאַנטשע יוסטנערן אין האַרצן איז געווען פֿינצטער און וואָכעדיק. ער האָט זיך געדרייט אַרויף און אַראָפּ איבּערן שטוב מיט די הענט פֿאַרלייגט אויף הינטן און געבּרומט מיט אַ שבּתדיקן ניגון, ווי ער וואָלט וועלן פֿאַרטרייבּן די טרויעריקע געדאַנקען, וואָס האָבּן אים ניט אָפּגעלאָזן אויף קיין רגע:

שלום עליכם מלאכי השרת...

און צענומען די הענט:

מלאכי עליון ממלך מלכי המלכים...

און אַ קלאַפּ געטון האַנט אין האַנט:

הקדוש ברוך הוא...

און איבּערחזרט:

הקדוש ברוך הוא, הקדוש ברוך הוא.

דערנאָך האָט ער פֿאַרוואָרפֿן די אויגן אין דער הויך און אײַבּערגעגאַנגען אויף יידיש:

ווי אַזוי איז עס מעגלעך, טאַטע זיסער, הקדוש ברוך הוא, אַז דו זאָלסט ניט קענען העלפֿן, אַז מ'זאָל מוזן אָנקומען צו גויים, צו זייערע געטער, רחמנא לצלן, ווי אַזוי, ווי...

ער האָט ניט דערענדיקט און גענומען ווייטער בּרומען מיט אַ שבּתדיקן ניגון:

בּואכם לשלום מלאכי השלום...

ער איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, אָפּגעלענט אַביסל די לאָדן און אַרויסגעקוקט אין דער נאַכט אַריין, געוואָלט זען צי עס קומט ניט אָן דער וואָגן מיטן פויער, וואָס קומען נעמען דינהלען, זיין טאָכטער, און זי אַוועקפירן מיטן קינד צווישן גויים, צווישן פויערים, ווייט פון טאַטע־מאַמע, ווייט פון יידן. און עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער הערט די רעדער פון פויערישן וואָגן, אַז זיי דערנענטערן זיך, אַז די רעדער זיינען שוין דאָ, גייען איבער אים, אויף אים, און פאָרן איבער אים, איבער זיין קאָפּ, איבער זיין האַרץ. אָבער עס האָט זיך אים נאָר אויסגעדאַכט. עס איז געווען שטיל און פינצטער אין דרויסן, און מ׳האָט גאָרניט געזען און גאָרניט געהערט.

ער האָט זיך אָפּגעקערט פון פענצטער און געוואָנדן זיך צו דער טיר, הינטער וועלכער עס זיינען געווען מאַשע, זיין ווייב, און דינהלע, און געפּאָרעט זיך מיט טשעמאָדאַנעס. ער איז געשטאַנען אין דער אָפענער טיר, צוגעקוקט זיך ווי זיי פּאַקן די זאַכן אין וועג אַריין, געברומט אונטער דער נאָז, און לסוף זיך אָנגערופן:

— און אפשר פאָרסטו טאַקע ניט, דינהלע? אפשר?

מוטער און טאָכטער האָבן אָפּגעוואָנדן די קעפּ פון די טשעמאָדאַנעס און געהאַט פולע אויגן מיט טרערן. די מוטער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און גענומען ווישן זיך די אויגן מיט דעם שטיק בגד, וואָס זי האָט גראָד געהאַט אין דער האַנט. דינהלע איז אויסגעבראָכן מיט אַ ביטער געוויין און צוגעלאָפן צום בעטלע, אין וועלכן ס׳איז געלעגן איר קינד, און אַריינגעכליפּעט אין לאַנגן קישן אַריין.

— איך ווייס? האָט יאַנטשע ווייטער גערעדט ווי צו זיך. אפשר איז גאָרניט אמת, וואָס מ׳זאָגט? וואָס הייסט, מ׳וועט נעמען מענטשן, מענטשן וואָס לעבן, און קינדער, עופהלעך נאָך מיט מאַמעס... און שיקן צום טויט? הרגענען? וואָס הייסט?...

— אַז מ׳זאָגט, מסתמא ווייסט מען, וואָס מ׳זאָגט, האָט מאַשע געזאָגט וויינענדיק.

— די שטאָטישע יידן האָבן זיי שוין פאַרשיקט, איצט גייען זיי נעמען די יידן פון די דערפער; שמחה ווייסט וועגן אַלעם, דער סטראַזשניק האָט עס אים אויך געזאָגט — האָט דינה אָפּגעהויבן איר קאָפּ פון לאַנגן קישן.

— און פון וואַנען איז געדרינגען, אַז מאָמער זיי פאַרשיקן — מיינט עס טויט, רחמנא לצלן, טויט פון אַלטע לייט, פון זקנים און זקנות, און פון יונגע מוטערס, און פון עפּהלער, עופּהלער, ערשט אויף דער וועלט געקומענע, פון וואַנען איז געדרינגען? — האָט יאַנטשע געפרעגט און געהויבן די הענט ווי בשעת דוכנען.

דינה האָט זיך נאָך מער צעווייגט. דאָס קינד האָט זיך איבערגע־וועקט און גענומען מיטוויינען. דינה האָט אונטערגעהויבן דאָס לאַנ־גע קישן, צוגעדריקט דאָס קינד פעסט צו זיך און גענומען לויפן איבער דער שטוב ווי אַ ווילדע.

יאַנטשע האָט ווידער צעלייגט די הענט און צוריקגעגאַנגען אין דער שטוב מיט ווייסן טישטעך און די ליכט, און געברומט מיט אַ שבתדיקן ניגון:

ברכוני לשלום מלאכי השלום מלאכי עליון ממלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא...

און איידער זיי האָבן זיך געשטילט און דאָס קינד איז צוריק איינ־געשלאָפן, האָט זיך ווידער געשטעלט אַ רעש אין הויז. שמחה איז געקומען צו לויפן פון דרויסן און געהייסן זיך גרייטן אין וועג אַריין. ער האָט דערציילט, אַז יאָ, דעם לעשנעם זון, וואָס פלעגט פירן דאָס האָלץ פון וואַלד צו זיין טאַרטאַק אַריין, איז באַשטאַנען סוף־כל־סוף אָפּצופירן דינהלען מיטן קינד, און אָט קומט ער באַלד.

— הייסט עס, אַז אָפּגעפּסקנט, האַ? האָט יאַנטשע געפרעגט מיט גרויסע אויגן. אַ גזר אַזאַ?

— אָפּגעפּסקנט, האָט שמחה געענטפערט טרוקן. עס איז ניטאָ וואָס צו וואַרטן. עס קען זיך באַלד אָנהויבן. די „שוואַרצע" זיינען שוין ווידער אין שטאָט; געקומען אַ גאַנצע מחנה ליטווינער און אוי־קראַאינער אַהינצו. אַז קיין יידן זיינען שוין דאָרט מער ניט בנמצא, מיינט מען דאָך זיכער די יידן פון דער פּראָווינץ, פון די דערפער... ניטאָ וואָס צו זוימען.

— און דו, שמחה, האָט דינה געפרעגט מיט פחד. און דו?

— איך וועל נאָכקומען. איך מוז נאָך דערווייל בלייבן. קומען שפּעטער.

פאַר איך אויך ניט, איז דינה אויסגעבראָכן מיט אַ פריש געוויין.

— איך קען ניט מיטפאָרן איצט, איך זע אויס צו יידיש, מ׳קען מיך דערקענען... איך האָב אַ יידישע נאָז, און געקרייזלטע האָר... וועל איך זיך לאָזן וואַקסן וואָנסעס, פויערישע, לאַנגע וואָנ־סעס, וועלן זיי פאַרשאָטענען די נאָז... און זיך לאָזן אָפשערן די האָר, לאָזן עטלעכע מאָל אָפּראַזירן דעם קאָפּ, וועלן די האָר לסוף וואַקסן גראָד, ניט קרויזלען זיך מער. איך וועל צוואַרטן אין די וועל־דער און דערנאָך קומען צו דיר און לעבן מיט דיר ווי אַ גוי, צווישן פרעמדע גוים, וואָס וועלן בכלל ניט אָנען, אַז מיר זיינען יידן...

— איך האָב מורא, מיין האַרץ וועט מיר אויסגיין וואַרטנדיק, האָט דינה געכליפּעט.

— וועסט לאַנג ניט וואַרטן; ווי לאַנג מוז עס דויערן צו פאַר־וואַנדלען זיך אין אַ שגץ, האַ?

יאַנטשע האָט אַריינגעטון אַ האַנט אין זיין רויטער באָרד און אַ קוק געטון אויף שמחהן מיט אַ פּאָר שפּיציקע אויגן פול מיט כעס און רוגזה. שמחה האָט עס באַמערקט און זיך אָנגערופן מיט אַ שמייכל: וואָס? עס פּאַסט ניט, שווער־לעבן, אַז ר׳ יאַנטשע יוסטנער זאָל האָבן אַן איידעם אַ שגץ, האַ?...

— ווייניק, אַז איך שייד זיך מיט טאַטע־מאַמע? האָט דינה גענומען ווידער ביטער וויינען.

— טאַטע־מאַמע קענען ניט מיטפאָרן, זיי זעען אויס צו־יידיש, קענען קיין פּויליש ניט, מ׳וועט זיי באַלד דערקענען און אַלעמען איבערגעבן די דייטשן... ווען איך גיי איצט מיט דיר, וואָלט געווען דאָס זעלבע. וועל איך טאַקע צוואַרטן אויף די גויאישע וואָנסעס, און ערשט דאַמאָלס קומען צו דיר.

— איך האָב מורא דיך איבערצולאָזן, האָט דינה דערהויבן איר קול. איך האָב מורא, אַז עס זאָל זיך דיר ניט פאַרגלוסטן וואַלד־לעבן, פּאַרטיזאַנטקע, און...

— האָב קיין מורא ניט, האָט שמחה איר איבערגעריסן.

— מיין האַרץ זאָגט מיר, אַז...

— וואָס דיין האַרץ זאָגט דיר דאַרט, האָט שמחה ניט געלאָזן איר קומען צום וואָרט. און זאָל מען זאָגן, אַז יאָ... איז וואָס? ווייניק

יידן זיינען עס אין די וועלדער? איך בין געזונט און יונג, זאָל איך זיך לאָזן פירן צו דער שחיטה ווי אַ לעמעלע, האַ? איך וועל ניט זיין אַליין אין וואַלד, טאָמער וועל איך דאָרט זיין... זיי מוזן טייער באַצאָלן, די מערדער, פאַר יעדן פון אונדז... טאַטע־מאַמע האָבן קיין עצה ניט, קיין עצה ניט. אַלטע מענטשן, אָבער איך? . . .

— וואָס הייסט, קיין עצה ניט? האָט יאַנטשע אים איבערגע־האַקט די רייד. וואָס הייסט — קיין עצה ניט, וואָס הייסט? גאָט איז אונדזער עצה, אונדזער ישועה, ער וועט ניט פאַרלאָזן... און מיר וועלן בעטן פאַר אייך אויך, ער זאָל אייך שיצן, דער יידישער גאָט, צווישן די גויים, מירן בעטן פאַר אייך . . .

ער האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר פּלוצים האָט זיך דער־הערט אַ רעש און אַ קלאַפּן אין טיר, און ס'איז אַריינגעקומען יאַן, דעם וואַלד־היטערס זון, אַ הויכער און ברייטער גוי, מיט גרויסע, שוואַרצע וואָנסעס און ווילד־צעשויבערטע האָר, און ס'האָט אַ ווייע געטון אין שטוב מיט קעלט, פרעמדקייט און נאַכט.

— יאַזדאַ! — האָט ער אויסגערופן מיט אַ גראָבער, פויערישער שטימע. — מ'פאָרט!

און זעענדיק, אַז זיי אַלע שטייען און קוקן אויף אים ווי אויף אַ בייז וווּנדער, האָט ער גענומען שרייען: — וואָס שטייט איר? ווו זיינען די טשעמאָדאַנעס?

דערנאָך האָט ער אַרויסגעצויגן פון ביזעם־קעשענע צוויי קיי־טעלעך מיט צלמלעך און דערלאַנגט שמחהן: — זעסט, איך האָב זיך פאָסטאַרעט, האָט ער געזאָגט מיט אַ טריומפירענדיקן טאָן. עס וועט דיך קאָסטן נאָר צען טויזנט זלאָטעס. דאָס זיינען זייער היי־ליקע צלמלעך... ניט געווען לייכט צו געפינען אין דער לעצטער רגע! געמוזט זיך פאַרגנבענען אין קירכע... ווען דער גלח כאַפּט, אַזוי ביי דער האַנט, אָדער זיין גויע — וואָלט ער ניט געגעבן קיין מחילה ביי דער קאָמוניע... און אַ פלאַש בראָנפן איז עס אויך ווערט אַלס צולאָג... אַז ניט, גיב איך ניט . . .

— האַלט דיר די מציאה, האָט יאַנטשע אַ מאַך געטון מיט דער האַנט. ווער ברויך עס? טראָג עס צוריק פון וואַנען האָסט

עס גענגבעט. אַוועק דערמיט, אַוועק. אַ חילול השם. שמחה, דערבאַרעם דיך, וואָס איז מיט דיר, שמחה?

— גאָרניט איז מיט מיר, עס מאַכט ניט אויס, אַז זיי וועלן טראָגן די צלמלעך און קענען אַזוי נאָך פילן זיך זיכערער, און קענען אָנגיין ווי גויים — האָט שמחה געענטפערט געלאַסן.

— אָבער דאָס פירט דאָך צו שמד, צו שמד, רחמנא לצלן!

יאַן האָט זיך צוגעקוקט און ניט פאַרשטאַנען גענוי אין וואָס עס גייט, כאָטש ער האָט זיך משער געווען, אַז עס האַנדלט זיך אין די צלמלעך. מורא האָבנדיק, אַז מ׳וועט ניט וועלן נעמען פאַר דעם געבאָטענעם פרייז, איז ער צוגעגאַנגען צו דינהן, אויפגעהאָנגען איין צלמל אויף איר האַלדז און דאָס צווייטע אויפן העלדזל פון איר עופהלע, און זיך אָנגערופן צו יאַנטשען מיט חוזק: — זעסטו, פאַניע יאַנטשע, דער גאָט אייערער, דער זשידאָווסקע, קען גאָרניט אויפטון, ער קען ניט העלפן, איר מוזט אָנקומען צום אונדזעריקן... אונדזער גאָט איז מעכטיקער, דער פוילישער גאָט איז גרעסער ווי דער יידישער, פאַניע יאַנטשע... אונדזער גאָט וועט זיי טאַקע שיצן, אייערער — ניט... עס איז ווערט אַ פלאַש בראָנפן, שמחה, ניט אמת, שמחה?...

יאַנטשע האָט געקוקט אויפן ערל מיט ביטול און חוזק און ניט געפרוווט אַפילו אים אָפענטפערן מיט ווערטער. שמחה, האָט אַרויסגעצויגן פון קאָמאָד אַ פלאַש בראָנפן און דערלאַנגט יאַנען. יאַן האָט אַ קלאַפ געטון מיטן באָדעם אין האַנט, אַ פעסטן טרייסל געטון, און ווען דער פראָפן איז אַרויסגעשפרונגען מיט רעש און געשפריץ, גענומען ציען פונעם פלעשעלע ביז ס׳האָט אים אויסגעפעלט אָטעם.

* * *

און איידער זיי זיינען אַוועק, האָט יאַנטשע געהייסן דער טאָכטער אַראָפנעמען די צלמלעך, אַ קלאַפ געטון אין טיש, און אויסגערופן הויך: קידוש.

ער האָט אָנגעגאָסן אַ כוס מיט וויין, גענומען אים אין האַנט אַריין, פאַרגלאָצט די אויגן און געזאָגט מיט כוונה און התלהבות:

יום השישי. ויכלו השמים והארץ וכל צבאם...

מאַשע איז געשטאַנען נעבן די ליכט און געקוקט אויף איר מאַן, אויף זיין רויטער באָרד, אויף זיין צעשטראַלט פּנים, צוגע־הערט זיך צום קלאַנג פון די קידוש־ווערטער, און געדאַכט האָט זיך איר, אַז זי האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען אים אַזאַ צעשטראַלטן, און ניט געהערט אַזאַ פלאַמענדיקן קידוש. דינה איז געשטאַנען מיטן קינד אויפן אָרעם, און איינגעהאַלטן די טרערן, וואָס האָבן זי גע־שטיקט. שמחה איז געשטאַנען נעבן דינהן, געקוקט אויפן שווער, אויפן כוס, אויף דער שוויגער, אויף די ברענענדיקע ליכט, אויף דינהן מיטן קינד, אויף יאַנען. יאַן איז געשטאַנען נעבן דער טיר, געהאַלטן די פלאַש אונטער די וואָנסעס און געצויגן איין זופּ נאָכן צווייטן.

יאַנטשע האָט געמאַכט בורא פּרי הגפן, אַ זופּ געטון און דער־לאַנגט דעם כוס מאַשען. מאַשע האָט געמאַכט אַ ברכה, אַ זופּ געטון, און דערלאַנגט דינהן. דינה האָט געמורמלט אַ ברכה און איינגע־בויגן דעם כוס צו די ציטערנדיקע ליפּן. שמחה האָט געמאַכט בורא פּרי הגפן, אַ פּעסטן צי געטון פון כוס, און צוריקגעגעבן דעם שווער זייגעם.

— און איך? האָט יאַן אויסגעצויגן די האַנט נאָכן כוס. און מיר קומט ניט, האַ?

יאַנטשע האָט גענומען דעם כוס און פאַרענדיקט דעם קידוש מיט נאָכמער כוונה:

כי בנו בחרת ואותנו קדשת מכל העמים...

און איבערגעחזרט:

כי בנו בחרת, כי בנו בחרת...

און אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו יאַנען, נעבן דער טיר:

ואותנו קדשת מכל העמים...

און דאַן אַריבער אויף יידיש, ווי ער וואָלט וועלן דעם גוי געבן אַ תשובה אויף זיין אויסגעשטרעקטע האַנט: — דו טרינק בראָנפן, זויף בראָנפן; וויין איז ניט קיין גויאיש געטראַנק... וויין איז ניט פאַר גויים, ניט פאַר אַ צלם־קאָפּ, ניט פאַר אַ צלם קאָפּ...

יאַן איז געשטאַנען מיט אַ ליידיקע פלאַש אין האַנט, געקוקט אויף יאַנטשען מיט גלאַנציקע אויגן און ניט געוווּסט, וואָס דער

ייד מיט דער רויטער באָרד וויל פון אים — איז ער אויסגעבראָכן מיט אַ ווילד געלעכטער. האָט עס נאָך מער דערצערנט יאַנטשען.

— מיין ניט דינהלע, האָט ער זיך געוואָנדן צו דער טאָכטער — אַז אַפילו ווען וועסט טראָגן דאָס שטיקל בלעכל דאָרט, דאָס צלמל, וועט דיך דער גויאישער גאָט שיצן דאַמאָלס, דער גאָט פון דעם ערל דאָ, מיין ניט, קינד מיינס! דאָס וועט דיך היטן דער גאָט פון קידוש, דער גאָט וואָס האָט אונדז אויסגעקליבן און אונדז געהייליקט צווישן אַלע פעלקער... קוק אָן דאָס צלמל דאָרט, דאָס שטיקל בלעך! איז עס מעגלעך, אַז אָט דער בלעכערנער גאָט זייערער זאָל דיר העלפן, און אונדזער גאָט ניט, דער אַלמעכטיקער, דער גאָט פון קידוש, דער וואָס האָט באַשאַפן די וועלט און זעקס טעג און געשאַפן דעם שבת, און אונדז אויסגעקליבן צווישן אַלע פעלקער... איז עס מעגלעך, אַז ער וועט אונדז ניט העלפן, און זייער צלם־גאָט

— יאָ? איז עס מעגלעך? . . .

— יאַזדאַ! האָט יאַן אַ געשריי געטון און געכאַפט אין ביידע הענט אַ טשעמאָדאַן און געלאָזט זיך אַרויסגיין, שעלטנדיק אַלעם און אַלעמען: — צו אַלדע רוחות, צו די הייליקע מוטער און אַלע פינצטערע געטער, איר הערט אויף מיט אייערע זשידאָווסקע שטיק, ווייל איך לאָז אייך אַלעמען איבער און פאָר אַליין, צו אַלדע טייוול...

ער איז אַרויסגעגאַנגען. שמחה האָט גענומען עטלעכע פעקלעך און נאָכגעגאַנגען. רינה האָט צוגעדריקט צו זיך פעסט דאָס קינד, געקוקט אויף דער מאַמען, געקוקט אויפן טאַטן, און אויסגעבראָכן מיט אַ פריש געוויין. דאָס עופהלע האָט זיך איבערוועקט, און אויך גענומען וויינען. מאַשע איז צוגעגאַנגען צו זיי, אַרומגענומען די טאָכטער און דאָס אייניקל, און מיטגעוויינט הויך אויפן קול. די ליכט האָבן גענומען שמעלצן און די פלאַמען האָבן זיך אויסגעבויגן אין אַלע זייטן, און ס'האָט אויסגעזען ווי די ליכט וואָלטן מיטגעוויינט. יאַנטשע האָט צעלייגט די הענט, אויפגעהויבן אין דער הויך, ווי צום דוכענען, פאַרגלאָצט די אויגן און געברומט אונטער דער נאָז:

— גאָטס דרכים זיינען פאַרהוילן, זיינען פאַרבאָרגן, ניט תופס צו זיין, ניט משיג צו זיין. . .

א

# פאַרכטיקע טעג

וואָכן צופריער, איידער עס האָבן זיך דערנענטערט די פאָרכ־טיקע טעג, האָט אַן אימה און אַ שרעק אַרומגענומען יעדן איינעם אינעם לאַגער און אָנגעפילט די לופט מיט אַ ציטער. ניט יענער הייליקער פחד, וואָס פלעגט מאַכן ציטערן אַפילו די פיש אינעם וואַסער, דער פרומער ציטער פון די אלול־טעג, וואָס פלעגט אויס־פילן די לופט פון די גאַסן און געסלעך אין די שטעטלעך איידער די ימים נוראים פלעגן זיך דערנענטערן; ניין, ניט די זעלבע אימה. ניט פאַר גאָטס משפט האָט מען זיך דערשראָקן דאָס מאָל. מ'האָט זיך געשראָקן פאַר דער חיה בצורת אדם, ביי וועלכער גאָט איז קיין גאָט ניט, און ביי וועלכער משפט איז קיין משפט ניט, און מענטש — קיין מענטש ניט.

די גרעסטע אימה איז באַפאַלן עוזרן, דעם מייסטער פון דעם עלעקטרישן ווערקשטעל, און דעם עלטסטן צווישן אַלע יידן אינעם לאַגער, ער איז געווען זיכער, אַז דאָס איז דער לעצטער ראש השנה אין זיין לעבן, אַז דאָס איז דער סוף, דער סוף.

עס איז דאָך ניט אַדורך אַ יום־טוב אָן בלוט, אָן חורבן, אָן יסורים, אָן צער. עס איז ניט געווען קיין יום־טוב ביי יידן אין די לעצטע יאָרן, אַז זיי זאָלן אים ניט פאַרשטערן אויף אַזאַ אָדער אַנדערן אופן.

דעם ערשטן ראש השנה, ווי נאָר זיי זיינען געקומען אין שטעטל האָבן זיי דערשאָסן נעבן קלויז צוויי מניגים יידן, און צו־נויפגעטריבן אַלע יידן פון שטעטל און געהייסן צוקוקן זיך ווי עס

פאַלן די קדושים אונטער זייערע קוילן, און ווי די מויער פון קלויז באַשפּריצט זיך מיט הייליקן בלוט.

צען טעג שפּעטער, יום־כּפּור, האָבן זיי אַרויסגעטריבן אַלע יידן פון די קלויזן, פון די שטיבלעך, פון דער שול און געיאָגט אין טלית און קיטל איבער די געסלעך פון שטעטל, און געשאָסן אין די, וואָס האָבן ניט אויסגעהאַלטן, געפאַלן פון די פיס, געבליבן הינטערשטעליק. ביז איבער סוכות זיינען די קדושים געליגן אין דרויסן און מ׳האָט זיי ניט געלאָזן ברענגען צו קבר ישראל.

און פּסח, דעם יום־טוב פון פרייהייט, האָט מען אַלע יידן פון שטעטל און אַרום אַריינגעשפּאַרט אינעם געטאָ, הינטער הויכע מויערן, שטעכיקע דראָטן און מאַשין־געווער־נעסטן. דווקא, ווען יידן האָבן זיך געגרייט צו פייערן דעם חג החירות — האָט מען זיי באַרויבט פון יעדער פרייהייט און פאַרוואַנדלט אין שקלאַפן.

און אויך אין אַ ראש השנה — האָט זיך אָנגעהויבן די פאַרטיליקונג. טויזנטער יידן פון געטאָ זיינען אַרויסגעלאדנט געוואָרן אויף פּי־וואַגאָנען, פרויען און קינדער, און זקנים — און נעלם געוואָרן אויף תמיד.

און אין יום־כּפּור האָט מען די עטלעכע הונדערט לעבנגעבליבענע, גוטע פאַכלייט און בעל־מלאכות, אַרויפגעלאָדנט אויף לאַסט־אויטאָס און געבראַכט אַהערצו, אינעם אַמוניציע־לאַגער, וווּ זיי געפינען זיך ביז איצט.

אויך ער, עוזר, איז געבראַכט געוואָרן אַהערצו. ער איז געווען אַ גוטער פאַכמאַן, געהאַט אַן אייגענע עלעקטרא־טעכנישע אונטערנעמונג אין שטעטל, האָט מען ניט געקוקט אויף זיין עלטער, געשיקט אין לאַגער און געמאַכט אים אַלס מייסטער אין דער עלעקטרישן ווערקשטעל. איז ער אָנגעגאַנגען מיט זיין אַרבעט און געטראַכט וועגן זיין פרוי און קינדער, וואָס מ׳האָט אַוועקגעריסן פון אים, וועגן אַלע קרובים און באַקאַנטע, פון וועלכע עס איז איצט קיינער ניט געבליבן — און געפילט האָט ער, אַז ער פאַלט פון די כּוחות, אַז ער עלטערט זיך פאַר דער צייט, אַז די האָר ווערן וואָס־אַמאָל גרויער — און וואָסאַמאָל האָט ער זיך מער געשראָקן פאַר אַ יום־טוב, פאַר די פאָרכטיקע טעג, וואָס קומען אָן.

## 2

ווען ראש השנה איז אַדורך בשלום און ס'איז ניט פֿאָרגעקומען קיין שום אויסטערלישע זאַך, מ'האָט קיינעם ניט געהרגט, ניט פֿאַרשיקט — האָט מען גענומען מורא האָבן פֿאַר יום־כּפּור. מ'האָט זיך ניט געקענט פֿאָרשטעלן, אַז די דייטשן וועלן אַדורכלאָזן דעם הייליקסטן טאָג בײַ די ייִדן, און ניט לאָזן זיך ווילגײַן אויף זייער שטייגער. מ'האָט געזאָגט, אַז ניט אַנדערש, נאָר דער קאָמענדאַנט האָט זיך איבערגעלאָזן זײַן שטיקל „אַרבעט" טאַקע אויף יום־כּפּור, דעם גרעסטן טאָג בײַ די ייִדן. סײַווי קען ער אַלעמען ניט אומברענגען און ליקווידירן דעם לאַגער, ווײַל עס ווערט געטון דאָ זייער וויכטיקע אַרבעט; העכסטנס קען ער אויסהרגענען עטלעכע מנינים צווישן די עלטערע אַרבעטער, צווישן די שוואַכע און ווייניקער־וויכטיקע, קען ער דאָס מאַכן אין אַ יום־כּפּורדיקן פֿרימאָרגן, און מוז ניט אָנהויבן דווקא אין ראש השנה.

עוזר איז געווען זיכער, אַז ער וועט זײַן דער ערשטער קרבן. ער איז אַלט און מיד, און די אַרבעט, וואָס ער האָט געטון ביז איצט, קענען שוין אַנדערע מאַכן. ער האָט באַדויערט, וואָס ער האָט אַזוי גיך אויסגעלערנט עטלעכע יונגע אַרבעטער די קונסט פֿון זײַן גוטע פֿאַכלייט, און קענען שוין איצט פֿאַרנעמען זײַן אָרט אין דער ווערקשטעל; ער האָט באַדויערט, וואָס די בחורים האָבן אַזעלכע גוטע קעפּ, אויסגעלערנט זיך אַזוי גיך, אַז מ'קען זיך שוין אויף זיי פֿאַרלאָזן, און אים ברויכט מען מער ניט.

ער האָט זיך דערפֿילט איבעריק און גוצלאָז. ער האָט זיך אַרומגעדרייט ווי אַ שאָטן, אַרומגעדרייט זיך אַ טרויעריקער און אָפּגעלאָזענער און ניט דערקענט זיך אַליין.

ער איז נאָך ניט געווען אַזוי אַלט. קוים אַריבער די פֿערציקער. אָבער אויסגעזען האָט ער ווי אַ זקן. ער איז געווען ווײַס. ניט נאָר די האָר אויפֿן קאָפּ זײַנען געוואָרן גרוי פֿאַר דער צײַט, נאָר אויך די האָר פֿון דער באָרד. און, ווי אויף צו להכעיס, איז די באָרד געוואַקסן בײַ אים געדיכטער און גיכער ווי בײַ אַלעמען, פּשוט געוואַקסן אין די אויגן, און ווײַסער געוואָרן פֿון שעה צו שעה. און

וואָס מער ער האָט איר ראַזירט, וואָס געדיכטער און ווייסער איז זי געוואַקסן, און צוגעזעצט אים יאָרן, און אָנגעזאָגט דעם סוף.

אָבער, ווען קאָפּל, דער לאַנגער־שערער, האָט אים גלאַטיק אויסראַזירט — פּלעגט ער זען אין שפּיגל, אַז ער איז נאָך ניט אַזוי אַלט, אַז זיינע באַקן זיינען פריש און מונטער, און זעען ניט אויס עלטער פון זיינע יאָרן. אָבער דאָס האָט נאָר געדויערט אַ שעה, צוויי, דריי און די זקנה איז ווידער געקומען אויף זיין פּנים, ווידער געקומען צום וואָרט.

ער האָט געפילט, אַז זיין גרעסטער שונא איז די באָרד, און דווקא איבער איר וועט ער אַזוי גיך גיין פון דער וועלט. ווען דער קאָמענדאַנט וועט זיי אויסשטעלן יום־כפּור פאַרטאָגס צום אַפּעל, צום טויט־אַפּעל, און באַמערקן זיין גרויע באָרד — וועט ער לאַנג ניט זוימען, און אים דעם ערשטן באַצייכענען צום טויט. עס איז קיין צווייפל ניטאָ דערין. סיידן, אַז קאָפּל זאָל באַוויליקן אים אויסצוראַזירן אַ שעה־צוויי פאַרן טויט־אַפּעל, און די באָרד זאָל ניט וואַקסן אינצווישן. טאָמער ניט, איז ער אַ פאַרלוירענער, אַ פאַרלוירענער.

3

און איידער עס האָט גענומען שאַרן און דאָס ליכט פון הייליקן טאָג האָט גענומען אַריינרייסן זיך קאַרגערהייט אויף די געלעגערס, איז עוזר אַראָפּגעקראָכן פון זיין געלעגער און גענומען קריכן אויף אַלע פיר, אויף די שפּיץ פינגער, כדי קיינעם ניט איבערצוּוועקן; געקראָכן צום ווינקל צו, וווּ ס׳האָט זיך געפונען דאָס געלעגער פון קאָפּלען, דעם שערער.

— קאָפּל, האָט ער געפרעגט בלחשדיק. קאָפּל, דו שלאָפסט?

— עוזר? האָט קאָפּל צוריקגעפרעגט אינדערשטיל.

— יאָ, עוזר.

קאָפּל האָט זיך אַ דריי געטון אויפן האַרטן געלעגער און געשוויגן.

— נו? האָט עוזר געפרעגט. נו?

קאָפּל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין במקום אַ תשובה, און געקוקט מיט גרויסע אויגן אויף עוזרן.

עוזר האָט געקוקט אויף אים מיט נאָך גרעסערע אויגן:

— ניין, האָט ער דערהויבן זיין קול. ניט מעגלעך, קאַפּל, ניט מעגלעך...

קאַפּל האָט ווייטער ניט געעפנט דאָס מויל, און געגעבן די זעל־בע תשובה.

— דערבאַרעם דיך, קאַפּל — האָט עוזר געבעטן זיך ביי אים, האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט...

— ניין, ניט צוגעזאָגט — האָט קאַפּל איבערגעריסן. כ׳האָב געזאָגט, אַז כ׳וועל מיר איבערלייגן, נעמען אַ ישוב...

— נו?

— ניין, האָט קאַפּל זיך אויפגעזעצט. איך וועל ניט שערן אין יום־כפור, בשום אופן ניט.

— דערבאַרעם דיך, קאַפּל. גיב אַ קוק אויף מיין באָרד, קאַפּל, ראַטעווע מיך.

— איך וויל אויך לעבן, עוזר. איך האָב קיינמאָל ניט געזינדיקט אין יום־כפור, קיינמאָל ניט געשוירן, ניט ראַזירט, וועל איך ווייטער ניט, סיידן די דייטשן צווינגען מיך...

— אָבער היינט איז דאָך גאָר עפּעס אַנדערש, קאַפּל, היינט. עס גייט דאָך אין מיין לעבן...

— איך וויל אויך לעבן, עוזר. אפשר וועט מען, אין דעם זכות, מיך ניט הרגענען... אפשר וועט דער דאָזיקער זכות פון ניט עובֿר זיין אויף דער קדושה פון היינטיקן טאָג, פון אייגענעם ווילן — אפשר וועט דער זכות מיך שיצן פון זייער קויל?...

— דיין לעבן, קאַפּל, שטייט דאָך ניט אין קאַן, דו ביסט יונג, דער איינציקער שערער אין לאַגער, מ׳דאַרף דיך האָבן.

— יעדער איינער קען ווערן אַ שערער, עס איז קיין תורה ניט... זיי קענען אַראָפּברענגען אַן אַנדערן פון אַנדערע ערטער, און מיך דערשיסן... אויף זיי קען מען זיך אַלעם ריכטן, אַלעס; וויל איך ניט זינדיקן היינט...

— וועסט דאָך האָבן, קאַפּל, נאָך אַ גרעסערע עבירה, וועסט דאָך האָבן גורם געווען דעם טויט פון אַ יידן. דאָס איז דאָך די גרעסטע עבירה אין דער וועלט, די גרעסטע עבירה...

עוזר האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן און אויסגעבראָכן מיט אַ ביטער געוויין, אַז עס האָט אַלעמען אין שטוב געשניטן ביים האַרצן. פון אַלע געלעגערס האָבן זיך געהערט זיפצן און קרעכצן, און געשטיקטע ברעקלעך געוויין. יעדער איז געווען פאַרטון אין אייגענע מחשבותן, אין אייגענעם חשבון הנפש, און יעדער האָט געגרייט זיך, מיט געמישטע געפילן, צום הייגטיקן טאָג. דאָס וויינען פון עוזרן האָט געווירקט אויף אַלעמען, ווי דאָס געוויין פון אַ שליח ציבור פאַרן עמוד. יעדער האָט אונטערגעכאַפּט אויף זיין שטייגער, און צוריק איינגעזונקען אין אייגענע מחשבותן, אין אייגענעם חשבון הנפש.

— עס איז דאָך פּיקוח־נפש, קאָפּל — האָט עוזר אויסגעצויגן די הענט אין דער הויך. פאַראַן אַזאַ דין ביי יידן, וואָס איז מתיר, ווען עס איז פּיקוח־נפש, אַ גרויסער און הייליקער דין אַזעלכער, וואָס איז שטאַרקער פון אַלע לאַו'ן און געבאָטן... ווען עס גייט אין אַ לעבן, גייען אַלע דינים אין אַ זייט, אַפילו יום כפּור, הערסט קאָפּל, אַפילו יום כפּור!

קאָפּל האָט עס געהערט, אָבער ניט געאיילט זיך צו ענדערן זיין באַשלוס, איבער וועלכן ער האָט געטראַכט אַ גאַנצע נאַכט.

— ראַטעווע מיך, האָט עוזר געבעטן רחמים ביי אים. ווערסט זען, אַז צוליב דער דאָזיקער גרויסער מצווה פון מתיר זיין זיך אַ לאַו, כדי צו ראַטעווען אַ יידן — ווערסטו דיך אויך ראַטעווען, וועלן מיר ביידע לעבן בלייבן... דו און איך, ווערסט זען... דער דאָזיקער זכות פון ראַטעווען אַ ייד פון אַ זיכערן טויט איז אַ סך וואָגיקער און חשו־בער אין גאָטס אויגן, ווי דיין זכות... דיין זכות איז עלול צו ראַטעווען נאָר איין ייד, דיך אַליין, און מיינער — קען ראַטעווען אונדז ביידען, און ניט נאָר אונדז אַליין, אפשר אַלעמען, אפשר טאַקע אונדז אַלעמען?...

קאָפּל האָט זיך געדרייט אויפן געלעגער און ניט געוווּסט וואָס צו טון. ער האָט צוגעמאַכט די אויגן, גענומען זיין קאָפּ אין ביידע הענט אַריין און געשאָקלט זיך מיט אים אין אַלע זייטן.

— מערדער! האָט עוזר אויסגעשריגן און אָנגעכאַפּט קאָפּלען ביי די אַקסלען. מערדער, דו ביסט דאָך נאָך ערגער ווי אַ דייטש, ביס־טו דאָך, רוצח איינער, גראָבער יונג!...

עס האָט געגומען ווערן טאָג. אַלע זיינען אַראָפּגעשפּרונגען פון די געלעגערס און גענומען זיך אָנטאָן; אָנגעטאָן זיך ניי־געוואַשענע וועש לכבוד יום־טוב, און גענומען קוקן צו דער טיר, און וואַרטן זי זאָל זיך עפענען, און אפשר צום לעצטן מאָל שוין פאַר אַ טייל פון זיי.

קאַפּל איז אויך אַראָפּ פון געלעגער און גענומען זיך אָנטאָן. דערזעענדיק תמיד נעבן זיך עוזרן אַ ציטערדיקן — בעטענדיקן — האָט ער גיך אויפגעשלאָסן זיין קעסטעלע מיט מכשירים, אַרויס־גענומען אַ ראַזיר־מעסער, און דערלאַנגט אים: — נאַדיר! האָט ער געזאָגט מיט כעס. זינדיק אַליין... נעם עס אויף זיך!... אָבער גיך, גיך. און גיב צוריק דאָס מעסער, איידער די טיר עפנט זיך; איך טאָר דאָך ניט אַרויסגעבן אַ כלי פון דער האַנט אַרויס, דו ווייסט דאָך... אַנו, איינס־צוויי, גיכער!...

אָבער, איידער עוזר האָט באַוויזן צו נעמען דאָס מעסער אין דער האַנט אַריין, האָט זיך די טיר געעפנט מיט רעש און גערודער, און עטלעכע געזונטע אויפזעער האָבן זיי גענומען טרייבן צו דער אַרבעט, ווי תמיד, ווי יעדן טאָג פון אַ גאַנץ יאָר.

## 4.

ווי יעדן טאָג פון אַ גאַנץ יאָר זיינען זיי געשטאַנען ביי דער אַרבעט, ביי די ווערקשטישן, און געטון די מלאכה ווי תמיד. מ׳האָט געאַרבעט און געקוקט איינער אויפן צווייטן און זיך געחידושט, זיך שטאַרק געחידושט...

יעדעס מאָל, ווען די טיר האָט זיך געעפנט, ווען עס האָבן זיך דערהערט טריט, ווען עס איז געקומען אַן אויפזעער — האָט אַלעמען דורכגענומען אַ שוידער און אַ ציטער — און מ׳האָט מורא געהאַט זיך אומצוקוקן.

מיטאָג־צייט האָט מען זיי געבראַכט עסן אין די אַרבעטס־שטובן, ווי תמיד, אַ גרויסן טאָפּ שיטערע זופּ און אַ האַרט ברייטל פאַר דרייען. יעדער איז געלאָפן מיט זיין שיסעלע נאָך אַ קאָכ־לעפל מיט זופּ, און געטיילט זיך מיטן ברויט. מ׳האָט געמיינט, אַז דאָס איז דאָס לעצטע מאָלצייט אין לעבן. זעלטן־ווער האָט זיך צוגערירט דערצו. ווען די אויפזעער האָבן געקוקט, האָט מען זיך

געמאַכט עסן, אָבער ווי נאָר זיי זייַנען אַוועק, האָבן כמעט אַלע אויסגעגאָסן די זופּ אין פּאַמישאַף און אַרייַנגעשטופּט דאָס ברויט אין טאַש אַרייַן.

און ווען דער אָוונט האָט גענומען אַרייַנקוקן, זייַנען די געמיטער געוואָרן הייטערער און אויפגעלייגטער, ווי אין אָנבליק פון אַ נצחון, פון אַ גרויסן דערפאָלג.

עוזר האָט אַרומגעדרייט זיך אַ גאַנצן טאָג איבער דעם אַרבעטשטעל ווי אַ שאָטן, ווי אַ פאַרמשפּטער אין זייַן ענגן תפיסה־קעמערל, און אויסגעקוקט אויף די הענקער, וואָס זאָלן קומען מאַכן אַ סוף צו אים, צו זייַנע לייַדן, צו זייַנע מחשבות. אָבער, ווען ער האָט געזען, אַז די זון נעמט זיך אַראָפּלאָזן פון הימל, און שלעפּט מיט די רעשטלעך פון טאָג אין שקיעה־טאָל אַרייַן — האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ, און געזען ווי דער טאָג גייט אונטער, און עס קומט נעילה־צייַט, נעילה־שטימונג, נעילה אינעם שטעטל: יידן שטייען און שאָקלען זיך מיט די לעצטע כוחות, און טון תפילה מיט אָפּגעשוואַכטע הערצער, און געזעגענען דעם הייליקן טאָג... היום יפנה. השמש יבא ויפנה. נבואה שעריך... אל מלך יושב על כסא רחמים...

אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער שטייט אין טלית און קיטל צווישן די יידן אין קלויז, און געזעגנט מיט זיי אינאיינעם דעם הייליקן טאָג, און זאָגט נאָך וואָרט בייַ וואָרט נאָכן חזן מיט אַ נעילה־ניגון און מיט כוונה, פאַרפעלט קיין וואָרט ניט, קיין טראָפּ ניט... און דאַן זאָגט ער נאָך מיטן חזן: ה׳ הוא האלקים. ה׳ הוא האלקים. ה׳ הוא האלקים... זיבן מאָל אַזוי. און דאַן הערט זיך דער שופר. די לעצטע תקיעה. און דערנאָך שרייַט ער נאָך מיט אַלע יידן, מיט איין קול אינאיינעם: לשנה הבאה בירושלים, בירושלים...

אַלע, אינעם ווערקשטעל האָבן גענומען קוקן אויף עוזרן מיט חשד און מורא גהאַט, אַז ער איז פלוצים פון זינען אַראָפּ, וואָס ער נעמט אין מיטן דערינען זינגען שטיקער נעילה־פּסוקים; און מ׳האָט זיך געשראָקן צי האָט עמעץ פון די אויפזעער אין דרויסן ניט דערהערט. אָבער עוזר האָט געהאַט מזל. די אַרבעט האָט זיך גראָד געענדיקט, און מ׳האָט אַלעמען צוריקגעפירט אין די שטובן אַרייַן.

ווען עוזר איז געקומען אין שטוב, האָט שוין אויף אים געוואַרט קאַפּל און אויפגעהויבן אויף אים אַ פּאָר אויגן: — נו?

— נו, נו? ! האָבן עוזרס אויגן געענטפערט.

— נו, נו? ! האָבן קאַפּלס אויגן צוריקגעענטפערט.

— נו, נו? ! האָבן עוזרס אויגן איבערגעחזרט.

מ'האָט זיך געזעצט עסן, מ'האָט אַרויסגעצויגן די שטיקער מיטאָג־ברויט פון די טאַשן, איינגעטונקען אין דער שיטערער אָוונט־זופּ, און געשוויגן. און געחידושט זיך.

— משיחס צייטן — האָט איינער געפּרווט לערנען פּשט.

— מסתמא זענען זיי שוין זייער סוף, האָבן זיי געענדערט די טאַקטיק — האָט אַ צווייטער געפּרווט אויסטייטשן.

— ה' הוא האלקים! האָט עוזר גענומען שרייען מיט אַ ווילדן קול. ה' הוא האלקים...

— ה' הוא האלקים! האָט קאַפּל אונטערגעכאַפּט מיט אַ נעילה־ניגון.

— שווייגט! האָט איינער זיך אויפגעריסן און געהייסן שווייגן.

— עס קומט באַלד סוכות און שמחת־תורה, זיי קענען זיך נאָך דערמאָנען...

— שווייג, דו, האָט אים עמעץ איבערהאַקט. דו, ניט פאַרגינער, דו, שוואַרצזעער... אַז זיי האָבן יום כפור ניט אויסגענוצט, איז מסתמא בימער מיט זיי, מוזן זיי זייער שמאַל האַלטן.

— לשנה הבאה בירושלים! האָט עוזר אויסגעשריגן נאָך ווילדער ווי פריער. לשנה הבאה בירושלים!

אַלע האָבן אונטערגעכאַפּט עוזרס אויסרוף און מיטגעשריגן, און פאַרגעסן ווו זיי געפינען זיך, און פאַרגעסן אין ברויט, פאַרגעסן אין הונגער.

# יאָרצײַט

עס איז געווען אַ מנהג אַזאַ בײַ די זעלצערס, אַז זיי פֿלעגן פּראַווען יאָרצײַט באַזאַמט. יעדן י״ח תמוז פֿלעגן זיך אַלע קינדער צונויפֿקומען בײַ דער מאַמען אין הויז אויפֿן בעלוויל און אינאיינעם פּראַווען יאָרצײַט. די צוויי טעכטער פֿון פּראָווינץ פֿלעגן קומען אינאיינעם מיט די מענער און דערוואַקסענע זינדלעך און בלײַבן אַ דריי טעג אינאיינעם מיט דער מאַמען. יוסף, דער עלטסטער זון, פֿלעגט וואַרפֿן די „מאַרשע" אויף צוויי טעג און קומען אַהיים צו זײַן מיט דער מאַמען און משפּחה ביז איבער יאָרצײַט; און בער־נאַרד, דער יונגסטער, פֿלעגט אויך באַקומען אַ צווייטאָגיקן אורלויב פֿון זײַן „פּאַטראָן" צו דעם צוועק. יאָר־איין, יאָר־אויס פֿלעגט זיך די משפּחה צוזאַמענקומען, גיין אין אָוונט אין שול אינאיינעם זאָגן קדיש, און צומאָרגנס — גיין צו שחרית, און דערנאָך אַרויספֿאָרן אויפֿן גוטן אָרט, צום קבר פֿון טאַטן, וואָס איז אַזוי יונג געגאַנגען פֿון דער וועלט און איבערגעלאָזן אַ פֿולע שטוב מיט קינדער אויף גאָטס באַראַט. די מאַמע פֿלעגט זיך לייגן אויפֿן קבר און אויסגיסן אַלע טרערן, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט במשך פֿון יאָר, און אויס־וויינען איר צעבלוטיקט האַרץ, און אירע וויסטע אַלמנה־יאָרן — און די טעכטער פֿלעגן מיטוויינען, און די זין — אָפּווישן אַ טרער פֿון אויג.

זייט איבער צוויי צענדליק יאָר פּירט עס זיך אַזוי בײַ די זעלצערס. עס האָט קיינמאָל ניט פּאַסירט אַזאַ סיבה, אַז איינער פֿון די קינדער זאָל ניט קענען זײַן אָנוועזנדיק בײַ דער מאַמען דעם דאָזיקן וויכטיקסטן טאָג אין דער געשיכטע פֿון דער פֿאַמיליע. עס

אין קיינעם ניט געקומען איבערן געדאַנק צו קענען אָפּריכטן יאָרצייט פֿאַר זיך און ניט מטריח זיין זיך ספּעציעל צו דער מאַמען, אויף בעלוויל. עס איז געווען איינציימיק אַ געלעגנהייט צו באַגעגענען זיך מיט דער מאַמען און מיט די נאָנטסטע און מיט באַקאַנטע פֿון די יונגט־יאָרן. און געטון האָט מען עס באַזונדערס פֿאַר דער מאַמען, זי וואָלט געהאַט אַ פֿאַרשטערטן יאָרצייט און וואָלט געהאַט גאָר גרויס עגמת נפש, טאָמער עמעץ פֿון די קינדער קומט ניט. און געטון האָט מען עס באַזונדערס דערפֿאַר, ווייל עס האָט זיך אַזוי אָנגענומען אין דער משפּחה, ווייל עס איז געוואָרן אַ מנהג אַזאַ זייט לאַנגע יאָרן.

און זיכער וואָלט עס זיך ווייטער אַזוי געצויגן, יאָר=איין, יאָר=אויס — ווען ניט די שרעקלעכע יאָרן פֿון צאָרן און שטורם, וואָס האָבן זיך אויסגעגאָסן אויף די קעפּ פֿון די בעלווילער יידן, און אויף די קעפּ פֿון אַלע יידן אומעטום. די זעלצערס זיינען ניט געווען קיין אויסנאַם. בערנאַרד, דער יונגסטער, איז אַוועק אין די זעלנער און ניט צוריקגעקומען. ערשט חדשים שפּעטער האָט ער געגעבן וועגן זיך אַ ידיעה דורכן רויטן קרייץ, אַז ער לעבט און איז אַ קריגס=געפֿאַנגענער אין דייטשלאַנד. די צוויי טעכטער מיט די משפּחות זיינען אַריבער אין דעם דרום=טייל פֿון לאַנד, ווו עס האָט זיך יידן בעסער געלעבט. זי האָט געהאַט ידיעות פֿון זיי פֿון דאָרט, פֿון ליאָן, פֿון גרענאָבל, פֿון ניצע, אָבער שפּעטער, ווען גאַנץ פֿראַנקרייך איז געוואָרן איין גרויס גיהנום — האָט זי פֿאַרלוירן יעדן שפּור פֿון זיי. אַמלענגסטן האָט זי געהאַט ידיעות פֿון יוספֿן, דעם עלטסטן קינד. ער איז אַוועק פֿון פּאַריז, אַוועק פֿון די „מאַרשעס“ און געוואָרן אַן ערד=אַרבעטער אין אַ דאָרף ניט ווייט פֿון הי. ער האָט דער מוטער צוגעשיקט בריוולעך און פֿון צייט צו צייט אַ שפּייז=פּעקל. דער פּויער פֿון דאָרף, ביי וועלכן ער האָט געאַרבעט, פֿלעגט טיילמאָל קומען אין פּאַריז און מיטברענגען אַ הינדל, אַ שטיקל פּוטער, אַ שטיק דאָרפֿישן קעז, אָדער אַ זעקל קאַרטאָפֿל, און אַריינגעבן עס צו דער „קאָנסיערזשקע“, צו דער האַריציקער און ליבער מאַדאַם לעבאָן. עס האָט געהייסן, אַז דאָס פּעקל איז פֿאַר איר. אָבער ווען זי פֿלעגט זען, אַז עס שטאַמט פֿון מסיע זשאָזעף,

האָט זי פאַרשטאַנען פאַר וועמען עס גייט. זי איז געווען אַ גאָלדענע נשמה, די דאָזיקע מאַדאַם לעבאָן.

צום ערשטן יאָרצייט איז ער געקומען פון דאָרף און צוגעזאָגט דער מאַמען זי אַרויסצונעמען אַהינצו, ווי נאָר ער וועט קענען עס טון. ער האָט ניט געוואָגט מיטצונעמען די מוטער מיט זיך, ווייל צוליב איר יידישן אויסזען און שלעכטן פראַנצויזיש, וואָלט מען זי גיך דערקענט, און עס וואָלט געפאַלן אַ חשד אויף אים אויך. די פויערים אין דאָרף איז גאָרניט איינגעפאַלן ביז איצט, אַז ער, מסיע זשאָזעף, איז ניט אַ ריין־ראַסיקער און פול־בלוטיקער פראַנצויז. האָט ער ניט געוואָגט אַהינצוברענגען די מוטער און שטעלן זייערע ביידע לעבנס אין סכנה. צו דער צווייטער יאָרצייט איז ער אויך געקומען, פאַרקליידט אַלס אַ וואַלד־אַרבעטער. ער האָט שוין געאַר־בעט אין אַן אַנדערער געגנט און ביי אַ נייעם „פּאַטראָן" און האָט שוין גאָרניט דערמאָנט מער וועגן אַהיננעמען די מוטער צו זיך אין וואַלד. ער האָט געזאָגט, אַז אין וואַלד איז ניט זיכער. אַז ער איז ניט תמיד אויפן זעלבן אָרט. עס קומט אים אויס אָפט צו טוישן די וועלדער. זי האָט ניט געוואָלט טראַכטן אַפילו וועגן פאַרלאָזן די שטוב און גיין וואַלגערן זיך אויף די אַלטע יאָרן איבער דערפער און וועלדער. זי האָט שוין געוואָלט פאַרענדיקן אירע יאָרן ביי זיך אין הויז, אויפן בעלוויל, וווּ זי האָט צוויי דריטל פון איר לעבן אָפּגעלעבט, און וווּ זי האָט איר מאַן פאַרלוירן און צו קבורה געפירט.

און זייט דעם לעצטן יאָרצייט האָט זי מער וועגן יוספן ניט געהערט, קיין שום ידיעה ניט געהאַט פון אים. זי האָט ניט גע־ווּסט וואָס צו טראַכטן. זי האָט מורא געהאַט צו טראַכטן דאָס, וואָס איז איר געקומען אין קאָפּ אַריין.

* * *

נאָך גוט, אַז די אַלטע מאַדאַם לעבאָן, די „קאָנסיערזשקע" פון הויז, איז געווען אַזאַ גוטע און אַזאַ איידעלע פרוי, און זיך אינטע־רעסירט מיט דער אַלטער פרוי זעלצער — ווען ניט וואָלט זי זיכער אויסגעגאַנגען אַ פאַרגעסענע און איינזאַמע. אָדער זי וואָלט זיך אַריינגעקריגן אין די הענט פון די מיליציאַנטן, אָדער געסטאַפּאָ,

אינאײנעם מיט אַלע ײדן פון איר גאַס. מאַדאַם לעבאַן איז די הויזװעכטערין אינעם זעלבן בנין שוין איבער פערציק יאָר און געדענקט נאָך די צײטן, װען דער אַלטער זעלצער מיט זײן פרוי זײנען געקומען מיט זײערע טשעמאָדאַנעס גראָד פון פוילן אַהערצו און גענומען זיך ערשט אײנאָרדנען, און דאַן געדענקט זי װי די קינדער האָבן גענומען קומען אויף דער װעלט, זשאָזעף, דער עלטסטער, און די צװײ מײדלעך, און בערנאַרד, דער יונגסטער; זי פלעגט עס לויפן נאָך דער הײבאַם און צוהעלפן בײם געבורט; און לויפן אײנמעלדן אין דער „מערי", װײל די זעלצערס זײנען געװען געהרגעט אויפן לשון; דערנאָך געדענקט זי, װי דער אַלטער זעלצער איז אָפּגעשטאָרבן און איבערגעלאָזן אַ שטוב מיט יונגע קינדער; און װי די קינדער האָבן גענומען אונטערװאַקסן און העלפן דער מוטער מיט פרנסה, און װערן זעלבסטשטענדיק. זי האָט זײ אַלעמען ליב געהאַט. זײ זײנען געװען גוט צו איר, די זעלצערס, און צו אירע קינדער, געגעבן מתנות, פאַרבעטן אויף אַ שמחה, אַראָפּגע־בראַכט אַ שטיקל קוכן יעדן שבת און יום־טוב און נאַשװאַרג און געגעבן זײער אַ גוטן טרינק־געלט בײ יעדן „טערם", בעסער װי אַלע אַנדערע לאָקאַטאָרן.

אויך זי, מאַדאַם לעבאַן, איז זײער שטאַרק געפּרוּװט געװאָרן דורך דער מלחמה. אײן זון איז געפאַלן נעבן דונקערק, אײנער איז געגאַנגען אין געפאַנגענשאַפט נעבן סעדאַן, און דער יונגסטער, װאָס איז געװען בײ דער מאַמען, האָבן די דײטשן אים פאַרהאַלטן אין גאַס און פאַרשיקט נאָך שלעזיען אויף צװאַנגס־אַרבעט. און באַלד דערנאָך איז איר מאַן קראַנק געװאָרן און נאָך עטלעכע טעג אַװעקגעפּטרט זיך אויף יענער װעלט. איז זי געבליבן אײנע אַלײן, מיט נײע לאָקאַטאָרן, פרעמדע מענטשן, װאָס זײנען געקומען פאַר־נעמען די שטובן נאָך די פאַרשיקטע ײדן. האָט זי זיך געפילט אײנזאַם און פרעמד אינעם הויז. די אײנציקע באַקאַנטע און נאָנטע נשמה, װאָס איז איר געבליבן, איז געװען די אַלטע זעלצערן.

פלעגט זי אָפט זיצן בײ איר אויפן צװײטן שטאָק און דערמאָ־נען זיך אַלטע צײטן און קוקן אײנע אויף דער צװײטער און אַרויס־העלפן זיך. די זעלצערן האָט געהאַט אַ ביסל אָפּגעשפּאָרט געלט און

אַביסל ווערט־זאַכן, האָבן זיי ביידע געטיילט זיך דערמיט. מאַדאַם לעבאָן פלעגט איינקויפן אַלעם נויטיקע און אַרויפברענגען אין שטוב אַריין. און שפּעטער, ווען דאָס ביסל געלט, וואָס מאַדאַם לעבאָן האָט פאַרמאָגט האָט זיך אויסגעלאָזן, האָט זי אָפּגעדינגען איר דירה אין דער נידער, גענומען שיין אָפּטרעט־געלט, און אַרויפגעצויגן זיך צו דער זעלצערן אויפן שטאָק. מאַדאַם לעבאָן האָט פאַרנומען די קוך און דאָס פאָדערשטע צימער און די זעלצערן האָט פאַרנומען דאָס צווייטע צימער. סיי ווי האָט זי ניט געברויכט מער פאַר זיך, ווייל זי האָט גענומען קרענקן און געלעגן אין בעט אַ לאַנגע צייט. מער ווי דאָס בעט האָט זי ניט געברויכט פאָר זיך. איר האַרץ איז געוואָרן שטאַרק אָפּגעשוואַכט און אַ דאָקטאָר, וואָס איז געקומען צו איר, האָט פאַרשריבן אַלס איינציק מיטל ליגן אין בעט, ניט מער ווי בעט. און אפילו ווען זי וויל ניט האָרכן דעם דאָקטאָר, וואָלט זי אויך ניט געקענט, ווייל די פיס אירע האָבן זי ניט געוואָלט טראָגן. די פיס זיינען פלוצים געוואָרן שווער און דיק און אָנגעשוואָלן און גענומען ווי־טון ביי יעדער באַוועגונג. זי האָט ניט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס די קראַנקייט איז אַריין אין די פיס. זי פאַרשטייט נאָך, אַז עס קלעמט איר ביים האַרץ, אַז דאָס האַרץ איז אַזאַ שוואַכעס ביי איר; זי פאַרשטייט נאָך, אַז די אויגן זיינען ביי איר אַזוי מיד און רויט פון וויינען; אַז עס רוישט איר תמיד אין קאָפּ פון דעם ניט־שלאָפן און אויסהוילן זיך דעם מוח מיט טרויעריקע מחשבותן; זי פאַרשטייט נאָך, אַז עס נאַגט איר אונטערן גריבל... ווייניק האָט זי עס איבערגעלעבט און אויסגעשטאַנען אין די לעצטע יאָרן. אָבער די פיס? פונוואַנען נעמט זיך דער ווייטיק אין די פיס אַריין? זי איז דאָך גאָרניט געגאַנגען, ניט באַוועגן זיך. די לעבאָנען האָט דאָך איר ניט געלאָזן גיין אין גאַס אַריין. זי טוט דאָך אַלעם פאַר איר. זייט דעם לעצטן יאָרצייט איז זי דאָך בכלל ניט אַרויסגעגאַנגען. איז, פאַרוואָס טון איר די פיס אַזוי ווי, פאַרוואָס זיינען די פיס אַזוי שווער ?...

ליגט זי אין בעט און מאַדאַם לעבאָן זיצט אָפט נעבן איר און שטופּט איר אין מויל אַריין דעם פענעץ ברויט און דעם טעלער

מיט שיטערער זופּ, וואָס סטייעט דער זעלצערן אויף אַ גאַנצן מעת־לעת אַרום. איר מאָגן קען מער ניט צונעמען ווי דעם טעלער זופּ און דעם פּענעץ ברויט במשך פון אַ מעת־לעת. דאָס איז נאָך אויך צופיל פאַר איר טיילמאָל. מאַדאַם לעבאָן וואָלט צו גאַנצע טעג געזעסן ביים בעט און גערעדט מיט דער אַלטער זעלצערן, אָבער דאָס אומגליק איז, וואָס זיי קענען זיך ניט דעררייידן. די זעלצערן קען ניט מער ווי איין שפּראַך, איר יידיש וואָס זי האָט געבראַכט פון פּוילן, פאַרפּוצט מיט בעלווילער פאַריידישטע אויס־דרוקן. זי האָט אַנומעלט געקענט אַ הונדערט פּוילישע ווערטער אויך, האָט זי זיי כמעט פאַרגעסן. און פראַנצויזיש האָט זי קיינמאָל ניט געלערנט. זי האָט זיך תמיד זייער גוט אַן עצה געגעבן מיט איר יידיש אויפן בעלוויל. די נויטיקסטע זאַכן האָט זי יאָ געקענט זאָגן אויף פראַנצויזיש, אָבער זייער גרייזיק, און אויסגעמישט מיט יידיש. און מאַדאַם לעבאָן קען אויך ניט מער ווי איין שפּראַך, איר מוטער־שפּראַך, פראַנצויזיש. און פון יידיש קען זי אפילו ניט אַזויפיל, וויפיל די זעלצערן קען פראַנצויזיש. אַזוי, אַז זיי האָבן ניט קיין געמיינזאַמע שפּראַך און אַ שמועס קניפּט זיך ניט. זיי העלפן זיך אַרום מיט די הענט, מיט אַ זיפץ, מיט אַ טרער, מיט אומבאַהאָל־פענע הענט און אויגן און מיט אַ ריידעוודיקן שווייגן. די דאָזיקע שפּראַך פאַרשטייען זיי ביידע זייער גוט, אָבער זי מאַטערט און מוטשעט מער אוים ווי דאָס גרעסטע געשריי אין דער וועלט.

* * *

מאַדאַם לעבאָן פלעגט באַקומען רעגולער ידיעות פון אירע זין אין דייטשלאַנד. יעדע צוויי־דריי וואָכן פלעגט זיין אַ קאַרטל פון דעם זון פון געפאַנגען־לאַגער אין דייטשלאַנד, און אַ קאַזיאָנגע בריוול פון זונדל פון דער שלעזישער פאַבריק, וווּ ער האָט געטון צוואַנגס־אַרבעט. די ידיעות זיינען געווען טרוקן און איבערחזרט זיך יעדעסמאָל, אָבער דאָך אַריינגעבראַכט אַ פרייד אינעם האַרצן פון דער אַלטער מאַמע. מאַדאַם לעבאָן פלעגט זיצן שעהנווייז מיט די פריש־געקומענע פּאָסט ביי זיך אין צימער און וויינען אויס פרייד און גליק. זי פלעגט זיך באַמיען באַהאַלטן אירע געפילן פאַר דער

זעלצערן, כדי ניט אויפצופרישן אירע ווונדן, אָבער די זעלצערן האָט זיך ניט געלאָזן אָפּנאַרן. זי האָט פאַרשטאַנען און מיטגעפילט און מיטגעוויינט מיט דער גוטער מאַדאַם לעבאָן.

אָבער איר וויינען איז ניט געווען דאָס זעלבע געוויין, ווי דאָס געוויין פון מאדאם לעבאן. זי האָט געטראכט וועגן איר זון בער־נארד, וואָס איז אויך ערגעץ אין דייטשלאַנד, וואָס איז אַ געפאנגע־נער אין אַ לאַגער דאָרט, און שרייבט ניט, גיט קיין ידיעה ניט וועגן זיך. זי האט געוויינט ביטער ניט צוליב קנאה, ניט ווייל זי האָט ניט פאַרגינען מאדאם לעבאָן, חס וחלילה ניט — נאר פשוט, ווייל עס פלעגט זי דערמאָנען אין בערנארדן, און איר מוטערס האַרץ און אויגן האָבן ניט געקענט זיך באַהערשן, פשוט — ניט געקענט. צוויי קארטלעך האָט זי נאר געהאט פון אים זייט ער האט געגעבן צו וויסן וועגן זיך דורכן רויטן קרייץ פון אַ לאַגער, און זייט דעמאלט — קיין ידיעה ניט פון אים. און אַליין פון זיך איז געקומען דער פאַרגלייך פון איר זונס גורל און דעם גורל פון די זין פון מאדאם לעבאָן, און אַליין פון זיך פלעגן טרערן נעמען רינען און זיפצן נעמען רייסן זיך, אַליין פון זיך, פון האַרצן אַרויס, פון די טיפע אינגעווייד אַרויס.

און ווען דער רושם פון דער פאָסט פלעגט פאַרבייגיין, פלעגט זי נעמען טראכטן וועגן יוספן, דעם עלטסטן זון, וואָס איז געלם געוואָרן, ווי אין וואַסער אַריין, זייט די לעצטע יאָרצייט, זייט ער האָט גענומען ריידן וועגן זיין אַרבעט אין וואַלד. אַזאַ גוטער זון געווען תמיד, דער יוסף, אַזאַ גוטער ייד. מקריב געווען זיך תמיד פאר דער מוטער. איינגעשטעלט זיין לעבן און געקומען צו יאָרצייט צו דער מאַמען, און געגאַנגען אויפן קבר; געווען אַזאַ סכנה דעם לעצטן יאָר, די באַנדיטן האָבן אומעטום געלויערט אויף יידן, און ער, יוסף, איז געקומען פון וואַלד און געגאַנגען צום בית־עולם, ניט געשראָקן זיך, פאַרגנבעט זיך צום קבר און דאַן ווידער אַוועק צו זיין אַרבעט אין וואַלד... און זייט דעמאלט ניט געגעבן קיין ידיעה מער וועגן זיך. האָבן איר געסטייעט אויך טרערן צו וויינען אויפן גורל פון יוספן. זי איז געווען זיכער, אַז טאָמער ער וואָלט געקענט, וואָלט ער געפונען אַ וועג איבערצושיקן איר אַ נייעס וועגן

זיך, און טאמער טוט ער עס ניט, איז אַ סימן, אַז ער קען ניט, אַז ער קען, נעבעך, ניט מער...

מאדאם לעבאָן האָט זי גוט פאַרשטאַנען. זי האט זיך משער געווען פאַרוואָס די זעלצערן וויינט אַזוי ביטער. פלעגט זי זיך צוזעצן נעבן איר און באַרואיקן זי: „וויינט ניט, סילווי פלע מסיע בערנאר שרייבט זיכער... שיקט לעטערס, רעגולערע קארטלעך, נאר די זשעסטאַפּאָ, די פאַרשאלטענע זשעסטאפּאָ מוז פארהאלטן, צונעמען די קאַרטן, ווייל ער איז אנ'איזראעליט... נו, וויינט ניט, דער באָן־דיע וועט העלפן, ער וועט קומען, ער לעבט זיכער, דער באָן־דיע איז דאך אַ גוטער, דער באָן־דיע..."

עס איז געווען אַ קליינע טרייסט פאַר דער פרוי זעלצער. זי האָט צעשפּרייט די הענט און אראפּגעלאזן זיי הענגען פון ביידע זייטן בעט, נאכזאגענדיק מיט אַ האַלב מויל: „באָן־דיע, באָן־דיע, באָן־דיע..."

און דערנאָך האט מאדאם לעבאָן גענומען ריידן וועגן יוספן און זי טרייסטן: „דער באָן־דיע שוצט זיכער אויך דעם מסיע זשאָזעף. ער איז אַזאַ גוטער, דער מסיע זשאָזעף. ער איז מסתמא אין די „מאקי", קען ניט קומען... אַ סך פראנצויזן זייגען אין די „מאקי", אין די וועלדער... מסיע זשאָזעף איז זיכער צווישן זיי, קעמפט קעגן די באַנדיטן, די סאַל באָשעס, די מערדער... דער באָן־דיע וועט אים שיצן, ער איז אַ גוטער, דער באָן־דיע..."

די זעלצערן פלעגט נאכזאגן אירע ווערטער, ניט תופס זיין זייער גאַנצן מיין און צוגעבן דערצו איר אייגענעם זיפץ: „באָן־דיע, באָן־דיע... טאטע זיסער, הארצעדיקער, מיט וואָס האָב איך אַזויפיל געזינדיקט, מיט וואָס, טאטע זיסער, באָן־דיע, באָן־דיע..."

* * *

די עטלעכע וואָכן פאַר דער יאָרצייט זיינען געווען די פּייניקלעכסטע פאר איר. די איינציקע טרייסט פאַר איר איז געווען דאָס, וואָס די געשווילעכץ פון אירע פיס האט אַביסל אָפּגעטרעטן און זי האט געקענט שטעלן עטלעכע טריט אָן ווייטיק אין די געלענקן. וויט דערגיין האט זי ניט געקענט, קוים פון איין וואַנט צו דער צוויי=

מער, אָבער דאך האָט זי געדעכנט צו קענען דערשלעפּן זיך צום אונטערערדבאַן, און פון דער לעצטער מעטראָ־סטאַציע צום בית־עולם־צו. זי האָט טאָג און נאַכט געבעטן גאָט, ער זאָל איר געבן אויף אַזויפיל כוח, אַז זי זאָל קענען זיך אהינקריגן צום גוטן אָרט, מער ניט. צוריקקומען פון דארט האט זי שוין ניט געוואָלט און ניט געבעטן גאט אין כוח אויף צו קענען צוריקגיין אַהיים. גאר פאר־קערט. זי האָט געבעטן, אַז ווען זי וועט שוין דאָרט זיין אויפן קבר, זאל איר גאט גאר אָפּנעמען דעם כוח, אַלע כוחות אָפּנעמען פון איר, אַז זי זאָל זיך שוין מער ניט קענען אויפהייבן פון קבר, און בלייבן ליגן דארט אויף אייביק. ניט מער, האט זי געבעטלט ביי גאט, ווי דאס ביסעלע כוח אין אירע פיס אויף צו קענען אהינקריגן זיך אין טאָג פון יאָרצייט, דעם לעצטן יאָרצייט אין איר לעבן...

און ווען עס איז געקומען דער חודש תמוז, האט זי קיין אויג ניט געקענט צומאכן און קיין לעפל זופּ ניט געקענט אַראָפּברענגען. זי האָט געהאַלטן אין איין בעטן און טון תפילה און גרייטן זיך אהינצוגיין, אהינצוגיין און מער ניט צוריקצוקומען. דאָס ערשטע מאָל וועט איר היי־יאָר אויסקומען צו גיין אַליין אהינצו, איינע אַליין פון דער גאַנצער משפחה, פון דער גרויסער משפחה, איינע אַליין צו דער יאָרצייט — האט זי געבעטן, אַז עס זאל זיין דאס ערשטע און איינציייטיק דאס לעצטע מאָל אין איר לעבן. דאס לעצטע.

די נאַכט פון י״ח תמוז האט זי פאַרבראכט ביים נשמה־פלעמל און ביים גרייטן זיך אין וועג אַריין, דעם לעצטן וועג. מאַ־דאם לעבאָן איז אויך ניט געשלאָפן און געהאלפן איר אנטאן זיך און צוגעזאגט איר אָפּצוגלייטן אויפן „סעמעטרי“ אַרויס, העלפן איר גיין. פרוי זעלצער האט געבעטן איר ניט מטריח צו זיין זיך, ווייל זי וועט זיך שוין אַליין אהינקריגן. זי האט געהייסן לייגן זיך. מאדאם לעבאָן האט דווקא געוואָלט העלפן און מיטגיין מיט איר, אונטערהאַלטן ביים גיין. זיי האָבן זיך געקריגט און געשפּאַרט אַ גאַנצע נאַכט, און ניט דערהערט ווי פארטאגס האט עמעצער גע־נומען קלאַפּן ביי זיי אין טיר. ערשט ווען דאס קלאַפּן איז געוואָרן שטאַרקער און גערויערט לענגער, האט מאדאם לעבאָן דערהערט און מיט אַ האַרץ־קלאַפּעניש געגאַנגען עפענען.

„באָנ־דיע, באָנ־דיע, באָנ־דיע, דאס איז דאך מסיע זשאָזעף, מאָנ־דיע!‟, האט זי אויסגעשריגן און שיער ניט אַוועקגעפאלן.

פרוי זעלצער איז אַוועקגעפאלן אויפן בעט און עס האט לאנג געדויערט ביז מ'האט זי דערמונטערט. ווען זי איז געקומען צו זיך, האט זי ניט געקענט געפונען דאס לשון. און ווען זי האט געקענט אַרויסברענגען דאס ערשטע וואָרט, האט זי געזאָגט: „יוסף‟. און ווען זי האט געקענט אַרויסברענגען דאָס צווייטע וואָרט, האָט זי געזאָגט: „יאָרצייט‟.

יוסף האָט דערציילט, אַז ער האָט געוווּסט, און צוליב דעם טאקע געקומען היינט. ער האט געבעטן די מאמע, זי זאָל אים מוחל זיין, וואָס ער איז ניט געקומען פריער. ער איז געווען פאַר־נומען אין די וועלדער, מיט דער אַרבעט אין די וועלדער, געהיימע אַרבעט... איצט האט ער זיך אויסגעאַרבעט אַ שליחות, אַלס פאַרבינדונגס־אַגענט מיט דער הויפּט־שטאָט, און אַזוי אויסגערעכנט, צו קענען קומען גראד צו יאָרצייט.

„קום, מאמע‟, האט ער גענומען די מוטער אונטערן אָרעם. „לאָמיר גיין, איידער עס ווערט גוט טאָג, איידער מ'וועט פאלן אויף מיינע שפּורן. קום. ניטא קיין צייט. לאמיר גיין, מאמע‟.

די מוטער האט געשטארקט זיך און אונטערגעהויבן זיך פון בעט. אירע פיס זיינען געוואָרן לייכט, זייער לייכט, אָבער די צונג איז עפּעס געוואָרן אַזוי שווער, אַז זי האט ניט געקענט אַרויס־ברענגען קיין וואָרט פון מויל.

זיי זיינען אַרויס פון שטוב.

מאַדאַם לעבאָן איז זיי נאכגעגאַנגען ביז צום מעטראָ. זי האָט ניט געוואָלט גיין מיט זיי, כדי ניט צו שטערן זיי אין זייער גרוי־סער פרייד, אין זייער גרויסן גליק.

ווען זיי זיינען אַרויס אויפן צווייטן עק שטאָט פון דער אונ־טערערד־סטאציע און אַרויף אויפן וועג, וואָס פירט צום בית־עולם, איז שוין געווען גרויסער טאָג. די זון איז עפּעס געקומען פריער היינט ווי תמיד און געווען גרעסער און ליכטיקער ווי שטענדיק. יוסף האט זיך אָפּגעטיילט פון דער מוטער און גענומען זיך שארן נעבן די קוסטעס, וואָס האָבן אָפּגעגרענעצט דעם וועג פון די זייטי־

קע פעלדער. דערנאך האט ער זיך געלאזן דורכן הויכן גראז־פעלד, כדי אויסצומיידן דעם הויפּט־איינגאַנג, ווו עס קענען לויערן מיליציאַנטן, וואָס כאַפּן אויף יידן — און דורך אַ לאָך אינעם גדר אריינגעקריגן זיך צווישן די מצבות. נעבן טאַטענס קבר האט ער זיך געטראָפן מיט דער מאַמען.

די זון האט זיך געמאכט אַ וועג צווישן די געדיכטע בית־עולם־ביימער און די פאַרוואָרלאָזטע מצבות, און פאַרטריבן פון זייערע הערצער די סכנה, וואָס האט געוואָלט פאַרשאַטענען זייער פרייד און פאַרשטערן דעם יאָרצייט.

# אסתר

ווען אסתר איז צוריקגעקומען פֿון שפּיטאָל האָט זי געפֿונען בײַ זיך אַ ליידיקע דירה. עס איז נאָך געווען ווייניק, אַז מ׳האָט בײַ איר צוגענומען איר מאַן, האָט מען זי באַרויבט אַלס צולאָג פֿון אַלעם, וואָס זי האָט פֿאַרמאָגט. זי האָט געפֿילט, אַז דאָס האַרץ־ווייטיק, וואָס האָט גורם געווען דאָס גאַנצע אומגליק און זיך אַביסל נאָרהיילט אקאַרשט — קומט איר צוריק און מאַכט אַ סוף צו איר לעבן. זי האָט זיך אָנגעהאַלטן בײַ דער וואַנט און געשטאַנען אַ לענגערע צייט מיט אַ שווינדל אין קאָפּ און אַ קלעמעניש אין האַרץ, און מיט אַ ווילן צו פֿאַרענדיקן איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל אירע ליידן. זי האָט שטאַרק באַדויערט, אַז דאָס קלעמעניש און שווינדלען זיינען גיך אַדורך, אָבער זי איז געווען צופֿרידן, אַז דער ווילן צו גיין פֿון דער וועלט איז איר געבליבן; זי האָט געפֿילט איצט שטאַרקער ווי ביז איצט, אַז איר לעבן האָט קיין זין ניט; געזונטע מענטשן קענען זיך היינט קיין עצה ניט געבן אין לעבן, היינט ערשט — קראַנקע, מיט אַזאַ קראַנקייט ווי זי?...

זי האָט זיך געמאַכט פֿאָרווורפֿן, וואָס צוליב איר קראַנק האַרץ איז איר מאַן געגאַנגען פֿון דער וועלט. דאָס איז ער געגאַנגען ברענגען אַ רפֿואה פֿאַר איר פֿון אַפּטייק, בשעת אַ שטאַרקן האַרץ־אַטאַק, און מער ניט צוריקגעקומען. געווען אַ כאַפּעריי אויף יידן מסתמא אין יענער געגנט, און פֿאַרשלעפּט געוואָרן. ער האָט געהאַט אַזאַ סעמיטישן אויסזען — איז ניט קיין וווּנדער, זי האָט אים געבעטן, ער זאָל ניט גיין, עס וועט אַריבער — האָט ער דווקא געוואָלט גיין נאָך אַ מעדיצין, און מער ניט צוריקגעקומען. זי האָט געוואַרט און געוואַרט. דאָס האַרץ האָט גענומען מער קרענקן

און רייסן זיך, און בלוטיקן. און זי וואָלט זיכער אויסגעגאַנגען ביי זיך אין בעט, ווען ניט די גוטהאַרציקע שכנה, די מאַדאַם קאַסטעל, וואָס האָט אַרויסגערופן אַן אַמבולאַנס און אָפּגעפירט אין שפּיטאָל.

און איצט, צוריקקומענדיק פון שפּיטאָל, האָט זי באַמערקט, אַז די געסטאַפּאָ מיט דער מיליץ האָבן אויסגעליידיקט אירע שטובן, צוגערויבט אַלץ וואָס זי האָט פאַרמאָגט. די גוטע מאַדאַם קאַסטעל האָט זי באַרואיקט: עס האָט געקענט זיין ערגער; ווען זיי באַגעגענען אייך דעמאָלס אין שטוב, וואָלטן זיי אייך אויך גענומען, אינאיינעם מיטן מעבל, מיט די שטוב-זאַכן, וואָלט געווען נאָך ערגער . . .

— וואָלט געווען בעסער, ניט ערגער, האָט אסתר געזאָגט אַ פּאַריאַושטע. אַ סך בעסער . . .

— רעדט ניט ווי אַ קינד, האָט מאַדאַם קאַסטעל זיך געבעטן. אַזוי לעבט איר דאָך . . .

אסתר האָט אויסגעבראָכן מיט אַ ספּאַזמאַטיש געוויין און עס האָט לאַנג געדויערט ביז זי איז געקומען צו זיך. מאַדאַם קאַסטעל האָט דערווייל גענומען אַריינברענגען עטלעכע שטוב-זאַכן פון זיך און אויסגעבאָרגט אסתרן אַ מאַטראַץ מיט אַביסל בעטגעוואַנט, אַ שטול, אַ טישל און עטלעכע קוך-מכשירים; מסיע קאַסטעל האָט צוגעהאָלפן, אנגעשטעלט אַלעס אויפן אָרט. און ווען אסתר האָט אויפגעהערט וויינען האָבן זיי זי באַרואיקט, געבעטן צו געדענקען אין זיי; זיי וועלן ניט לאָזן טון איר אַן עוולה. זיי האָבן אויך חשבונות מיט די דייטשן, זייער איינציקער זון איז געפאַלן נעבן סעדאַן; זיי וועלן ניט לאָזן איר אַ רעה טון. אסתר האָט געקוקט אויף זיי און ניט געוווסט צי דאַרף זי זיין דאַנקבאַר דערפאַר, אָדער ניט; זי האָט זיך געווישט די אויגן און געזוכט דאָס פּאַסיקע וואָרט, די געהעריקע ווערטער, און ווען זי האָט זיי געפונען —, זיינען די קאַסטעלס שוין געווען צוריק ביי זיך אין צימער, און ניט דערהערט וואָס זי זאָגט זיי.

אסתר האָט ניט געוווסט וואָס צו טון מיט זיך און צו וואָס זיך צו נעמען. קיין פאַך האָט זי ניט געקענט, אַלס נגידישע טאַכטער האָבן אירע עלטערן ניט אויסגעלערנט איר קיין מלאכה, און

שפּעטער האָט איר מאַן זייער שיין פאַרדינט אין מסחר און זי האָט ניט געבּרויכט גאָרניט צו טון. זי האָט געהאַט באַקאַנטע אין שטאָט, זיי וואָלטן איר געקענט אַרויסהעלפן, אָבער קיינער איז ניטאָ מער הי, פאַרשיקט געוואָרן, אָדער צעלאָפן זיך, באַהאַלטן זיך אויף ערגעץ אין אַ דאָרף, אַ העק. זי האָט געטראַכט, אַז דאָס בעסטע וואָלט געווען אויך פאַר איר, ווען זי קען אַוועק ערגעץ אין אַ דאָרף, אין אַ וואַלד, צו אַ פּויער, גיין אַרבעטן אין פעלד, און דאַרטן איבּער-וואַרטן. אָבער וווּהין גייט מען? — האָט זי זיך געפרעגט. ווי הויבּט מען אָן? און וואָס וועט זי קענען טון מיט איר קראַנק האַרץ? זי איז דאָך ניט פּעאיק צו אַ פיזישער אַרבּעט!

און גייענדיק אַזוי אַ פאַרטראַכטע אין גאַס האָבּן זיך אירע אויגן פּלוצים פאַרהאַלטן געבּן אַ קליין קלייטל מיט אַ באַקאַנטמאַ-כונג, אַז עס ווערט געזוכט אַ „רעמאַיעז“, אַ מיידל, אָדער פרוי, אַרויסצונעמען זאַכן צום פאַרריכטן. זי איז געשטאַנען אַ לאַנגע צייט ביים פענצטער און געלעזן הונדערטער מאָל די דאָזיקע ווער-טער און געטראַכט, אַז דאָס וואָלט געווען זייער אַ גוטע אַרבּעט פאַר איר, באַזונדערס אַז דאָס איז אַרויסצונעמען די אַרבּעט אַהיים, און זי וואָלט עס געקענט טון ביי זיך אין שטוב. פאַרן קריג האָט זי אַליין צוגעשטעלט אַזויפיל זאַכן צום פאַרריכטן און אַזוי טייער געצאָלט דערפאַר, מסתמא איז עס אַ גוטע פרנסה. לסוף האָט זי געעפנט די טיר און אַריינגעגאַנגען. אַן אַלטע פרוי האָט זי אָנגע-קוקט פון אויבּן אַראָפּ און הערענדיק, אַז זי קען נאָכניט דאָס פאַך, נאָר זי וויל זיך ערשט אויסלערנען — האָט זי אויסגעבּראָכן מיט אַ ווילד געלעכטער:

— דאָס איז ניט אַ זאַך פאַר אַזאַ איידעלע דאַמע ווי איר זייט, דאָס איז ניט פאַר אייערע איידעלע אויגן און דעליקאַטע הענטעלעך . . .

— עס מאַכט ניט אויס, האָט אסתר אָנגעהאַלטן — איך וויל זיך אויסלערנען, איך וועל זיך גיך אויסלערנען, איך האָב ניט פון עפּעס אַנדערש צו לעבּן.

די אַלטע פרוי האָט זיך ווידער שטאַרק צולאַכט: — פאַר אַזאַ יונגע און שיינע דאַמעלע האָב איך אויסגעזאָרגט... טוט וואָס

אַזויפיל יונגע מיידלעך פון איצט אין פראנקרייך, כאַ־כאַ־כי... ווייניק דייטשן פאַראַן אין שטאָט, ווייניק געזונטע און קרעפטיקע דייטשן ווילן עס אויסהאַלטן אַ באַטעמטע פראַנצויזקעלע, כאַ־כאַ?... דעריבער פעלן דאך אויס הענט צו דער אַרבעט, דעריבער וויל דאך קיינער ניט אַרבעטן שווער ביי די זאַקן, אַרויסנעמען זיך די אויגן — אַז פאַראַן לייכטערע „פרנסות"... זוכט זיך אויס אַ דייטשל, אָדער מיליציאָנער, באַזונדערס, אַז איר קענט נאָך דאָס פאך ניט!...

אסתר איז געשטאַנען און ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. אין אירע אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן און זי האָט זיי ניט געקענט איינהאַלטן אין די אויגן־ווינקלען. די אַלטע האָט עס באַמערקט און געגעבן איר אַ שטול זיך אַנידערצוזעצן. זי האָט באַדויערט, וואָס זי האָט אָנגערירט עפּעס אַ פּילבאַרע זייט פון דעם מיידל און גענומען זיך ענטשולדיקן. אסתר האָט געווישט זיך די טרערן און געוואנדן זיך צו דער טיר אַרויסצוגיין. די אַלטע האָט איר ניט געלאָזן אַרויסגיין. זי האָט אַרויסגעצויגן אַן אַלטן, צוריסענעם זאָק, אַרויפגעצויגן אויף די לינקע האַנט, גענומען אין דער רעכטער האַנט אַ העקל־נאָדל און גענומען אויפכאַפּן לאַנגזאַם די אַראָפּגעלאָזטע אויגן, אויג נאָך אויג, פּאַמעלעך, אַז אסתר זאָל זען ווי עס גייט און זיך לערנען. אסתר האָט צוגעקוקט זיך און געדאכט האָט זיך איר, אַז עס איז לייכט, גאר לייכט און געווען צופרידן, אַז די אַלטע פרוי ווייזט איר און לערנט איר ווי אַזוי צו מאַכן. שפּעטער האָט די אַלטיטשקע געבאָרגט איר אַ העקל־נאדל און עטלעכע צוריסענע זאָקן, זי זאָל זיך קענען לערנען אין דער היים, און צוגעגעבן ביים געזעגענען זיך: — נו, זייט ניט אין כעס, זייט מוחל... ווען אַליין האָבן די געלעגנהייט זיך איבערצוצייגן וועלכע פּרנסה איז לייכטער, צי די מיידלעך זיינען ניט גערעכט... וועסט זען... אָ רעוואַר, אָ רעוואַר מאָן אַנפאַן...

ווי נאָר זי איז אַהיימגעקומען האָט אסתר געזעצט זיך צו דער אַרבעט. זי האָט אַרויפגעצויגן אַ צוריסענעם זאָק אויף דער לינקער האַנט, אנגעצויגן די אויפגעלאָזענע שורה צווישן גראָבן פינגער און זיין שכן און גענומען דאָס העקעלע אין דער רעכטער האַנט. זי

האט פאַרטשעפּעט דאס ציינגעלע פון דער נאדל אין אַ שטאפּל פון דעם לייטערל אינעם זאָק און גענומען ציען. זי האט אויפגעכאַפּט דעם זיידענעם פאָדעם און אַריין מיט אים אין שכנותדיקן אויגל און געטון דאָס זעלבע מיטן צווייטן שטאפּל. איר האַנט האָט געציטערט און געוואקלט זיך און געדאַכט האָט זיך איר, אַז זי שלעפּט ניט אַ דין העקעלע מיט אַ דרים ווי אַ שפּין־געוועב, נאָר ווי זי וואָלט געהאַט אין דער רעכטער האַנט אַ שווערע האק מיט אַ גרויסע בעלקע, וואָס שלעפּט זיך נאָך. זי האָט אַ פּעסטן צי געטון, און באַמערקט האט זי, אַז דער פאדעם, וואָס זי האָט געצויגן, איז געפּלאַצט און אַרום אים האבן געלאזן צענדליקער שורות מיט אויגן פון אויבן אַראָפּצו, און שיטער געמאַכט דאָס געוועב פון זאָק. אַ וויילע איז זי געבליבן זיצן אַ געטראָפענע, ווי דאָס גרעסטע אומגליק וואָלט מיט איר געשען. אָבער גיך האָט זי זיך באַדענקט און גענומען אַ צווייטן זאק אין האנט אַריין. דאסמאל איז עס געגאַנגען לייכטער. זי האט אויפגעכאפּט עטלעכע אויגן, אָבער לסוף האט זי באַמערקט, אַז עס איז געבליבן אַ מיאוסער סימן, ווייל זי האט איבערגעהיפּט צו צוויי־דריי אויגן מיטאַמאָל — האט זי אויפגעלאזן די אויפגעכאַפּטע שורה און אָנגעהויבן פון דאסניי. דאסמאל האט זי מער זיך אַריינגעטון אין דער אַרבעט און אַכטונג געגעבן אויף יעדן אויג באַזונדער. ווען זי איז דערגאַנגען ביז ווייט אראפּצו, האט זי פּלוצים דערפילט אַ שווינדל אין קאפּ און אַ ברען אין די אויגן; אַז אויפגעכאַפּטער דרים האָט זיך אַ גליטש געטון פונעם העקל און די גאַנצע שורה האָט נאָכגעלאָזן, ביז אַרויפצו.

אסתר האָט זיך אָפּגערוט אַ רגע, און ווען זי האָט געזען, אַז איר ביז איצטיקע אַרבעט איז אַרויסגעוואָרפן, און זי וועט מוזן אנהויבן די שורה פונדאסניי — איז זי אויסגעבראכן מיט אַ ביטער געוויין. זי האָט געמיינט אויף אַן אמת אַז עס איז לייכט, דערווייל וויזט זיך ארויס — אַז די אַלטע פרוי איז טאַקע גערעכט, זייער גערעכט. זי האָט אַ וואָרף געטון פון זיך דעם זאָק און געבליבן זיצן אַ פאַרצווייפלטע און פארביטערטע. זי האט געזען פאר זיך אַ תהום, אַ גרויסן און טיפן תהום. זי האט געזען, אַז די איינציקע האפענונג אירע צו פארדינען אויף ברויט, צו דערהאלטן זיך ביים

לעבן — ווערט צערונען, פֿאַרשווינדט. זי האָט געזען ווי די אַלטע פֿרוי פֿון קלייטל שטייט איבער איר, און :עהערט ווי זי איבערחזרט איר דאס זעלבע, וואָס זי האט איר פֿריער געזאָגט און ווי זי שרייט איר נאך ביים געזעגענען זיך: „וועסט דיך איבערצייגן וועלכע פּרנסה איז לייכטער, ווער עס איז גערעכט .. וועסט זען!"

צומאָרגנס האָט זיך אסתר אויפֿגעכאַפּט פֿאַרטאָגס און געזעצט זיך ווידער צו דער אַרבעט. אירע אויגן זיינען געווען אויסגערוט און די געלענקען אין דער רעכטער האַנט אויך, איז איר אַרבעט געגאַנגען שפּאָרער. זי האָט עטלעכע מאָל פֿאַרלוירן דעם דרים, אָבער ער איז ניט אַוועק ווייט, און זי האט אָנגעהויבן נאכאמאל. זי האט זיך אינגאנצן ארייננעטון אין דער אַרבעט און נאך עטלעכע שעה דערגאנגען מיטן העקעלע ביז צום לעצטן אויג פֿון אן אויפֿגעלאָזענער ווירע. זי האָט פֿאַרהאַלטן דעם לעצטן שטאַפּל מיט אַ דינעם גארן און צוגעפּעסטיקט צום זאָק, אַז ער זאל שוין מער ניט נעמען לויפֿן, און אַ צופֿרידענע געזעצט זיך באַוואונדערן איר אַרבעט. זי האט ניט געגלויבט אירע אייגענע אויגן. די שיטערע שורה אינעם געוועב פֿון זאָק איז פֿאַרשוואונדן און ניט איבערגעלאָזן קיין צייכן, קיין סמן ניט. זי האט טריאומפֿירט. עס האט איר צוגעגעבן מוט צו ווייטערדיקער אַרבעט. זי האט גענומען אַ צווייטן זאָק און גענומען קריכן מיטן העקעלע אַריין און אַרויס, פֿון איין אויג אין אַנדערן און באַוואונדערן ווי די שיטערע געוועבן אינעם זאָק נעמען זיך צונויפֿציען און געדיכט ווערן, אויסמישן זיך מיט די גוטע טיילן פֿון זאָק.

אוים גרוים שמחה איז זי ארייננעפֿאלן צו מאדאם קאַסטעל מיטן זאָק אין דער האנט: — קוקט, מאדאם קאַסטעל, קוקט, איר וועט ניט גלויבן!

מאדאם קאַסטעל האט באַוואונדערט איר אַרבעט און געפֿרייט זיך מיט איר פֿרייד און אַלס סמן פֿון אנערקענונג דערלאַנגט איר אַ פּאָר זאָקן אירע צום פֿארריכטן. אסתר האט ניט געוואָלט נעמען. זי האט ניט געוואגט צו נעמען זיך שוין אַזוי גיך צו נייע זאָקן. זי איז ניט געווען זיכער נאָך אין אירע כוחות. מאדאם קאסטעל האָט אָנגעהאַלטן. אסתר האָט זיך געלאָזן צוריידן. זי האָט אָבער ניט

גענומען זיך באַלד דערצו, נאָר ווייטער געלערנט זיך אויף די צוריסענע זאַכן פון דער אַלטיטשקער. זי איז אויפגעשטאַנען יעדן טאָג ווי נאָר ס'האָט גענומען טאָגן, און געזעסן ביז סוף טאָג ביי דער אַרבעט. און ערשט ווען זי האָט געפילט זיך זיכערער, האָט זי גענומען זיך צו מאַדאַם קאַסטעלס זאַכן. זי האָט געאַרבעט לאַנגזאַם און אכטונג געגעבן אויף יעדן אויג באַזונדער, אויף יעדן לעכעלע, אַז עס זאָל שיין אַרויסקומען, עס זאָל ניט בלייבן קיין צייכן; דאָס איז געווען איר ערשטע פאראַנטוואָרטלעכע אַרבעט, איר ערשטער עקזאמין. עס איז איר ניט געגאַנגען זייער שפּאַר, זי האָט עטלעכע מאָל געמוזט אויפלאָזן און אנהויבן אויפסניי — אָבער אין צוויי טאָג האָט זי די זאַכן פון מאַדאַם קאַסטעל פאַרראָכטן און אומגעקערט זיי אַזוי ווי נייַ, ווי ערשט פון געשעפט אַרויס.

מאַדאַם קאַסטעל האָט ניט געוווּסט ווי צו דאַנקען איר. זי איז געווען גליקלעך, אַז אסתר האָט זיך אויסגעלערנט די מלאכה, און איינציייטיק געווען צופרידן, אַז זי וועט קענען פון איצט אָן אַריינגעבן אַלע אירע צוריסענע זאַכן צו אסתרן און ניט מוזן וואַרטן חדשים גאַנצע ביז מ'וועט איר מאַכן די זאַכן אין די געשעפטן. און ניט נאָר זי האָט געגעבן אירע אייגענע זאַכן, נאָר צוגעזאָגט אַנדערע פרויען אויך. זי האָט צוזאַמענגענומען אַלע צוריסענע זאַכן ביי אַלע פרויען אין הויז און ביי די שכנותדיקע ווייבער און מיידלעך, און איר אַרויפגעבראַכט. אסתר איז געווען זייער צופרידן דערפון. זי איז געזעסן צו גאַנצע טעג און געאַרבעט פון פאַרטאָגס ביז אין אָוונט. פאַרפאַלקאָמט זיך אין דער אַרבעט, אויסגעפונען וואָס מאָל נייערע מיטלען פון שענערער און גיכערער אַרבעט, אַז מ'זאָל בכלל גאָרניט דערקענען ווו עס איז געווען פריער אַן אויפגעלאָזענע שורה. די האַנט איז געגאַנגען ביי איר אַליין, ווי פון זיך אַליין; דאָס העקעלע האָט געדראַפּעט זיך אויף די זיידענע שטאָפּעלעך פון די לייטערלעך ווי פון זיך אַליין, ווי אַליין פון זיך, ווי אַ שדל מיט אַ נשמה, מיט אַ ציטערדיקער נשמה...

די אַלטע פרוי אינעם קלייטל איז געווען שטאַרק צופרידן און אַרויסגעגעבן איר אַ סך אַרבעט, וואָס אַמאָל מער זאַכן. אסתרס גוטע אַרבעט האָט איר צוגעצויגן נייע קונים, און זי האָט ניט גע־

וווסט ווי צו דאנקען איר דערפאר. זי האט געהאט אַזויפיל צו טון, אַז זי האט ניט געקענט זיך אַן עצה געבן דערמיט. זי האט נאך גע־מוזט פאררייכטן די זאַכן פון מאדאם קאַסטעל און פון אַלע פרויען אין הויז און פון בשכנות. זי האט געאַרבעט פלייסיק, וואָס אַמאָל גיכער און בעסער, און געשאַפן זיך וואָס אַמאָל מער פריינד צווישן די פרויען. מ'האָט זי ניט גערופן אַנדערש ווי „לא פטיט רעמאַיעז" און געבראַכט אין שטוב אַריין מתנות פון עסענוואַרג און פון כל־ערליי שטוב־זאכן, און בלומען, און פון די שענסטע און בעסטע קאמפלימענטן.

אַזוי איז זי געזעסן און געאַרבעט פון פרימארגן ביז שפּעט אין אָוונט אַריינגעטאָן אין די זאַכן, אין די אויפגעלאָזענע ווירעס אין די טויזענטער אויגן און געוועבן, און פארגעסן וועגן אַלעם און אַלעמען, וועגן אירע דאגות און צרות, וועגן איר לאגע, און וועגן דער סכנה, וואָס לויערט אויף איר.

אנומעלט, נאך זייער אַ שווערן טאָג אַרבעט, האט אַ שטאַרק קלאַפּן אין טיר אַרויסגעריסן זי פון איר געשמאַק שלאָפן. זי האט זיך געריבן די אויגן און די אויערן, כדי זיך איבערצוצייגן צי זי חלומט ניט. אָבער, ליידער איז דאס קלאַפּן אין טיר און די קולות אויף יענער זייט געווען אמתדיקע. זי האט דערקענט עטלעכע דייטשע ווערטער פול מיט דראָאונג און כעס און עטלעכע פראנ־צויזישע קללות פון דעמזעלבן נוסח. אַ פּחד איז אַדורך אַלע אירע אברים און אַרויסגעטריבן זי פון געלעגער. זי האט ניט געוווּסט וואָס צו טון מיט זיך. עס איז ניט געווען ווהין און ווי אַזוי צו אַנטלויפן. סיידן אַראָפּצוּוואַרפן זיך פון פירטן שטאָק, און ניט אריינפאלן אין זייערע הענט. זי איז צוגעגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער צו דער טיר און געשטאַנען אומבאַוועגלעך.

דער רעש איז געשטיגן און געוואָרן דראַענדיקער און פעסטער. צו די פריערדיקע קולות און דעם קלאַפּן האָבן זיך צוגעמישט אַנדע־רע שטימען און אַ קלאַפּן פון טירן. זי האט געהערט ווי שכנים עפענען די טירן ביי זיך און שילטן די דייטשן און די מיליץ, וואָס זיינען געקומען שטערן די רו אַזוי שפּעט ביינאַכט. זי האט געהערט די שטימע פון די קאַסטעלס.

„וואָס קלאַפּט איר? ניטאָ קיינער“, האָט מאַדאַם קאַסטעל געשריגן.

„וואָס ווילט איר פון איר? זי איז אַ שטילע און איידעלע נשמה, איז זי“ האָט מסיע קאַסטעל געזאָגט.

„זי איז אַ יידישקע, איז זי!“, האָט אַ דייטש געדונערט.

„זי איז אַ ס א ל ז ש ו א י ו, איז זי! האָט אַ מיליציאָנער צוגעגעבן.

„ס'איז אַ ליגענט“, האָט איינע זיך געשפּאַרט, אַ שכנה, וואָס זי האט גיט געקענט ביים נאמען.

„עס איז אמת, איר מאן איז אויך געווען אַ ייד, ער איז אוועק נאך דראנסי“, האט אַ מיליציאנער זיך געשפּארט.

„ס'איז אַ ליגענט, זי איז אַזאַ אָרענטלעכע, זי טוט אַלעמען אַזויפיל גוטס, זי איז אַזאַ גוטע“, האָט עמעץ זי פּאַרטיידיקט.

„זי איז אַ ס א ל ז ש ו א י ו!“, האט אַ מיליציאנער געשריגן.

„דו ביסט אַליין אַ סאל זשואיף!“, האט אן אַנדערע צוריקגעשריגן.

„דו ביסט נאך ערגער, ווי טויזענט סאל זשואיפס!“, האט זי געהערט דאָס געשריי פון אַן אַנדערער שכנה.

דערנאָך האט זי געהערט ווי מ'זעצט פעסט אין דער טיר און מ'דרייט אינעם שלאָס פון דרויסן, און אַ פריש געדודער, און געשריי פון צענדליקער פרויען און אַ געקריגעריי, און דאַן עטלעכע שאס, און טריט, גיכע טריט פון די טרעפּ, אַ געלויף און ווידער עטלעכע שאס אין גאס; און דאן איז שטיל געוואָרן, שטיל ווי אין חלום, ווי בשעת אַ רואיקן און צופרידענעם שלאָף.

ווען זי האט זיך אויפגעכאפּט, האט זי געזען, אַז זי ליגט אין קארידאר, אויפן דיל נעבן טיר, און געהערט אַ שטיל קלאַפּן און אַ שטיל שעפּטשען אויף יענער זייט. זי האט דערקענט דעם קול פון מאדאם קאַסטעל. זי האט געעפנט. מאדאם קאַסטעל האט איר דערציילט, אַז געסטאַפּא און מיליץ זיינען געקומען ביינאַכט און געוואָלט זי נעמען, אסתרן. האט זי אַלאַרמירט אַלע שכנים און מ'האט גיט געלאזן, געקריגט זיך מיט זיי און אַרומגעריסן. און ווען זיי האָבן גענומען אויפרייסן די טיר מיט אייזנס, איז מסיע

קאַסטעל אַרויס אין גאס און אויסגעשאָסן עטלעכע מאָל. די דײַטשן האָבן זיך דערשראָקן. זיי האָבן געמיינט, אַז עס קומען „פּאַטריאָטן“, „מאַקיזאַרן“, זיינען זיי אַרויס און גענומען לויפן נאָך די שאָסן, זוכן אין דער נאַכט די שיסער, די פאַרפלוכטע פראַנצויזישע שווײַנע... ארומגעזוכט אומעטום און ניט געפונען. און אינגאַנצן פאַרגעסן אין איר, אין אסתרן; מער ניט צוריקגעקומען צו איר מער.

מאַדאַם קאַסטעל איז צוגעגאַנגען צו אסתרן און איר אַ קוש געטון אין שטערן ווי אַ מוטער. אסתר האָט זיך צעוויינט און ניט געוווּסט ווי צו דאַנקען דער איידעלער פרוי קאַסטעל.

— וויין ניט, האָט מאַדאַם קאַסטעל זי באַרויִקט. האָב קיין מורא ניט. מיר וועלן ניט לאָזן דיר שלעכטס טון, דיך אַוועקנעמען פון אונדז. בשום אופן ניט! מיר וועלן שיסן אין זיי אַ צווייט מאָל, אויב מ׳וועט ברויכן, זיי רויִק. זיי וועלן דיך ניט נעמען!...

אסתר האָט זיך אָפּגעווישט די טרערן, אַרויסגעצויגן אַ זאָק פון אַ גרויסן באַרג מיט צוריסענע זאָקן און געזעצט זיך, ווי תמיד, צו דער אַרבעט. דער פרימאָרגן איז געווען אַ שיינער און ליכטיקער, און דאָס העקעלע איז געגאַנגען ווי פון זיך אַליין.

# די גרענעץ

ווען מרים איז אָנגעקומען מיטן קינד אינעם גרענעץ־שטעטל איז שוין געווען גוט פינצטער. זי האט אייגנטלעך ניט געוווּסט גענוי ווי זי געפינט זיך און וואָס וועט ווייטער געשען מיט איר. זי האָט נאר געוווּסט איין זאַך, אַז דא, אויף דער זייט פון דער דעמאַרקאַציע־ליניע, קען זי לענגער ניט בלייבן, אַז זי מוז וואָס גיכער אַוועק פון דאָ, און אַריבערקריגן זיך אויף דער אַנדערער זייט. זי האט זיך אָפּגעגעבן גענוי אַ חשבון, אַז אין דעם דאזיקן גרענעץ־שטעטל איז די סכנה נאך גרעסער ווי אין אַלע אַנדערע מקומות, אפילו געפערלעכער ווי אין פּאַריז גופא, אָדער אין דער פּאריזער פּראווינץ, ווו עס גייען נאך תמיד אָן זוכענישן און כאַ־פּערייען אויף יידן. זי האט זיך באַלד אַליין איבערצייגט דערין, ווייל זי האָט זייער אפט אָנגעטראָפן אויף פארבייגייענדיקע דייטשע סאלדאטן און גרענעץ־באאמטע, וועלכע זי האט גענוי דערקענט ביים ליכט פון די צוגעשאטענטע גאס־לאמפּן. עס האט זיך איר געדאכט, אַז זיי אַלע קוקן אויף איר און אויף איר קינד און קוקן איר נאָך, שפּיאָנירן אירע טריט. במשך פון די צוויי יאָר קריג האָט זי ביי זיך אין דארף ניט געזען אַזויפיל דייטשן, ווי במשך פון עטלעכע מינוטן אינעם גרענעץ־שטעטל.

זי איז געווען זייער מיד און פאַרמאַטערט פון דער לאַנגער נסיעה און פון די איבערלעבונגען זייט זי האָט פארלאזן איר היים. זי האָט זיך ניט געריכט, אַז עס וועט איר אָנקומען אַזוי שווער דאָס אַריבערקריגן זיך אינעם דרום־טייל פון לאַנד, באַזונדערס וואָס

זי האָט געקענט זיך דערלויבן צו באַצאָלן אַ טייערן „פּאַססער", וועלכער האט זיך אונטערגענומען זי איבערצופירן מיטן קינד איבער דער דעמאַרקאַציע־ליניע, צו אַן אָרט ווו זי וועט קענען זיין אויסער יעדן געפאר. זי האט ניט געהאט קיין צוטרוי צו אים באַלד אין אנפאנג; ער האָט איר ניט געפעלן. זיין אויסזען און אויפפירן זיך האָבן געוועקט געוויסע ספקות באַלד אין אָנהויב, אָבער זי האט ניט געהאט קיין צייט איבערצוקלויבן.

מסיע רעימאָנד, דער באַלעבאָס פון איר מלחמה־וווינונג אינעם דארף, דערזעלבער וואָס האָט איר דער ערשטער געבראכט די שוידערלעכע ידיעה, אַז מ'האָט אַרויסגעשלעפּט אַלע יידן פון די בעטן ביינאַכט, פרויען און קינדער, און פאַרשיקט פון פּאַריז — האט עס איר צוגעשאנצט דעם דאָזיקן פאַרשוין, וואָס האָט זי גע־זאָלט באַגלייטן ביז אויף יענער זייט גרענעץ. זי האָט באַמערקט, אַז דאָס איז אַ פינצטערער פאַרשוין, אָבער זי האָט געהאַט צוטרוי צו מסיע רעימאָנד, דעם אַלטן און ליבן מסיע רעימאָנד.

זי האָט געמאַכט צו געלט אַלעס וואָס זי האָט געקענט, באַ־צאָלט צען טויזנט פראנק פאר דער טרחה, גענומען אַ וואַליזע מיט די נויטיקסטע זאכן און געלאזן זיך מיטן קינד אין וועג אַריין. מסיע רעימאָנד איז געווען איבערצייגט, אַז נאָך פּאַריז וועט זיכער קומען די ריי אויף דער פּאַריזער פּראָווינץ — איז ניט געווען וואָס צו זוימען. ווען זי איז אליין, וואָלט זי זיך ניט אַזוי געאיילט. זי וואָלט זיך ניט אַזוי איבערגענומען, נאָר געוואַרט געדולדיק אויף דעם געבאָט פון גורל. אָבער זי איז ניט געווען אַליין. זי האט גע־מוזט טראכטן וועגן קינד, איר איינציק קינד, וואָס איז נאכניט אין די יאָרן צו קענען טראכטן און קענען זיך באַוועגן אַליין.

אין אָנפאַנג איז דער פאַרשוין געווען גענוג העפלעך צו איר, געהאלפן איר טראגן די וואַליזע און אונטערגעהאלפן ביים אריינ־גיין אין וואגאן און ביים איבערזעצן זיך אין אַן אנדערן צוג. אָבער וואָס נענטער זיי זיינען געקומען צום ציל אַלץ חוצפּהדיקער און אנגרייפערישער איז ער געוואָרן.

אָנגעהויבן האט עס זיך פון זיינע טענות, אַז אים געשעט אַן עוולה, אַז ער האט זיך ניט געהייסן גענוג באַצאָלן, און ער האט

פאַרלאַנגט פרישע פינף טויזנט פראַנק. זי האָט געפּרוּווט זיך דינגען מיט אים און לסוף געמוזט אים געבן די פאַרלאַנגטע הוספה. דערנאָך האט ער געוואָרפן אַן אויג אויף די גאָלדענע בראַנזאַלעטע, וואָס זי האט געטראָגן אויף איר האַנט, ער האט געזאָגט, אַז ער וואָלט עס וועלן פאַר זיין ווייב, זי וועט די־טעג האָבן איר געבורטסטאָג און ער וואָלט איר וועלן מאַכן אַ סיורפּריז־מתנה. דאָס האַרץ האָט איר ווי געטון זיך צו שיידן דערמיט, אָבער זי האָט אים דאָך אַוועקגעגעבן די בראַנזאַלעטע. שפּעטער איז אים שטאַרק געפעלן געוואָרן איר גאָלדן זייגערל. דאָסמאָל האט זי באַשלאָסן ניט נאָכצוגעבן. דאָס זייגערל איז בײַ איר געווען זייער טייער, טייערער ווי דאָס לעבן. ער האָט שטאַרק אַנגעהאַלטן. ער האָט געדראָט, אַז ער וועט זי לאָזן שטיין אינמיטן וועג, אויב זי גיט אים ניט אַוועק דאָס זייגערל. ווען זיי האָבן געוואַרט אויף דער סטאַציע אויף אַ ווייטערע פאַרבינדונג, האט ער געגאַסן פון דער אַנוועזנהייט פון עטלעכע דייטשע זעלנער, וואָס האָבן זיך געדרייט אַרום וואָקזאַל, און אָנגעכאַפּט זי בײַם אָרעם, אַראָפּרייסענדיק דעם זייגער.

זי האָט גענומען וויינען און וועררן זיך.

— ווייַן ניט, האט ער זיך געבייזערט. איך האָב פיינט וויינענדיקע ווייבער. מען וועט נאָך מיינען, אַז איך וויל דיך פאַרגוואַלדיקן.

— דאָס איז אַן אָנדענקן נאָכן מאַן, ער איז דעפּאָרטירט, אַ הייליקער אָנדענק, האט זי געוויינט.

— איז דיר דער זייגער וויכטיקער ווי דיין לעבן, הא? האט ער געקריצט מיט די ציין. און, איז ווידער דיין לעבן אַזוי ווייניק ווערט, טאָ נאָכוואָס ווילסטו עס ראַטעווען, נאָכוואָס איינשטעלן דאָס לעבן, כדי צו ראַטעווען אַ לעבן, וואָס האָט קיין ווערט ניט, קיין ווערט פון אַ נאַרישן זייגערל ניט?...

זי האָט געווישט זיך די אויגן און געוויזן אויפן קינד, אויפן עופהלע, וואָס האט געדרימלט אויף איר אָרעם צוגעדרוקט פעסט צו איר ברוסט.

— זיי צופרידן, אַז איך לאָז דיר איבער די וואַליזע, האט ער ווייטער גערעדט. ווען איך וויל נעם איך דיר דאָס אויך צו... איר זייט

איצט ביידע אין מיינע הענט, און עס איז געגוג איין ווינק צו אַ דייטש, און מ'נעמט אייך באַלד צו...

זי האָט זיך באַמיט צו באַהערשן, אָבער עס איז איר אָנגעקו־מען זייער שווער. אַ גרויסער שטראָם מיט טרערן האָט זיך אָנגע־זאַמלט אין אירע אויגן און פאַרלאַנגט געוויינט צו ווערן.

— ווען איך וויל, קען איך דיך אַפילו פאַרפירן, און פאַר־גוואַלדיקן אויך, אַז איך וויל, האט ער געזאָגט ערנסט און פול מיט גאַל, קוקענדיק אויף איר מיט זיינע גרויסע און רוצחישע אויגן.

זי האָט זיך אָנגעהאַלטן אין דער וואַנט כדי ניט אומצופאַלן און געפילט האט זי, אַז די ערד גייט זיך פונאַנדער, און עס עפענט זיך אַ גרויסער און טיפער אָפּגרונט פון וועלכן עס איז ניט פאַראַן שוין קיין צוריקוועג. זי איז געשטאַנען אָנגעלענט, מיט פאַרמאַכטע אויגן און באַרויערט וואָס זי האָט בכלל פאַרלאָזן דאס דאָרף, בעסער באַדאַרפט דארט וואַרטן אויפן טויט. דער צוג, וואָס איז אָנגעקומען מיט רעש און געפייף האָט זי אַרויסגעריסן פון די טרויעריקע מחשבות, און ווען זי האָט געעפנט די אויגן — האט זי געזען, אַז זי האט ניט מער דאָס זייגערל אויף דער האַנט. און אַז דער פאַרשוין איז ניטא מער נעבן איר. אַז ער איז פאַרשווונדן אינאיינעם מיט דער וואַליזע. זי האָט געזוכט אים צווישן דעם עולם, וואָס האָט געשטופּט זיך אין די וואַגאָנען, צווישן וואַנדערנ־דיקע שאָטנס אויפן וואָקזאַל, געזוכט אים צווישן די אַרויס־שטייענדיקע קעפּ אין די פענסטער, און ווען דער צוג האָט גענומען רירן — האט זי זיך גיך מיישב געווען און אַרויפגעשפּרונגען אין דער לעצטער רגע אויף די טרעפּ פון אַ דריטן־קלאַס אָפּטיילונג, ניט וויסנדיק אַליין וואָס זי טוט.

מרים איז געווען שטאַרק מיד. דער וועג אַהערצו פון דער לעצ־טער סטאַציע אין אַן איבערגעפולטן וואַגאָן און די סצענע מיטן אויסוואורף אויפן וואָקזאַל האָבן ביי איר אָפּגענומען אַלע כוחות. זי האָט ניט געוווסט וואָס צו טון, וווהין זיך צו ווענדן. זי האָט קיינעם ניט געקענט אין שטאָט. זי האָט באַדויערט, וואָס זי האָט זיך געאַמ־פּערט מיט דעם נבזהדיקן פאַרשוין; געבראָכט אים אַלעם אַוועקצוגע־בן, אַלעם וואָס ער וואָלט נאָר פאַרלאַנגט—וואָלט ער אפשר ניט אַוועק

פון איר, און אַריבערגעפירט זי אויף דער צווייטער זייט. אַזוי — איז זי איצט דאָ אין אומבאַהאָלפענע אין אַ פרעמדער שטאָט, איינע אַליין מיט אַ יאָריק מיידעלע אויף דער האַנט, איינע אַליין אין אַ פינצטערע נאַכט צווישן אַ המון פון דייטשן, וואָס היטן די גרענעץ און לויערן אויף פארדעכטיקע מענטשן.

דאָס קינד האָט זיך איבערגעוועקט און גענומען קרומען זיך און אריינוויינען אין דער מוטערס ברוסט. זי האָט פאַרשטאַנען וואָס דאָס באַדייט. אָבער לײדער האָט זי ניט געהאַט ביי זיך גארניט צו קענען שטילן דעם קינדס הונגער. דאס עסן האָט זיך געפונען אין דער וואַליזע, וואָס איז פארשווינדן אינאיינעם מיטן גבזהדיקן פאַרשוין. זי האָט צוגעדריקט דעם קינדס קעפעלע פעסט צו איר ברוסט און געקושט אַלע זיינע גלידער, געגלעט און באַרואיקט צוזאגענדיק צו געפונען עפעס צום עסן, כאטש זי האָט אַליין ניט געוווּסט וווּ און ווי אַזוי זי וועט עס באַקומען.

ווען דאס קינד האָט זיך באַרואיקט האָט זי גענומען זיך ארומקוקן וועגן אַ רעסטאָראַן, אַ האָטעל. זי האָט זיך פאַרקערעוועט אין די הינטער־געסלעך, מיינענדיק, אַז דאָרט וועט איר זיין לייכטער אויסצומיידן די אויפמערקזאַמקייט פון די פאַרביגייער, און עס וועט איר זיין לייכטער צו געפונען אַ צווייטראנגיק האטעלעכל, ווו זי וועט קענען באַקומען עפּעס פאַרן קינד און עווענטועל איבערנעכטיקן. זי האָט נאָך געהאַט אַביסל געלט ביי זיך, וואָלט זי געקענט באַצאָלן יעדן פאַרלאַנגטן פרייז. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן אַ קליין פאַרטונקעלט לעמפל, פון וועלכן עס האָבן אַראָפּגעלויכטן מיט רויטן כתב די פינף געזוכטע אותיות: ה אָ ט ע ל. זי האָט זיך דערפרייט. זי האָט צוגעדריקט פעסטער דאָס קינד צו זיך און באַשלאָסן אַריינצוגיין. אָבער גאר גיך האט זי אויפגעגעבן איר באַשלוס. אויף דער איינגאַנגס־טיר האָט זי באַמערקט אַ באַלויכטענע רויטע אויפשריפט, וואָס האָט אָנגעזאָגט, אַז דער האָטעל איז רעקווירירט דורך דער ווערמאַכט און דער צוטריט פאַר ציווילסטן איז פאַרבאָטן.

מיט אַ קלעמעניש. אין האַרצן איז זי גיך אַוועק פון דער טיר און געלאָזט זיך גיין אין אן אנדער געסל. עטלעכע שיכורע דייטשן האָבן זיך דורכגעשאַרט נעבן איר, געוואקלט זיך און געוואָרפן פון

איין זייט געסל צו דער צווייטער, און זי גאַרניט באַמערקט, אַזוי שיכור זיינען זיי געווען. איין דייטש האָט זיך אָנגעשטויסן אין איר ניט ווילענדיק, גענומען שעלטן און געוואָלט זיך וואַרפן אויף איר, אָבער ער איז אומגעפאַלן און געבליבן ליגן ווי אַ טויטער. צוויי דייטשן זיינען פאַרבייגעגאַנגען מיטשלעפנדיק מיט זיך אַ שיכורע פראַנ־צויזקע, און געווען צופיל פאַרנומען מיט איר, אַזוי אַז זיי האָבן ניט באַמערקט דעם שאָטן פון מרים מיט איר קינד נעבן דער מויער. זי האָט צוגעוואַרט, צוקוועטשענדיק זיך צו אַ ווינקל פון אַ פאַרמאַכטן טויער, און ווען עס איז געוואָרן רואיק אינעם געסל, האָט זי ווידער גענומען שאַרן זיך נעבן די הייזער און זוכן, אויסקוקן אַ שטיקל אכסניה, אַ פאַרבאָרגן האָטעלעכל.

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן אַ רויטער לאָמפּ, וואָס איז גע־האָנגען איבער אַ שמאָלן אריינגאַנג. קיין אויפשריפט איז ניט גע־ווען. זי האָט זיך אַ רגע געוואַקלט, און באַשלאָסן אריינצוגיין. ווען זי האָט געעפנט די טיר האָט עס אַ שלאַג געטון אויף איר מיט אַ הייסן, עיפּושדיקן ריח, אַ געמיש פון שאַרפע משקה און ביליקע פּער־פיומען, און אַ בייסנדיקער רויך פון שאַרפע ציגאַרן איז אַריין אין אירע אויגן און נאָזלעכער. זי האָט קיינעם ניט געזען, נאָר זי האָט דערהערט ווילדע קולות, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון אינעווייניק, משוגעדיקע קולות פון שיכורע, הייזעריקע דייטשן, און אַ חצופהדיק געלעכטער פון יונגע, אויסגעלאַסענע מיידן.

מרים האָט גיך צוגעהאַקט די טיר און געלאָזט זיך לויפן מיט אַלע כוחות, אריינגעלאָפן אין אַן אַנדער געסל, גיך אויסגעדרייט אין אַ קווער־געסל, כדי צו זיין וואָס ווייטער פון דער אויסגעלאַסענעם גע־זעמל; זי האָט געמיינט, אַז מען יאָגט זי, אַז אַ חברה שיכורע דייטשן און קוויטשענדיקע מיידן יאָגט זי נאָך, וויל זי כאַפּן, פאַר־לויפן דעם וועג.

פּלוצים איז זי שטיין געבליבן. ווייטער האָט זי ניט געקענט לויפן. זי האָט זיך געפונען נעבן אַ טייך. זי האָט ניט געוווּסט וואָס צו טון, וווהין צו לויפן איצט. צוריקלויפן האָט זי מורא געהאַט. זי האָט געשראָקן זיך אָנצוטרעפן אויף די אויסגעלאַסענע חברה, וואָס יאָגט זי זיכער נאָך. איז זי שטיין געבליבן נעבן וואַסער. סיווי האָט

זי געפילט, אַז זי קען שוין מער ניט שלעפן די פיס, אַז אַלע כוחות פאַרלאָזן איר. איז זי געבליבן שטיין.

עס איז געווען אַ פינצטערע נאַכט, אָן לבנה, אָן שטערן, און די אויגן האָבן צו גארניט געדינט. נאָר דער רעש פון אַ הילכיקן, לויפנדיקן שטראָם, וואָס קאַטשעט זיך באַרג אַראָפּ און פאַרטשעפּעט זיך אין די ברעגעס, האָט אָנגעזאָגט אַז דאָ געפינט זיך אַ טייך, אַ רייסנדיקער טייך, אַ באַרג־אַראָפּיקער. מרים האָט זיך צוריקגערוקט, ווייל עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז אָט־אָט פאַלט זי אַרין וואַסער אַריין, אַז דער ברעג נעמט זיך רייסן אונטער אירע פיס, און זי שווימט, שווימט באַרג־אַראָפּ, באַרג אַראָפּ, אַז עס נעמט שווינדלען אין קאָפּ און דרייען זיך, דרייען זיך. זי האָט זיך אַ וואַקל געטון און אומגעפאַלן. זי האָט מיט איין האַנט צוגעדריקט פעסט צו זיך דאָס קינד און מיט דער צווייטער גענומען באַוועגן און וואַרפן אַהין און אַהער, ווי זי וואָלט וועלן שאַרן די כוואַליעס און שווימען, שווימען אינעם אייז־קאַלטן, באַרג־אַראָפּיקן טייך. זי איז געווען צופרידן. עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז דאָס וואַסער וועט זי אַהינטראָגן ערגעץ ווייט און דערפירן צו אַן אָרט, וווּ עס וועט ניט זיין אַזוי טיף און רייסנדיק, וועט זי זיך באַמיען צוצושווימען צום צווייטן ברעג, וווּ עס וואַרט די פרייהייט, וווּ עס זיינען ניט פאַראַן קיין דייטשן און קיין אויסוואורפן, ווי דער באַנדיט, וואָס האָט די וואַליזע צוגעגנבעט, און וווּ זי וועט קאָנען געפינען אַביסל מילך פאַרן קינד און אַ בעט אויסצורוען זיך . . . אָבער גיך האָט דאָס געוויין פון קינד אַרויסגעריסן זי פון די אַנגענעמע מחשבות. זי האָט אַרומגעכאַפּט דאָס קינד מיט דער צווייטער האַנט און צוגעדריקט פעסט צו זיך. דערנאָך האָט זי צוגעדריקט פעסט זיין מויל; זי האָט מורא געהאַט עס זאָל עמעץ ניט דערהערן דאָס געוויין און ניט גיין נאָכן קול. זי האָט דערפילט, אַז זי איז ניט אין וואַסער, נאָר אויף דער האַרטער ערד, נאָר אויף דער קאַלטער ערד נעבן ברעג.

זי האָט באַדויערט, אַז דאָס איז ערד און ניט וואַסער, אַז זי שווימט ניט, נאָר זיצט האַלבליגנדיק אויפן האַרטן ברעג, אויף דער זייט טייך. דאָס קינד האָט זיך ניט געוואָלט שטילן און געוויינט וואָסאַמאָל העכער און שטאַרקער מיט אַ געוויין, וואָס האָט באַדייט

מער ווי הונגער, מער ווי קעלט, מער ווי ווייטיק. זי האָט צוגעדריקט זיין קעפּל פעסטער צו זיך, פעסטער צו איר ברוסט, כדי צוצוטייבן דאָס געוויין וואָס האָט אַריבערגעשטיגן דעם רעש פון לויפנדיקן שטראָם. אָבער פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ נייער רעש. אַ נייַ גערודער, וואָס האָט אַלעם פאַרשלינגען. אַ שטייגענדיקער רעש און געקלאַפּ פון רעדער איז אָנגעקומען פון דער זייט פון שטעטל. באַגלייט מיט אַ ווילדן ווינט און געפייף, און פאַרהילכט אַלעם. אַ צוג מיט קאַרגע לעמפּלעך האָט זיך אַרויסגעטויכט פון דער פינצטערקייט און געגאַנגען זיך אריינוואַרפן אין טייך, גראַד אין וואַסער אַריין. מרים האָט צוגעמאַכט די אויגן, ניט וועלנדיק זען ווי די וואַגאָנען שיטן זיך איינער נאָכן אַנדערן אין וואַסער אַריין. אָבער ווען זי האָט געעפנט די אויגן האָט זי געזען, אַז די וואַגאָנען האַלטן זיך אין דער לופטן, שוועבן איבערן וואַסער, און אינעם שיין פון די פאַרטונקעלטע באַן־לעמפּלעך האָט זי באַמערקט אַ בריק, אַ הענג־בריק, וואָס ציט זיך ביז אויף יענעם ברעג אַריבער.

זי האָט זיך אויפגעריסן און גענומען לויפן אין דער ריכטונג פון בריק: זי האָט געוואָלט נאָכלויפן דעם צוג און אַזוי אַריבערקריגן זיך אויף די צווייטע זייט. אָבער נאָענט פון בריק האָט זי זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט. זי האָט דערהערט קולות, און דערזען עטלעכע קליינע ליכטלעך, וואָס האָבן אָפּגענומען ביי איר דעם חשק צו לויפן ווייטער. די קולות האָבן געהערט צו דייטשן און די ליכטלעך צו ציגאַרעטן אין די מיילער פון די דייטשן. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס זיינען וועכטער, וואָס היטן די בריק. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס מוז זיין די אייגנטלעכע גרענעץ, וואָס פירט אינעם אומבאַזעצטן געביט. זי האָט זיך אראָפּגעבויגן, מ'זאָל זי ניט באַמערקן, ניט דערזען פון דער ווייטנס איר שאָטן, און גענומען זיך רוקן הינטערווילעכץ און אין אַ זייט. זי האָט זיך אָנגעשטויסן אין עטלעכע קוסטעס און הויך גראָז, האָט זי זיך אנידערגעלעגט, איינגעקורטשעט זיך און געבליבן ליגן אָן אָטעם, אָן נשמה. ווען זי איז געקומען אַביסל צו זיך און גענומען קוקן צווישן די אָרעם־באַבלעטערטע קוסטע־צווייגן, האָט זי געזען עטלעכע ציגאַרעטן־פייערלעך, וואָס באַוועגן זיך לאַנג־אויס די בריק, אַהין און צוריק, און דערזען ווי אַזאַ כישוף־פייערל, קייקעלט

זיך, ווי אַ שטערן־שטיקל פון הימל אַראָפּ, אין טייך אַריין, פון בּריק אין טייך. דערנאָך האָט זי געזען נאָך אַ פייער־שטערנדל וואָס שפּרינגט אין טייך אַריין, דערנאָך נאָך איינס, נאָך עטלעכע, ווי אויף אַ קאָמאַנדע.

און דערנאָך איז געווען פינצטער און מ'האָט גאָרניט מער געזען, אפילו די בּריק ניט. מרים איז געזעסן האַלבּ־ליגענדיק, צודריקענדיק צו זיך דאָס קינד, און בּאַדויערט, וואָס די פייערלעך זיינען אויסגעגאַנגען, וואָס זיי קייקלען זיך ניט מער אין וואַסער אַריין. זי האָט געטראַכט צו ווייזן דעם קינד די פלעמלעך, וואָס שפּרינגען פון בּריק אין וואַסער; דאָס קינד וואָלט זיך זיכער דערפרייט דערמיט און עס וואָלט געווען אַ גוטע געלעגנהייט צי דערציילן דעם קינד די וווּנדער־מעשיות וועגן די מעטעאָרן און די פאַלנדיקע שטערן; זי וואָלט אים געקענט דערציילן, אַז ווען עס פאַלן שטערן פון הימל מוז מען דעמאָלט זיך עפּעס ווינטשן, אַרויסזאָגן עפּעס אַ בּאַגער, און דער בּאַגער ווערט מקוים, דערפילט זיך; עס איז גענוג אַרויסצוברענגען דעם ווּנטש פאַרן מויל בּשעתן פאַלן פון שטערן, און עס ווערט בּאַלד אן אמת... אָבער דאָס קינד איז געשלאָפן, האָט זי ניט געוואָלט אויפוועקן. עס איז אמת — האָט זי געטראַכט — אַז דאָס קינד וואָלט נאָכניט פאַרשטאַנען, וואָס זי זאָגט צו אים, אָבער אַ קינד האָט דאָך אויך אַ שכל, און עפּעס וואָלט עס דאָך תופס געווען מיט זיין קינדערישן פאַרשטאַנד... און אפשר האָבן קינדער אויך ווּנשן, ווּנדערלעכע בּאַגערן, כאָטש זיי קענען זיי ניט אַרויסברענגען פאַרן מויל? און זיכער ווערן קינדערישע בּאַגערן גיכער מקוים ווי דערוואַקסענע!...

זי האָט גענומען גלעטן דאָס קינד און אריינריידן שטילערהייט אין זיין אויער אַריין, אָבער פּלוצים איז זי אויפגעציטערט געוואָרן. זי האָט דערהערט נעבן זיך טריט און אַ קול, וואָס האָט צו איר גערעדט, און דערפילט אַ האַנט, וואָס שלעפּט זי בּיים אָרעם: קומט, האָט זי געהערט אַ סודותדיקע שטימע, קומט, אָבער גיך!

זי האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס עס קומט דאָ פאָר מיט איר. זי האָט זיך געריבּן די אויגן און אויערן, כדי צו איבּערצייגן צי זי חלומט ניט, צי איז זי וואַך. עס איז געווען אמת. אַ ריזיקער פאַר=

שוין איז געווען אַריבערגעבויגן איבער איר, געהאַלטן זי פעסט ביים אָרעם און קאָמאַנדעוועט: קומט, אָבער גיך! איך וועל אייך דורכפירן אויף יענער זייט...

— אָבער ווער זייט איר? האָט זי געפרעגט אַ ציטערדיקע.

— פרעגט קיין שאלות ניט, האָט ער געענטפערט און געשלעפט זי פאָרויס. קומט, גיכער!

— אָבער ווער זייט איר? איך האָב מער קיין צוטרוי ניט צו מענטשן, האָט זי זיך קעגנגעשטעלט.

— איך פאַרשטיי עס, האָט ער זי באַרואיקט און ניט אָפּגעלאָזן דעם אָרעם. איך בין אַ פּאַטריאָט. געהערט דאָס געוויין פון אייער קינד, בין איך געגאַנגען נאָכן קול... איך אַרבעט דאָ מיט די דייטשן אויף דער גרענעץ, איך בין זייער איבערזעצער און ראַטגעבער, אַרבעט תמיד נאַכט־שיכט, אַ גאַנצע נאַכט אַדורך... אָבער זיי טוישן זיך, אַט טוישט זיך איצט די וואַך. זיי האָבן דעם לעצטן ציגאַרעט שוין אָפּגערויכערט, אוועקגעשליידערט, און באַלד קומט די נייע וואַך... איצט איז די בעסטע צייט דורכצוגיין, יעצט איז קיין דייטש ניט אויף דער בריק, נוצט עס אויס, שנעלער, שנעלער... איר זייט ניט די ערשטע, וועלכע איך פיר אַדורך אַזוינאַך... איך בין דאָך נאָר דאָ צו דעם צוועק... איך בין גוטער ברודער מיט די דייטשן, אָבער טו מיין פּאַטריאָטישע פליכט איינציייטיק... שוין הונדערטער פאַרפאָלגטע מענטשן אַזוינאַך אַריבערגעשמוגלט אויף יענער זייט, הונדערטער יידן... קומט, איך בעט אייך, קומט! האָט צוטרוי צו מיר, גיכער, אַט באַלד קומט די נייע וואַך!

מרים האָט צוגעדריקט פעסט צו זיך דאָס קינד און געלאָזט זיך ציען ביים אָרעם דורך דעם אומבאַקאַנטן פּאַטריאָט. ווען זיי זיינען געקומען אויף דער בריק, האָט ער זי נאָכגעלאָזן און געהייסן דרייסט גיין פאָרויס, גיין מיט זיכערע טריט פאַר זיך, אָן פּחד. ער איז געבליבן שטיין צוגעשפּאַרט צו אַ שטאַנג פון בריק, אַז מ׳זאָל אים ניט אַרויסזען, און מ׳זאָל מיינען, אַז דאָס דרייט ער זיך דאָרט אַרום אויף דער בריק און ניט אַ פרעמדער.

מרים איז געגאַנגען מיט ציטערדיקע טריט איבער דער בריק און צוגעהאַלטן זיך בײַ די אײַזערנע שטאַנגען און לאַסטן, כדי ניט אומצופאַלן. און ווען זי האָט דערפֿילט באָדן אונטער די פֿיס, האַרטע ערד פֿון צווייטן ברעג — האָט זי גענומען לויפֿן, לויפֿן פּאָרויס, קוים צוריקהאַלטנדיק זיך מיט די פֿיס צו דער ערד.

# דער פארטיזאנער

## 1

ער האָט קיינמאָל ניט געחלומט, אַז ער וועט אַמאָל זיין אַ סאָלדאַט, אַ פּאַרטיזאַנער, און הרגענען מענטשן, שיסן מיט אַ ביקס, ווי אַלע סאָלדאַטן טון. ווען עס איז געקומען זיין צייט צו גיין אין די זעלנער, האָט זיין טאַטע, דער רב, איינגעלייגט וועלטן, געלאָזט זיך קאָסטן; די מאַמע האָט געריסן קברים, געבעטן אַז מ׳זאָל לויפן זיך מיען פאַר איר בן־יחיד — און אַ זכות איז טאַקע בייגעשטאַנען: די דאָקטוירים ביים פּריזיוו האָבן אויסגעפונען, אַז ער איז אַ חלוש, אַז ער וועגט צו ווייניק, און אים באַפרייט אויף דערווייל, ביז ער וועט קומען צו זיך.

ווען עס האָט זיך דערנענטערט דער צווייטער פּריזיוו, איז ער וואָכן־לאַנג ניט געשלאָפן, געגעסן קוים צו דערהאַלטן דאָס חיות, אַ טרוקן רעפטל ברויט און אַ מאָגערן הערינג און אַ טעפל וואַרעמס, אַז ער האָט זיך קוים געקענט דערשלעפּן אַהינצו. מען האָט אים ווידער באַפרייט אויף אַ יאָר. דערנאָך האָט ער זיך געמוטשעט נאָך אַ יאָר. ער האָט ווידער געפאַסט און געפייניקט זיך, און ס׳האָט אים געדראָט פּטור צו ווערן אויף תמיד דאָס געזונט. גוטע פריינד האָבן געראַטן, ער זאָל זיך בעסער מאַכן אַ פעלער — אָבער ער האָט ניט געוואָלט הערן דערוועגן. אַ פעלער וואָלט אים געשטערט אין זיין אַרבעט. ער האָט זיך געלערנט ביי זיין טאַטן צו ווערן אַ מוהל, האָט ער געמוזט האָבן אַלע זיינע חושים און אברים ווי עס קומט, ווען ניט וואָלט ער ניט געווען קיין גוטער מוהל. האָט ער

בעסער געוואָלט זיך צופייניקן. און ביים דריטן פּריזיוו האָט מען אים טאַקע באַפרייט אויף גוט. די שמחה איז געווען אין לשער. אויסגעמיטן אַזאַ גרויסן נסיון...

דערנאָך האָט ער זיך טאַקע גענומען צום עסן, געקומען צוריק צו די כוחות און גענומען פאַרטרעטן דעם טאַטן ביי די בריתן. עס האָט זיך געפונען אַ מחותן, וואָס האָט אים אַריינגענומען צו זיך אויף קעסט, און קינדער זיינען געבוירן געוואָרן, און וואָס גרעסער די משפחה איז געוואָרן, אַלץ שווערער איז געוואָרן מיט פּרנסה, מיט תכלית.

האָט זיך אָפּגעפונען אַ נאָנטער קרוב אין פּאַריז, און הערנדיק ווי ער מוטשעט זיך דאָרטן אין שטעטל—געשריבן אים אַ בריוו, און געהייסן אים תיכף אַראָפּקומען. ער האָט געשריבן, אַז אַ מוהל שאַרט דאָ געלט מיט עמערס און אַ שאָד יעדן טאַג, וואָס ער מוטשעט זיך דאָרט. האָט ער זיך געלאָזט צורייד|ן. געקומען צופריער אַליין, און דערנאָך אַראָפּגעבראַכט ווייב און קינדער. און גאָר אינגיכן דערוואָרבן אַ גרויסן שם ווי אַ מוהל. מ'האָט אים גערופן ניט נאָר אין פּאַריז, נאָר איבער דער גאַנצער מדינה. אַז ער האָט מל געווען אַ קינד, זיינען קיינמאָל ניט דערשינען קיין נאָכוויען, עס האָט כמעט ניט געבלוטיקט, דאָס הייטעלע האָט זיך גיך פאַרוואָקסן, און אין עטלעכע טעג האָט מען שוין ניט דערקענט אויפן אבֿרל, אַז אַ מעסער איז דאָרט אַדורך. ער האָט געהאַט גאָלדענע הענט. מ'האָט אים אַנדערש ניט גערופן ווי רבי, דער רבי ר' בעריש, און געקוקט אויף אים ווי אויף אַ געטלעכן מענטש. זיין פּרסום איז זיך צעגאַנגען אומעטום, אין די פאַרוואָרפנסטע מקומות אפילו. אַז מאַמעס זיינען פאַרגאַנגען אין טראָגן, איז זייער איינציקער באַגער געווען, אַז טאַמער גאָט וועט געבן, און ס'וועט געבוירן ווערן אַ יונגעלע — זאָל אים יידישן ניט קיין אַנדערער ווי דער רבי, ר' בעריש.

האָט ער געפירט אַ שווער, אָבער שיין לעבן; געהאַט פּרסום און כבוד, און געבענטשט די רגע ווען ער איז געקומען אַהערצו.

אָבער ניט געווען באַשערט אָנצוגיין לאַנגע יאָרן מיט זיין אַרבעט. געקומען פּלוצים אַ פינצטערע צייט. יידן האָבן געמוזט אויסבאַהאַלטן זיך. געקומען דער שונא, דער צורר היהודים, און ס'האָבן

זיך אָנגעהויבן גזירות, איין גזירה האַרבער פֿאַר דער צווייטער. און ניט נאָר גזירות, נאָר רדיפֿות, הריגות און שחיטות.

ר׳ בעריש האָט געזען, אַז עס איז פּיקוח נפש און אַז קיין אַר־בעט איז סייווי ניטאָ, האָט ער זיך געלאָזן צוריידן דורכן קרוב און באַשלאָסן לסוף לאָזן זיך אינעם דרום־טייל פֿון לאַנד. עס זיינען דערגאַנגען שמועות, אַז דאָרט איז נאָך פֿאַראַן אַ יידיש לעבן, און די סכנה איז ניט אַזאַ גרויסע דאָרטן. אַ העלפֿט פֿון זיין אָפּגע־שפּאָרטן געלט האָט ער אַוועקגעגעבן אַן איבערפֿירער, וואָס האָט אים מיט זיינע בני־בית באַדאַרפֿט אַריבערשמוגלען דורך די דע־מאַרקאַציע־ליניע.

ביז דעם גרענעץ־שטעטל זיינען זיי אָנגעקומען בשלום. געהאַלטן זיך באַזאַמט. דאָ האָבן זיי געמוזט זיך צעגיין. דער יונגער פּראַנצויז, וואָס האָט זיי געפֿירט, האָט געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז צוליב זיכער־הייטס־טעמים איז בעסער צו גיין באַזונדער און ניט צוציען אַזוינאָך די אויפֿמערקזאַמקייט. זיי האָבן אָפּגערעדט צו באַגעגענען זיך אויף יענער זייט ביים ערשטן הויז.

איז צוערשט געגאַנגען די מוטער מיטן מוזיניקל אויפֿן אָרעם. דערנאָך די דריי זין, יעדער באַזונדער, און לסוף — נאָך האַלבע נאַכט, איז געקומען זיין ריי, ר׳ בעריש.

עס איז געווען אַ פֿינצטערע נאַכט, אָן שטיקל לבנה. ער האָט געזען שאָטנס פֿון הייזער, לאַנגע רייען פֿון הייזער און דעם שאָטן פֿון דעם אַריבערפֿירער, וואָס גייט פֿאָרויס, האַלט זיך צוויי־דריי טריט פֿון אים. עס איז געווען שטיל. פֿון דערווייטנס האָט זיך גע־הערט אַ זלידנע רוישן פֿון אַ וואַסער און טריט, געמאָסטענע טריט, ווי זיי וואָלטן געהערט צו סאָלדאַטן, אָדער וועכטער.

פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ רעש, אַ געטומל. מ׳האָט געשאָסן נאָנט פֿון אים. אַ שיסעריי האָט זיך געטראָגן אין דער לופֿטן במשך פֿון עטלעכע מינוטן. ער האָט ניט געוווּסט צי מ׳האָט אים געטראָפֿן צי ניט. ער איז אַנידערגעפֿאַלן. געבליבן ליגן. ניט געוווּסט וואָס געשעט. ווען עס איז ווידער שטיל געוואָרן, האָט ער זיך אויפֿגע־ריסן און גענומען לויפֿן, ניט וויסנדיק אַליין וווהין. דער אַריבערפֿי־רער איז ערגעץ נעלם געוואָרן; עס האָט זיך אים געדוכט, אַז ער

איז געלאָפן פאָרויס, האָט ער זיך גענומען לויפן פאָרויס. ער איז געלאָפן מיט אַלע כוחות, אַריבער אַ בריק, באַגעגנט די ערשטע שאָטנס פון אַ דאָרף, פון דאָרפישע הייזקעס. ער האָט זיך אָפגעשטעלט. דערנאָך גענומען שפאַנען אויף צוריק, צו דעם ערשטן הייזל־צו.

ער האָט זיך געדרייט אַרום דעם הייזל און געזוכט אין דער פינצטער אַ שאָטן פון אַ מענטש, פון אַ היימישן מענטש. די פינצטערניש האָט געשטערט אין זען. האָט ער גענומען רופן: — פייגע, יאַנקל, בונים, איטשע, ריווטשע!

און ווען ער האָט ניט געהאַט קיין תשובה, האָט ער גענומען שרייען: — פייגע, יאַנקל, בונים, איטשע, ריווטשע, ריווטשעלע!

אַ בייזער קול האָט אים געענטפערט, נאָכגעשפעט דעם נאָמען פון זיין ווייב, פון זיינע דריי זין, און פון דעם מוזיניקל.

דערנאָך האָט ער גענומען שפאַנען אַהין און צוריק לאַנג־אויס די הייזקעס פון דאָרף, פון ערשטן ביזן לעצטן, געזוכט מיט די אויגן, און גערופן די זייניקע ביי די נעמען, געלאָפן און געשריגן זייערע נעמען, ביז ער איז ערגעץ אַנידערגעפאַלן אַ מידער, און הייזעריקער, און געבליבן ליגן ווי אַ טויטער.

2

ער האָט זיך געווונטשן דעם טויט. זיין לעבן האָט קיין זין ניט געהאַט. יעדן מענטש, וואָס דער פרימאָרגן האָט אַרויסגעטריבן פון שטוב, האָט ער אָפגעשטעלט און געפרעגט, צי מ׳האָט ניט געזען אַ פרוי מיט אַ קינד, און דריי בחורים. קיינער האָט גאָרניט געוווּסט. האָט ער זיך געלאָזט גיין ווייטער. אפשר וואַרטן זיי אויף אים אין אַן אַנדערן דאָרף? איז ער געגאַנגען פון דאָרף צו דאָרף, פון הויז צו הויז, און געזוכט, געפרעגט, און געשראָקן זיך פאַר דער תשובה. ער האָט געפילט, אַז די ערד עפנט זיך און שלינגט אים איין.

אין דער נאָענטסטער שטאָט האָט ער אויפגעזוכט יידן. אויסגעוויינט זיין האַרץ. מ׳האָט אים געראַטן צו פאַרבינדן זיך מיט די „מאַקי“, מיט די פאַרטיזאַנער, און אויב זיי ווייסן גאָרניט — ווייס קיינער ניט. אַ יידישער פאַרטיזאַנער האָט אים אָפגעפירט אין וואַלד, אין אַ נאָרע, צופוסענס פון אַ באַרג, און אים אריינגעפירט

צום קאָמענדאַנט. מ׳האָט אים אויסגעהערט. דער קאָמענדאַנט האָט אים געגעבן אָנצוהערן, אַז טאַקע אין דער דאָזיקער נאַכט האָבן זיינע פּאַרטיזאַנער געמאַכט אַן אָנפאַל אויף דער גרענעץ־וואַך, אויסגעהרגעט אַלע דייטשן און זייערע פּראַנצויזישע העלפער. אָבער זיי האָבן גאָרניט געהערט וועגן דער פרוי מיטן קינד און די דריי בחורים. דער קאָמענדאַנט האָט עס געטייטשט אויף אַזאַ אופן: מסתמא איז דער פראַנצויז, וואָס האָט זיי געפירט, אַ פאַרקויפטער צו די דייטשן; פאַראַן אַ סך אַזעלכע — זיי נעמען געלט פון די יידן, אָדער פּאַטריאָטן, כדי אַריבערצופירן, אָבער זיי ברענגען זיי צו דער גרענעץ און דאָ גיבן זיי איבער אין די הענט פון די דייטשן; און באַקומען געלט פאַר יעדן קאָפּ; אַזוינאָך פאַרדינען זיי דאָפּלט. געהערט שוין וועגן אַ סך אַזעלכע פאַלן. און מסתמא האָט ער געפירט זיינע בני־בית צו די דייטשן, און אים אַליין זיכער אויך געזאָלט איבערגעבן אין זייערע הענט, נאָר דער איבערפאַל פון די פּאַרטיזאַנער און דער טומל האָבן אים געשטערט. דער קאָמענדאַנט האָט צוגעזאָגט זיך צו פאַרנעמען מיט דעם ענין און גענומען גענויע פּרטים וועגן דעם אויסזען פון דעם אַריבערפירער.

ער איז שוין ווייטער ניט געגאַנגען. געבליבן אין שטאָט, כדי צו שטיין אין קאָנטאַקט מיט די פּאַרטיזאַנער און באַקומען ידיעות וועגן זיינע נאָנטסטע. יעדן טאָג איז ער געקומען אין וואַלד אַריין און געבעטן נייעס, געבעטן הילף. ליידער, איז די תשובה תמיד געווען אַ נעגאַטיווע. עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען אים געגעבן אָנצוהערן, אַז עס איז געלונגען, אַ דאַנק דער מיטאַרבעט פון די פּאַרטיזאַנער אין צפון, צו פאַלן אויף די שפּורן פון זיין פרוי מיט די קינדער. ליידער, זאָלן זיי זיך געפינען שוין אין דראַנסי — און פון דאָרטן קען מען זיי ניט אַרויסקריגן. סיידן — אַ נס. ער האָט אָבער ניט געוואָלט זיך מייאש זיין, און ווייטער געקומען זיך נאָכפרעגן. ווער וויים, אפשר? טאָמער? דאָך? ביי גאָט איז דאָך אַלעס מעגלעך.

אַנומלט האָט מען אים, אומגעריכט, געגעבן אַ ידיעה וועגן גורל פון דעם פאַררעטער, דעם אַריבערפירער. מ׳האָט אים געוויזן אַ מעלדונג פון אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע אויף יענער זייט, אין וועלכער

עס רעדט זיך וועגן אים; מ׳האָט אים, נאָך שווערער מי, דערשנאַפּט, פאַרהאַלטן מיט אַ גרופּע ייִדן, וואָס ער האָט געפירט צו דער גרענעץ, און דערשאָסן אויפן אָרט, ווי אַ הונט, אַ קרעציקן. די דאָזיקע ידיעה האָט אים שטאַרק געפרייט און צוגעגעבן האָפענונג, אַז מסתמא וועט גאָט אים צושיקן אויך אַ גוטע בשורה וועגן זיין הויזגעזונט. ער האָט געקריגן זייער גרוים דרך ארץ פאַר די יונגע חברה, וואָס דרייט זיך דאָ אַרום דעם קאָמענדאַנט אין וואַלד, אין דער גאָרע, און וואָס שטייט אין פאַרבינדונג מיט אַ גרויסע צאָל ענלעכע גרופּן איבערן לאַנד און טון ממשותדיקע אַרבעט, נעמען נקמה, זיינען זיך נוקם פאַר עוולות...

אַ שיינעם פרימאָרגן האָט אים אַ זלידנער רעש און אַ שטייגענדיק גערודער אַרויסגעריסן פון שלאָף. ער איז צוגעלאָפן צום פענצטער — און, עס איז אים ניט גוט געוואָרן. ער האָט געזען דייטשע טאַנקן, דייטשע אַרמאַטן, און מחנות זעלנער וואָס שטראָמען דורך דער שטאָט. ער האָט זיך געריבן די אויגן, געמיינט אַז ער חלומט: פונוואַנען דייטשע טאַנקן, דייטשע אַרמאַטן, מחנות דייטשע זעלנער דאָ, אינעם דרום־טייל פון לאַנד? דאָס איז אַ טעות!

ער האָט זיך אָנגעטאָן און געגאַנגען צו ייִדן געוויר ווערן וואָס איז געשען. אומעטום האָט געהערשט אַ בהלה, אַ מהומה. ייִדן האָבן געפּאַקט זיך, געגרייט זיך אין וועג אַריין. וווּהין? קיינער האָט ניט געוווּסט. נאָר אַוועק פון דאָ, פון דער שטאָט. דייטשע חיילות פאַרנעמען גאַנץ פראַנקרייך; דעם פירערס באַפעל אַלס ענטפער אויף דער אַליאירטער אינוואַזיע פון צפון־אַפריקע. איז ניטאָ ווּ זיך צו פאַרשטעקן אין לאַנד. סיידן אין די וועלדער. סיידן אין די בערג. סיידן ביי די פויערים אין די דערפער. כּיידן ביי די פּאַרטיזאַנער. האָבן פרויען, מאַמעס און קינדער און זקנים אויסגעקליבן די וועלדער און די בערג און די דערפער; און די יונגעלייט — די פּאַרטיזאַנטקע. די יונגע חברה האָט באַשלאָסן ניט צו לאָזן זיך אויסשעכטן ווי די לעמעלעך, און פאַרלאַנגען אַ בלוטיקן פּרייז פאַר יעדן טויטן ייִדן, נעמען נקמה.

בעריש האָט אין אָנהויב ניט געוווּסט וואָס צו טון. ער האָט זיך געוואַקלט. וואָס וועט ער טון צווישן די יונגע חברה? מיט וואָס

קען ער זיי העלפן? אַז קיין ביקס האָט ער קיינמאָל אין האַנט ניט געהאַט און קיין פליג אויף דער וואַנט ניט געטשעפעט, ווי אַזוי וועט ער קענען נעמען נקמה, ווי אַזוי וועט ער קענען זיין אַ פּאַרטיזאַנער? ער וועט דאָך נאָר זיין אַ לאַסט פאַר דער יונגער חברה, ניט מער!

ווי נשתומם איז ער אָבער געוואָרן, ווען דער קאָמענדאַנט און די גאַנצע אָנפירערשאַפט האָבן אים אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. דער קאָמענדאַנט האָט אים געקלאַפּט איבער דער פּלייצע און געזאָגט: מיר ברויכן אַזעלכע ווי דו, דו ווייסט פאַרוואָס דו גייסט קעמפן, פאַרוואָס דו גייסט נעמען נקמה, די ייִדן ווייסן פאַרוואָס זיי שלאָגן זיך.

בעריש איז געשטאַנען אַ געפּלעפטער און ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן. לסוף האָט ער אַרויסגעקריגן פיר געציילטע ווערטער:

— איך קען ניט שיסן.

— וועסט דיך אויסלערנען, האָט דער קאָמענדאַנט אים גע־ענטפערט. מ׳ווערט ניט געבוירן קיין סאָלדאַט.

דער קאָמענדאַנט האָט אים איבערגעגעבן אין די הענט פון זיינע געהילפן און מ׳האָט אים גענומען אויספרעגן.

— נאָמען?

— בעריש, האָט ער געענטפערט קורץ.

דער סעקרעטאַר האָט אויפגעהויבן אויף אים אַ פּאָר גרויסע אויגן און ניט געוווּסט ווי דער ראָזיקער נאָמען לייגט זיך אויס.

— שרייב בערנאַרד, האָט אַ ייִדישער פּאַרטיזאַנער אים אַרויס־געהאָלפן.

— פאַמיליען־נאָמען?

— גאַרבער.

— פאַך?

בעריש האָט זיך פאַרטראַכט, ווייל ער האָט ניט געוווּסט ווי עס רופט זיך אַ מוהל אויף פראַנצויזיש, האָט ער גאָך אַ ווייל זיך אָנגערופן אין פאַרלעגנהייט: ראַבען, ראַבינער.

עטלעכע ייִדישע פּאַרטיזאַנער זיינען אים געקומען צו הילף און זיך באַמיט איבערצוזעצן אויף פראַנצויזיש דאָס וואָרט מוהל. איינער האָט עס דערקלערט אויף אַזאַ אופן, אַז די גאַנצע חברה

אַרום איז זיך פֿאַרגאַנגען אין אַ לאַנג און קייכיק געלעכטער... פֿון די דערקלערונגען האָט דער סעקרעטאַר דאָך פֿאַרשטאַנען, אַז בעריש האָט עפּעס געמיינזאַמעס מיט כירורגיע, מיט מעדיצין, מיט פעלטשעריי — און באַשלאָסן אים אָנצופֿאַרטרויען דעם פּאָסטן פֿון סאַניטעט אין דער אָפּטיילונג, ווייל ביז איצט איז די פֿונקציע געווען ניט באַזעצט.

האָט מען אים דעריבער גערופֿן אין אָנהויב „טוביב", ס'הייסט גוטמוטיק — דאָקטאָר, און מאַנכע, וואָס האָבן זיך דערמאָנט די סצענע ביים אויספרעגן אים, און זיין פֿאַרלעגנהייט — האָבן אים גערופֿן „ראַבען", אָבער אָן אַ שמץ פֿון בייזוויליקייט, אָדער חוזק.

3

מיט יעדער קאַמף־גרופּע, וואָס איז געגאַנגען מיט אַן אויפֿגאַבע קעגן שונא, איז בעריש מיטגעגאַנגען. ער האָט מיטגענומען אַ רענצל פֿון רויטן קרייץ, אַ גרויסע צאָל פֿאַרבאַנד־מאַטעריאַל און אַ טראָג־בעטל, און געטראָגן הילף די פֿאַרוווּנדעטע. ער איז תמיד געווען צווישן די, וואָס זיינען אַממערסטן געווען אויסגעשטעלט אויף אַ סכנה, געזען ווי דער שונא דערנענטערט זיך, ווי מ'לויערט אויף אַ פּאַטרול, ווי מ'עפֿנט פֿייער, ווי אַ קאַמף אַנטוויקלט זיך — און באַדויערט, אַז ער קען ניט נעמען קיין אָנטייל אין קאַמף גופֿא, אַז ער קען ניט אַוועקלייגן עטלעכע דייטשן. אין אָנפֿאַנג האָט ער ניט געקענט קוקן אויף אַ קאַמף, אויף דער רציחה, וואָס גייט אָן. ער האָט צוגעמאַכט די אויגן און פֿאַרשפּאַרט דעם אָטעם. אָבער ווען ער האָט געזען די רוצחישע פּרצופֿים פֿון די דייטשן, וואָס דערנענטערן זיך, וואָס קעגן־אַטאַקירן, האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס זיינען די רוצחישע חיות, וואָס האָבן אַ סוף געמאַכט צו זיינע קינדער, צו זיין ווייב, צו ריוועשעלען, דעם מוזיניקל, און צו אַזויפֿיל יידן, אַזויפֿיל יידן... האָט ער געבייזלט די פֿויסטן און באַדויערט, אַז ער קען ניט נקמה נעמען, נקמה ממש, מיט ביקס און גראַנאַט.

אַנומלט האָט זיך אים אומסגעריכט געמאַכט מאַקע אַזאַ געלעגנהייט. אַ גרופּע פֿון צוועלף חברים איז געשיקט געוואָרן צו אַטאַקירן אַ דייטשן פּאַטרול, וואָס גייט פֿאַרביי יעדן אָוונט דעם

הויפּט־שליאַך, אויפן וועג פון דער דייטשער קוואַרטיר אינעם שכנותדיקן שטעטל. די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך איינגעגראָבן ביים ראַנד פון וואַלד, נעבן שליאַך און געוואַרט אויף די דייטשן. גאָר אומדערוואַרט איז דער דייטשער פּאַטרול דאָסמאָל געווען אַ דאָפּלטער, געציילט מער זעלנער ווי די גרופּע לויערנדיקע פּאַרטיזאַנער. דער פירער פון דער גרופּע האָט זיך אָבער ניט דערשראָקן און געהייסן עפענען פייער, ווען די דייטשן זיינען געווען שוין גאָר נאָנט. עטלעכע דייטשן זיינען געפאַלן טויט. די איבעריקע האָבן זיך אַנידער־געוואָרפן אינמיטן שליאַך און געעפנט פייער פון זייערע מאַשין־געווערן, באַנוצנדיק די קערפּערס פון זייערע געפאַלענע אַלס שוץ קעגן פּאַרטיזאַנען־פייער. עטלעכע פּאַרטיזאַנער זיינען פאַרוווּנדעט געוואָרן. דער שעף פון דער גרופּע האָט פאַראָרדנט צוריקצוציִען זיך אין וואַלד אַריין, זוכן שוץ הינטער די ביימער. עטלעכע פּאַרטיזאַנער האָבן באַוויזן אָפּצושפּרינגען טיפער אין וואַלד אַריין. דריי זיינען געבליבן ליגן, ניט געקענט זיך רירן פון אָרט און גערופן שטילערהייט נאָך הילף, גערופן: בערנאַר, בערנאַר, טוביב, טוביב! איינער, ניט ווייט פון בערישן, איז געלעגן אויסגעצויגן, ניט באַוויגן זיך, גאָרניט גערופן, ניט געגעבן קיין סימנים פון לעבן. בעריש האָט זיך צוגעשאַרט צו אים אויפן בויך, געוואָלט אים געבן הילף. אָבער פּלוצים, זייענדיק שוין ביי אים, האָט ער באַמערקט ווי דריי דייטשן שאַרן זיך פון שליאַך אַראָפּ און פאַרמעסטן זיך מיט גראַנאַטן אויף אים. איינציייטיק האָט ער באַמערקט, אַז נעבן דעם פּאַרטיזאַנער, נאָנט פון אים, ליגט אַ גראַנאַט. האָט ער אים אַ כאַפּ געטון און אַ שליידער געגעבן אויף די דריי דייטשן. ער האָט דערהערט אַן אויפרייס, וואָס האָט אים פאַרהילכט און אינגאַנצן פאַרחושט. ער האָט ניט געוווּסט וואָס איז געשען. ער האָט געמיינט, אַז ער איז טויט, אַז אַזוי פילט זיך אַ מענטש, ווען ער איז טויט. ער האָט גאָרניט געוווּסט, וואָס טוט זיך מיט אים און אַרום אים. ווען ער איז געקומען צו זיך, זיינען זיינע חברים געשטאַנען נעבן אים און אים גראַטולירט פאַר זיין געוואַגטן טאַט. פון זיין גראַנאַט זיינען אומגעקומען ניט נאָר די דריי דייטשן ביים ראַנד פון שליאַך, נאָר נאָך צוויי אַנדערע; די גראַנאַטן, וואָס זיי זיינען

געגאַנגען וואָרפֿן, האָבן אויפֿגעריסן אין זייערע הענט. די איבעריקע דייטשן פֿון פּאַטראָל זיינען אַנטרינען. דעם אויסגאַנג פֿון דעם קאַמף האָט מאַקע דעציִדירט דער גראַנאַט, וואָס ער, בערנאַר, האָט גע־וואָרפֿן. אין דער הינטערשטער שורה, האָבן די פּאַרטיזאַנער פֿאַר־לוירן איין חבר, געהאַט דריי שווער־פֿאַרוווּנדעטע, צוויי לייכט, אָבער די דייטשן האָבן איבערגעלאָזן אַכט טויטע אויפֿן שליאַך, און צוויי שווער־פֿאַרווונדעטע.

בעריש האָט זיך תיכף פֿאַרנומען מיט די פֿאַרוווּנדעטע פּאַר־טיזאַנער, און ווען ער האָט זיי דערפֿירט צו אַ צושטאַנד, אַז מ׳האָט זיי געקענט טראַנספּאָרטירן, האָט מען זיי גענומען אויף די הענט און אויף דעם טראָג־בעטל און צוריקגעגאַנגען אין קוואַרטיר. בעריש איז געגאַנגען אַ שטאָלצער און מוטיקער און געוווּן צופֿרידן, וואָס דער גורל האָט אים געגעבן דאָס גרויסע גליק נקמה צו נעמען אין די דייטשן, באַצאָלן זיי מידה כנגד מידה: פֿינף דייטשן פֿאַר די פֿינף מיטגלידער פֿון זיין הויזגעזונט; פֿינף רוצחים פֿאַר פֿינף אומשולדי־קע, יידישע נפֿשות, פֿינף פֿאַר פֿינף; יאָ, די צאָל שטימט, דער כמות, אָבער דער איכות?! פֿינף וואַלד־גזלנים פֿאַר פֿינף הייליקע נשמות, און דאָס עופֿהלע, ריוועשעלע, בתוכם, ריוועשעלע! ער איז געגאַנגען, געטראָגן צוויי אָרעמס פֿון טראָג־בעטל, געשלעפּט זיינע שווערע פֿיס, געווען צופֿרידן און ניט צופֿרידן, און געמורמלט אַ שבח צום גאָט פֿון נקמה, און געמורמלט אַ טענה צום גאָט פֿון גערעכטי־קייט: פֿינף זינדיקע רוצחים פֿאַר פֿינף הייליקע קדושים און דערוּנ־טער אַן עופֿהלע, די קדושה אַליין!... און געמורמלט מחילה ביים פֿאָטער פֿון רחמים, וואָס האָט אים, אים ר׳ בעריש בן חיים דוב דעם רב, דערפֿירט צום נסיון פֿון הבא להורגך השכם להרגו, צום נסיון פֿון שפֿיכת דמים...

ווען זיי זיינען צוריקגעקומען איז די ידיעה וועגן בערישס העל־דישקייט גיך צעגאַנגען זיך איבער דער קוואַרטיר און דער קאָמענ־דאַנט איז געקומען אים גראַטולירן און געקושט זיך מיט אים, ווי מיט אַן אייגענעם. אַלע פּאַרטיזאַנער זיינען געקומען אים דרוקן די הענט און קלאַפּן איבער די פּלייצעס, און טרינקן צו זיין געזונט און פֿאַר חברשאַפֿט. מען האָט אים געהויבן אין דער לופֿטן און גע־

שריגן אויף קולי־קולות: זאָל לעבן קאַמעראַד בערנאַר, זאָל לעבן בערנאַר, וויוואַט, היפּ, היפּ, היפּ!

פון דעם מאָמענט אָן האָט בעריש אויפגעהערט צו זיין „טוביב“, אויפגעהערט צו זיין „ראַבען“ — און געוואָרן קאַמעראַד, חבר בערנאַר, אָדער סתם — בערנאַר.

בערנאַר האָט זיך אָבער ניט פאַרכלינעט מיט דעם דאָזיקן פּרסום זיינעם און ניט באַגנוגנט זיך מער מיט בלויז סאַניטעטס־אַרבעט; ער האָט באַשלאָסן צו לערנען זיך שיסן, באַנוצן פאַרשיידנערליי געווער. אין פרייער צייט פלעגט ער גיין טיף אין וואַלד אַריין און צילן אין די בוימער, אין די צווייגן, אין די באַזונדערע בלעטער. צוערשט האָט ער געשאָסן פון אַ רעוואָלווער, דערנאָך פון אַ ביקס, דערנאָך פון אויטאָמאַטיש־געווער. אַ דאַנק זיין אויסגעצייכנטער ראיה איז ער גיך געוואָרן דער בעסטער שיסער אין דער אָפּטיילונג. אין אַ קאָנקורס פון שיסן פון זיין גרופּע האָט ער באַקומען די גרעסטע צאָל פונקטן; מ'האָט אים פשוט מקנא געווען.

און פון דעם מאָמענט אָן האָט בערנאַר מיטגענומען אין קאַמף אַריין ניט נאָר זיין סאַניטעטס־רענצל, נאָר אויך אַ מאַשין־געווער מיט עטלעכע רונדן קוילן און אַ פּאָר האַנט־גראַנאַטן; ער איז געווען איינצייטיק קעמפער. ער פלעגט טיילמאָל אַליין אָנפירן מיט אַ קליינע אָנגריף־גרופּע. אַזוי ווי ער איז געווען דער בעסטער שיסער, האָט מען אים אָנפאַרטרויט אַראָפּצורוימען „באַוועגלעכע“ שונאים, דאָס הייסט דייטשע מאָטאָציקליסטן, ציקליסטן, פאַרבינדונגס־קוריערן צווישן דער הויפּט־קוואַרטיר און די דייטשע פעלד־אָפּטיילונגען.

עס איז ניט געווען לייכט צו צילן און טרעפן עמעצן, וואָס רייבט מיטן גאַנצן דער פאַרביי אויף אַ גאַלאָפּיקן מאָטאָציקל. בערנאַר האָט זיך געלערנט די דאָזיקע קונסט אין וואַלד, צילנדיק אויף בלעטער וואָס שוועבן אויפן ווינט, וואָס בויגן זיך אַהין און אַהער, געיאָגט דורך אַ העפטיקן ווינט, וואָס טרייסלט דעם בלאַט, דעם צווייג, און דעם שטאַם. און אין האַרבסט פלעגט ער זיצן געדולדיק און אויסוואַרטן ביז אַ גסיסה־בלאַט וועט זיך אָפּשעפּן פון צווייג און נעמען זיך אַראָפּקייקלען, אַראָפּנידערן, ציטערן אויפן ווינט — דאַמאָלס פלעגט ער אָנשטעלן די ביקס און שיסן. ער האָט לסוף

דערגרייכט אַזאַ שלימות, אַז ער פלעגט אַפילו טרעפן אַ בלאַט, וואָס האָט געגידערט מיט דער פלאַך אַראָפּ...

ס׳איז קיין וווּנדער ניט, אַז יעדער שאָס זיינער אין אַ רייטנדיקן דייטש, אין אַ גאַלאָפּירנדיקן מאַטאָציקליסט — האָט באַדייט אַ קרבן, האָט באַדייט אַ סוף צו אַ דייטשן פאַרבינדונגס־רייטער, און אַ צייטווייליקער כאָאָס אין דעם שונאס פלענער. די פּאַרטיזאַנער, וואָס פלעגן באַגלייטן בערנאַר אויף אַזאַ אויספלוג, פלעגן באַלד נאָכן שאָס אַרויפלויפן אויפן שליאַך, אַ סוף מאַכן צום דייטש, טאָ־מער האָט ער נאָך געאָטעמט, צונעמען זיין געווער, דעם מאָטאָציקל, און זיין בריוו־טאַש, און אַזוינאַך קענען די פלענער און באַפעלן פון שונא.

4

דער גוטער שם פון בערנאַרן איז זיך צעגאַנגען ווייט איבער די ראַנדן פון וואַלד, ווייט איבער די בערג און די טאָלן פון דער געגנט. אומעטום האָט מען גערעדט וועגן אים און וועגן אַלע העלדנ־טאַטן זיינע. די יידישע חברים זיינע האָבן צעטראָגן די פּרטים פון יעדן אַקט זיינעם אין די בונקערס, אין די באַהעלטענישן, אין די פאַרבאָרגענע שיימערס און חורבות, ווו יידן האָבן אַ מקלט געפונען. און יידן האָבן זיך געגרויסט, געווען שטאָלץ, זיך איבערגעגעבן די ביייעסן פון מויל צו מויל.

געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך דערמאָנט דעם מוהל, ר׳ בעריש גאַרבער, וואָס איז געווען באַקאַנט איבער דער מדינה — און געווען נאָך שטאָלצער, געחידושט זיך און געגרויסט זיך: אַ מוהל, אַ רב, אַ פרומאַק — און אַזאַ העלד, אַזאַ גבור, וואָס איבערשטייגט נאָך די גויים; כ׳לעבן, אַ יידישע נשמה איז טאַקע ניט אָפּצושאַצן, ניט אָפּצושאַצן...

און איינע אַ מאַמע, ביי וועלכער עס איז געבוירן געוואָרן אַ יונגעלע, אַ קדיש, האָט ניט אַנדערש געוואָלט, אַז בערנאַר, דער אַמאָליקער ר׳ בעריש, זאָל קומען יידישן איר קינד. אַן אַנדערן מוהל וואָלט זי באַשטימט ניט גענומען, זי וואָלט נאָך צוגעוואַרט ביזן סוף פון בונקער־לעבן; אָבער צו ר׳ בערישן מעג מען האָבן צוטרוי, ער וועט עס מאַכן גוט און ריין טראָץ דעם שמוץ און דער ענגשאַפט פון דער

קעלער־נאָרע דאָ. האָט זי געגעבן צו וויסן דורך איר ברודער, וואָס איז מיט בערנאַרן אין די „מאַקי‟, אַז מ׳וואַרט אויף אים.

בערנאַר איז געווען גליקלעך פון דער דאָזיקער איינלאַדונג. צו זיין גליק איז גאָרניט געווען קיין גרענעץ. ער איז געווען צופרידן, וואָס עס איז אים געגעבן געוואָרן, גאָר אומדערוואַרט, אויך די מעגלעכקייט צו טון אַ מצווה, אַ גרויסע מצווה...

ער האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין, מיט דער הסכמה פון קאָמענדאַנט, און געגעבן אַ שבח צום רבונו של עולם, וואָס איז אים מזכה מיט איינע פון די גרעסטע מצוות ביי יידן, וואָס ער האָט ניט פאַרגעסן אין אים, דעם זינדיקן, מיט בלוטיקע הענט — און צוגעשיקט אים די געלעגנהייט מכפר צו זיין פאַרן חטא פון הרגענען, מעג עס זיין אַפילו שרצים...

און ווען ער האָט געזען די פרייד אינעם פינצטערן בונקער, ווען ער האָט זיך באַוויזן, און די שמחה, און געהערט דעם האַרציקן „מזל־טוב, מזל־טוב, מזל־טוב!“ — איז זיין האַרץ שיעור ניט צעגאַנגען פאַר גליק. ער פלעגט לאַנג ניט זוימען. איבערלאָזן באַנדאַזשען, און מתנות פאַרן קינד, און געלט, און עסנוואַרג און די האַרציקסטע ברכות — און זיך צוריקגיין צו זיין אָפּטיילונג. ער האָט ניט געוואָלט פאַרפאַסן אַן אַטאַקע, אַ סאַבאָטאַזש־אַקציע.

פון דאַמאָלס אָן פלעגט מען אים אָפטער רופן צו קינדער אין די באַהעלטענישן. דער קאָמענדאַנט האָט גאָרניט געהאַט דערקעגן. אין דער הפסקה צווישן איין אָנגריף און צווייטן, האָט ער אים געגעבן פרייע הענט צו באַזוכן די יידן אין דער געגנט. ער האָט געוווּסט, אַז קיין גרעסערע באַלוינונג פאַר בערנאַרן, פאַר זיינע העלדישקייטן, קיין בעסערע אויסצייכענונג איז פאַר אים ניטאָ, ווי האָבן די מעגלעכקייט צו דערפילן פון צייט צו צייט זיינע „רייטועלע‟ פליכטן. פלעגט ער גיין, בערנאַר, מיט אַ רויטן־קרייצל אָנגעפולט מיט כל־טוב, מיט געבעקס, פירות, נאַשוואַרג, וואָס פאַרטיזאַנער פלעגן זיך אַוועקנעמען פון מויל און מיטגעבן פאַר די אָרעמע בונקער־מענטשן — גיין ביינאַכט, אַזוי אַז מ׳זאָל אים ניט זען, אַז די דייטשן, אָדער מיליציאָנערן זאָלן ניט דערקענען לויט זיין נאָז און געקרייזלטע האָר, לויט זיין בערדעלע, אַז ער איז אַ ייד,

און ניט פאַרהאַלטן. ער איז געווען זיכער, אַז טאָמער פאַרהאַלט מען אים, וועט ער קיין לעבעדיקער ניט אַרויס, ניט נאָר זיין אויסזען, נאָר זיין שלעכטע אויסשפּראַך און גרייזיקער פּראָנצויזיש וועלן געבן זיין אויף צו באַשטעטיקן דעם חשד. איז ער געגאַנגען ביינאַכט, געשאַרט זיך ווי אַ שאָטן צווישן די ביימער, צווישן קוסטעס, אין הויכן גראָז, אויסמיידנדיק באַוווינטע געגנטן; גערוט בייטאָג, און ביינאַכט ווידער געגאַנגען, ביז ער איז דערגאַנגען צו אַ יידישן מקלט. דאָ האָט ער זיך פאַרנומען מיטן בן־זכר, אויסגעליידיקט דאָס רענצל און די טאַשן, און — צוריקגעגאַנגען מיט דעם זעלבן וועג.

צוריקגעקומען און געשטעלט זיך צו דער אַרבעט. פאַרלאַנגט די סכנהדיקסטע אויפגאַבע, כדי צו קענען באַווייזן אַ העלדישקייט, און דערמיט אָפּצאָלן דעם קאָמענדאַנט און דער אָנפירערשאַפט פון דער אָפּטיילונג פאַר דער גרויסער פאַרשטענדניש, וואָס זיי ווייזן אַרויס פאַר אים, פאַר זיין נשמה, פאַר זיין דורשט נאָך מצוות, פאַר זיין טיפן אינערלעכן דראַנג צו טון גוטס און דאָס ניט נאָר כדי מקיים צו זיין אַ גרויסן יידישן געבאָט — נאָר כדי, אין דער זעלבער צייט, צו געפינען אַ חסד ביים פאָטער פון רחמים פאַר דער גרויסער זינד פון גורם זיין טויט און יסורים, מעג עס זיין אַפילו פון אַ שרץ...

און דער קאָמענדאַנט, ניט נאָר ער האָט אים פאַרשטאַנען, נאָר אויך אים געמוטיקט אין זיין אַרבעט, געלויבט אים פאַר זיינע באַזוכן ביי די יידן, וואָס זיינען ניט ווינציקער סכנהדיק, ווי אַ קאַמף גופא — און אָפטמאָל געגעבן אים באַגלייטער, וואָס זאָלן אים שיצן אונטערוועגס און וואַכן איבער זיינע טריט.

5

אַנומלט איז ער געוואָרן ביי יידן, אַז ערגעץ־וווּ, אַ מהלך פון דאָ, איז געקומען אויף דער וועלט, אין אַ שייער, אַ יונגעלע און מ׳וואַרט אויף אים דאָרט. בערנאַר האָט ניט געקענט גיך אַהינגיין צוליב דעם מהלך, און צוליב די צוגרייטונגען, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען, אין צוזאַמענהאַנג מיט אַן אָנגריף אויף אַ דייטשן פּאָסטן.

די אָנפירערשאַפט האָט געוואַרט אויף אַ גינסטיקן מאָמענט אָנצוהייבן דעם אָנגריף, אַזוי אַז עס זאָל זיין אַ סורפּריז־אַטאַק

נאָך האַלבער נאַכט, און געבן די בעסטע רעזולטאַטן. זיי האָבן געמוזט ליקווידירן אַן אָפּטיילונג, וואָס האָט זיך איינגעאָרדנט אין אַ מיטלאַלטערלעכן שלאָס ביים ראַנד פֿון גרויסן קאַנטאָן־שטעטל, און דערגאַנגען די יאָרן די פּאַטריאָטן און אַלערליי קעגנער פֿון רעזשים. כמעט די גאַנצע אָפּטיילונג, איבער הונדערט מאַן, האָט זיך באַטייליקט אין אָנגריף. בערנאַר איז געווען צווישן די הויפּט־אָנגרייפֿער. ער האָט געהאַט די אויפֿגאַבע צו צילן אין די צוויי וועכטער וואָס דרייען זיך אַרום נעבן שלאָס־איינגאַנג און אָן רעש, מיט צוויי קוילן, געשאָסן פֿון פֿאַרבאָרגעניש — געדאַרפֿט אַוועקלייגן זיי. זיינע קוילן האָבן אויך געזאָלט זיין דער רוף צום אַטאַק.

און אַזוי איז עס טאַקע געווען. ווי נאָר די צוויי וואַך־היטער זייגען געפֿאַלן האָבן זיך די פּאַרטיזאַנען אַ שיט געטון אומגעשטערט אין שלאָס אַריין. עס האָט זיך געשאַפֿן אַ מהומה. דייטשן זיינען אַרויס פֿון זייערע באַקוועמע געלעגערס און געלאָפֿן ווי פֿאַרסמטע אין די הינטערוועש, ווער מיט אַ גראַנאַט, ווער מיט אַ מאַשין־געווער — און געפֿאַלן, ווי די פֿליגן, אונטערן פֿייער פֿון די פּאַרטיזאַנען. דערנאָך האָבן זיך עטלעכע פֿון זיי אַריינגעריסן אין די באַזונדערע הדרים פֿון שלאָס, אַריינגעוואָרפֿן גראַנאַטן, אויסגעקוילעט דעם גאַנצן אָפֿיצירן־שטאַב, צוגערויבט אַלס וואָס איז געגאַנגען, געווער, עסנוואַרג, וועש, דאָקומענטן, פּלענער — און ווען פֿון גאַנצן פּאָסטן איז געבליבן אַ באַרג מיט הרוגים, און פֿון שלאָס אַ חורבה — האָבן זיי מיט גרויס טריאומף זיך צוריקגעצויגן.

צומאָרגנס האָט בערנאַר באַקומען די דערלויבעניש צו גיין. ער האָט באַקומען צוויי באַגלייטער און דער קאָמענדאַנט האָט געבעטן זיי זאָלן ווי אַמגיכסטן צוריקקומען, ווייל עס איז זיך צו ריכטן, אַז די דייטשע הויפּט־קוואַרטיר וועט פֿאַראַרדנען אַ נקמה־אַנגריף, איז בעסער צו זיין גרייט באַצייטנס. אַזוי ווי דער וועג איז געווען זייער אַ ווייטער, האָבן זיי גענומען רעדלעך, די איינציקע דריי רעדלעך, וואָס די גרופּע האָט געהאַט, און געלאָזט זיך זאַלבעדריט אין וועג אַריין.

זיי זיינען געקומען אינעם שטעטל נאָכמיטאָג און ווען זיי האָבן אויסגעפֿונען די פֿויערישע הייזקע מיטן שייער אינעם פֿעלד,

הינטערן שטעטל — איז שוין געווען אָוונט. אינעם ווינקל פון שייער, אויף אַ בערגל מיט שפּעט־היי איז געלעגן די מוטער פון קינד. זי איז געלעגן קראַנק. זינט דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן האָט זי זיך נאכניט אויפגעהויבן פון געלעגער. די פיס זיינען ביי איר אנגעשוואלן געוואָרן, אנגעגאסן זיך מיט בליי, און זי האָט זיי ניט געקענט דערשלעפּן. איר גאַנצע לייב האָט זיך אנגעפּולט מיט פייער און מיט פלאַמען, און עס האָט זיך איר אָפט געדאכט אַז זי ווערט פארברענט, אַז זי פארוואנדלט זיך אין אש. דאָס קינד האָט אָפּגענומען די אַלטע באַלעבאָסטע, די פראנצוויזקע, די גוטע; זי קען זיך אויף אַזעלכע זאכן. קיין הייבאַם וואָלט דא ניט געוואגט צו קומען, און קיין דאקטאר אויך ניט. ערשט שפּעטער, ווען זי האָט דערפילט דעם בליי אין די פיס און דאָס פייער אין לייב — איז איר מאן, דער טאַטע פון קינד, געגאַנגען זוכן אַ דאָקטאָר; געגאַנגען און ניט צוריקגעקומען. שוין אַ קנאַפּע וואָך ווי ער איז ניטאָ; הלוואי וואָלט ער ניט געווען געגאַנגען!...

ניט ווייט פון דער מוטער, איינגעוויקלט אין אַ זאק־טוך, באַגראבן אין היי, אַזוי אַז מ'האָט קוים אַרויסגעזען דאָס קעפּל — איז געלעגן דאָס קינד. וועענדיק די פרעמדע מענטשן האָט עס געגומען וויינען, וויינען שטילערהייט מיט ברעקלעך געוויין און תרעומות, קוים מ'האָט עס געהערט. די בעקלעך פון קינד זיינען געווען איינגעפאלן, די אבריםלעך — הויט און ביינער, און דער שטערן האָט געגלייט, געבריט די האַנט, וואָס האָט זיך צוגערירט. די גוטע באַלעבאָסטע איז געשטאַנען נעבן זיי און דערציילט, וואָס זי טוט פאר דער פרוי און קינד; זי גיט זיי מילך, עפּעס ווארעמס, שטיקלעך סוכאַרעס — אָבער זי קען זיך קיין עצה ניט געבן. זי איז ארעם און אַליין. פארלוירן צוויי זין אין קריג און איינער איז פארשלעפּט געוואָרן אויף אַרבעט אין דייטשלאַנד. זי האָט געהאַט טרערן אין די אויגן און גערעדט מיט אַזאַ געריירט־קייט, אַז עס האָט געשניטן ביים האַרצן.

די הריי פּאַרטיזאַנער האָבן זיך אויך צעוויינט און געווישט זיך די אויגן און די באַקן, געשטיקט אין זיך דעם צער און צאָרן, וואָס האָט־זיי געהויבן פון אָרט און געריסן די הערצער. זיי האָבן

זיך אָבער באַהערשט. ניט געווען קיין צייט צו פארלירן, די צוויי באַגלייטער האָבן זיך געלאזן אין שטעטל אַריין ברענגען. אַ דאָקטאָר.

— ברענגט אים מיט כוח, האָט בערנאר זיי נאכגעשריגן — אויב ער וועט ניט וועלן קומען מיט גוטן.

זיי האָבן געבראַכט אַ דאָקטאָר און אריינגעפירט אים אין שייער האלטענדיק זייערע רעוואָלווערן אין האַנט. דער דאָקטאָר האָט אונטערזוכט און פעסטגעשטעלט אַ געבורט־ענטצינדונג ביי דער מוטער און אַ צושטאַנד פון אַלגעמיינער פארגיפטונג. ביים קינד האָט ער פעסטגעשטעלט אַ שרעקלעכע אונטערדערנערונג און ראכיטישע סימנים — און אָפּגעזאָגט זיך צו געבן וועלכע עס איז האָפענונג, טאָמער די קראַנקע ווערן ניט אָפּגעפירט אין שפיטאָל.

איינער פון די פּאַרטיזאַנער האָט צוגעשטעלט זיין רעוואָלווער צום דאָקטאָרס שלייף:

— דו, הונטישער זון, האָט ער אריינגעשריגן אין זיין אויער. ווי אַ הונט וועל איך דיך אַוועקלייגן, אויב דו וועסט ניט אויסהיילן די מוטער און דאָס קינד...

— מיר מאכן דיך פאראנטוואָרטלעך, האָט דער צווייטער פּאַרטיזאַנער אונטערגעהאָלפן...

— אין קעגנפאל וועסטו פגרן אן אַ ווידוי, האָט בערנאר געדראָט.

דער דאָקטאָר איז געשטאַנען און געציטערט פאר פחד. ער האָט זיך געווערט, מורא געהאט צו נעמען די פאראנטווארטלעכקייט אויף זיך צוליב דעם ערנסטן צושטאַנד פון דער פרוי. אָבער אין אנבליק פון די דראָאונגען האָט ער צוגעזאָגט צו טון אַלעס מעגלעכעס. מ׳האט אים צוריקגעפירט אין שטעטל און צוריקגעקומען מיט אן אמבולאנס. מ׳האָט די קראַנקע אַרויפגענומען אין שפיטאָל־אויטאָ און געלעגט אויף די ווייכע ליג־בעטלעך. בערנאר האָט זיך געזעגנט, געווונטשן אַ רפואה שלימה און צוגעזאָגט צו קומען ווי נאר זיי וועלן זיין צוריק פון שפיטאָל, און דעמאלס אויך מל־זיין דאָס קינד. די פרוי האָט ניט געוווסט וואָס צו ענטפערן, געלעגן אין איין פייער און געהאט טרערן פון גליק אין די אויגן־

ווינקלן. די באַגלייטער זיינע האָבן נאכאמאל צוגעשטעלט די רע־וואלווערן צום האָקטאָרס שלייפן און אים דערמאָנט צו האַלטן אַ סוד וועגן דער אָפּשטאַמונג פון דער מוטער און קינד, און גע־מאכט אים פאראַנטוואָרטלעך פארן גורל פון די קראַנקע.

דער אמבולאַנס איז אַוועק אין דער ריכטונג פון שטעטל און די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך אויפגעזעצט אויף די רעדלעך און גע־לאָזן זיך מיט די פינצטערע וועגן און שטעגן צוריק אַהיים־צו.

6

בערנאַר, זיינע צוויי באַגלייטער, און אַ גרויסע צאָל פּאַרטי־זאַנער האָבן זיך שטאַרק פאראינטערעסירט מיטן גורל פון דער אומגליקלעכער מוטער און פון איר קינד. פון צייט צו צייט פלעגט עמיץ אראפכאפּן זיך אין שפּיטאָל, ווו זי איז געלעגן, ברענגען איר גוטע זאכן און מונטערן דעם דאָקטאָר, דערמאָנען אים...

און ווען זי איז אַרויס פון שפּיטאָל האט מען פאר איר אויס־געפונען אַ פויערישע הייזקע ניט ווייט פון וואַלד, קנאַפּע צוויי שעה צופוס פון דער פּאַרטיזאַנער־קוואַרטיר, און מ׳האָט וועגן איר און קינד אויף קיין רגע ניט פארגעסן. דער קאָמענדאַנט אַליין פלעגט זיך טיילמאָל אראָפּכאַפּן צו איר אין דער פויערישער הייזקע און ברענגען מתנות, פאר איר און קינד, אין נאָמען פון אַלע פּאַרטיזאַנער.

דערנאָך איז פאָרגעקומען דער ברית. עס זיינען געקומען אַ צוויי מניינים פּאַרטיזאַנער, אַלס דעלעגאַציע, און בייגעוווינט די צערעמאָניע. דער קאָמענדאַנט אַליין, כאָטש ניט קיין ייד, איז גע־ווען דער סנדיק. און אַלע האָבן מיט איין קול נאכגעזאָגט נאכן מוהל ,,מזל־טוב, מזל־טוב, מזל־טוב!", געשריגן בקולי קולות: ,,מזל־טוב, מזל־טוב, מזל־טוב!" און געוויילט זיך ביזן פרימאָרגן אַריין.

שפּעטער־צו פלעגט זי אנפארטרויען דאָס קינד דער פויערטע, ביי וועלכער זי האָט געוווינט, און זיך אראפּכאפּן צו די פּאַרטיזאַ־נער. זי האָט ניט געוואָלט געניסן פון זייער שוץ און הילף בחינם,

האָט זי אָנגעבאָטן איר גרייטקייט צו דינען דער געמיינזאַמער זאַך, צו העלפן מיט וואָס זי וועט נאָר קענען.

זי האָט געשיילט קאַרטאָפל, געאַרבעט אין דער קיך, באַדינט ביים עסן, געוואַשן וועש. דערנאָך האָט זי געבעטן דעם קאָמענדאַנט ער זאָל איר טון די געפעליקייט און איר דערלויבן צו באַטייליקן זיך אין קאַמף, זי פילט אַז זי וואָלט געקענט טון עפּעס מער ממשותדיקעס ווי ביז איצט. זי וואָלט וועלן נעמען אַ ביקס אין האַנט און גיין, ווי די מענער, קעמפן, נקמה נעמען, נוקם זיין זיך פאַר אַלע עוולות, פאַר אירע פאַרשלעפטע עלטערן, פאַר איר פאַרשוווּנדענעם מאַן. זי האָט עס געזאָגט ערנסט און אויפריכטיק און מיט טרערן אין די אויגן. דער קאָמענדאַנט איז געווען שטאַרק גערירט. זי האָט אים איבערצייגט.

ער האָט איר אָבער ניט דערלויבט צו נעמען אַ ביקס אין האַנט און גיין אין דער ערשטער ריי, נאָר געהייסן ווערן פלעגעשוועסטער, סאַניטעטין. עס האָט זיך געניטיקט נאָך אַ סאַניטעט אין דער אָפּטיילונג צוהילף בערנאַרן.

און פון איצט אָן האָט מען זי געזען תמיד אינאיינעם מיט בערנאַרן. זי האָט זיך געלערנט ביי אים די קונסט פון באַנדאַזשירן און טראָגן די ערשטע הילף. זי איז אויף אַ רגע פון אים ניט אָפּגעטרעטן, באַגלייט אים בשעת די קאַמפן און די ערשטע געווען ביי יעדן פאַרוווּנדעטען. חברה האָט געשעפּט נחת פון איר און געלויבט איר אין די הימלען אַריין. כאָטש זי איז געווען יונג און באַחנט, האָט קיינער ניט געוואַגט צו טשעפּן זיך צו איר. בערנאַר האָט געוואַכט איבער איר יעדן שריט און געווען צו איר ווי אַ פאָטער, ווי אַ ברודער, און קיינער האָט ניט געוואַגט איינרייסן מיט אים.

# די לאַרעלײַ

פון ערשטן מאָמענט אָן, זינט מ׳האָט אים אינטערנירט, האָט לעאָן זיך געטראָגן מיטן געדאַנק צו אַנטרינען, אָבער עס האָט זיך אים ניט געמאַכט קיין פאסיקע געלעגנהייט דערצו. צווייטנס, האָט ער ניט געוואָלט אויסשטעלן אויף אומאַנגענעמע רעפרעסיעס זיינע מיטאינטערנירטע צוליב זיין עגאָאיסטישער טאט. אָבער פלוצים, אומדערוואַרטערהייט, איז די געלעגנהייט געקומען, און איינציייטיק געווען באַגלייט מיט אַזעלכע אומשטענדן, אַז דער צווייטער פאָרבאַדינג צו זיין געוואַגטקייט, האָט דערפון אויך ניט געקענט ליידן.

צוריקקומענדיק פון אַן אויסערן־קאמאנדאָ, ווו ער און אַ גרופע אינטערנירטע האָבן געאַרבעט ביי אויסגראָבן קאַרטאָפלעס, האָט ער באַמערקט, אַז דער ס.ס.־מאַן, וואָס פירט זיי צוריק אין לאַגער, איז טויט־שיכור. דער דאָזיקער היטער זייערער, וואָס האָט זיך געשדכנט צו דעם פארמערס טאָכטער, דעם אַרבעטס־געבערס איינציקער טאָכטער, פלעגט תמיד זיין באַזויפט. אָבער אַזוי שיכור ווי דאָס מאָל איז ער קיינמאָל ניט געווען. זעט זיך אויס, אַז ער איז דורכגעקומען מיט דעם רייכן דייטש בנוגע זיין טאָכטער און געפייערט דעם צוקונפטיקן שידוך אויף אַן עכט־פרייסישן אופן, מיט ביר, מיט היימישן שנאפס, און אַן ערזאַץ־פאנטש, וואָס האָט געיאָגט פון זיך מיט זויערקייט און ברעכעניש. דאָס געמיש פון די אַלע דריי זאכן האָט ביי אים אָפגעטויט אַלע געפילן, אפילו דעם הויש פון אחריות און נאצי־פליכט. ערשט שפעט אין אָוונט, ווען ער האָט זיך אויף אַזויפיל אויסגענילכטערט, אַז ער האָט זיך געקענט האַלטן אויף די פיס, האָט ער זיך דערמאָנט וועגן די אינטערנירטע, וואָס וואַרטן אין פעלד אויף זיינע באַפעלן. האָט ער

ערשט דאמאלס מיט אַ צוויי־שעהדיקער פארשפּעטיקונג גענומען זיי פירן אַהיים. ער האָט זיך געוואַקלט, געפאלן עטלעכע מאָל, געפירט מיט אומוועגן, און איז פארלוירן געגאַנגען ערגעץ נעבן אַ שענק, אַזוי, אַז די אַרבעטס־גרופּע האָט זיך אומגעקערט אין לאַגער אַליין.

לעאָן האָט געטראַכט, אַז דאָס איז די בעסטע געלעגנהייט צו מאכן פּיס. ער האָט געוווּסט, אַז די אָפּוועזנקייט פון ס.ס.־מאַן ביים צוריקקער פון דער גרופּע וועט צוציען די אויפמערקזאַמקייט פון לאַגער־קאָמענדאַנט, און מ׳וועט אים נעמען זוכן. מ׳וועט אים געפונען אַ טויט־שיכּורען און דערפון וועט ווערן אַ גרויסער סקאַנדאַל. דער קאָמענדאַנט וועט זיך נאָר וווּנדערן, אַז ניט מער ווי איינער האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט צו אַנטלויפן, און אָנשטאָט צו שטראָפן די איבעריקע, וועט ער גאָר זיי לויבן פאַר לאָיאַליטעט און דיסציפּלין. אים וועט עס גאָר חידושן, אַז ניט אַלע האָבן גענאָסן פון דער אויסערגעוויינלעכער מעגלעכקייט, וואָס האָט זיך פּשוט אָנגעוואָרפן. וועט ער באַשטראָפן דעם ס.ס.־מאַן, אָבער צו דער געהאָרכזאַמער קאמאנדאָ־גרופּע וועט ער קיין טענות ניט האָבן.

נעמענדיק דאָס אַלץ אויף אַ טיפן יישוב, האָט ער באַשלאָסן זיך אָפּצורייסן פון דער גרופּע און אַנטרינען אונטערן שוץ פון דער נאַכט.

ער האָט זיך געשאַרט, ווי אַ שאָטן, נעבן די מויערן פון שכנותדיקן שטעטל און זיך באַהאַלטן אין אַ טויער, אָדער ווינקל, ווי נאָר ער האָט דערהערט טריט פון דערוווייטנס; ביי יעדן רעש און רויש, וואָס איז צו אים דערגאַנגען, האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס זוכט מען אים אַרום, און אָט קומט מען אים נעמען. עס איז טאַקע געווען פינצטער, אָבער ביים ליכט פון אַ ברענענדיקן ציגאַרעט וואָלט מען דאָך פונדערוווייטנס געקענט שוין דערקענען די לאַנגע פּאַסן פון זיינע אַרבעטס־בגדים, אַלס אינטערנירטער. ער האָט געפילט, אַז זיין גרעסטער שונא איז איצט איז זיין פארשאָלטענער מלבוש, די פארדעטערישע פּאסן אויף אים. ווען ער קען אַזוי טוישן דעם אנצוג, אָנטון זיך אַ ציווילן בגד — וואָלט אים שוין קיינער ניט דערקענט. ער קען גוט דייטש, האָט בלאָנדע האָר

און בלויע אויגן, זעט ניט אוים ווי אַן אויסלענדער — ער וואָלט זיך שוין אַן עצה געגעבן.

ער האָט באַשלאָסן אַנצופאַלן פון הינטן אויף אַ דייטש אין ציווילע בגדים, דערשטיקן אים, און צונעמען ביי אים, אינאיינעם מיט זיין הינטיש לעבן, זיין ציווילן רעקל, זיינע ציווילע הויזן, און זיינע דאָקומענטן. אָבער, צום אומגליק, איז קיינער ניט פאַרביי־געגאַנגען אַליין. תמיד געווען עטלעכע מאַן אינאיינעם, אָדער אין צווייען, און ער האָט ניט געוואגט דורכצופירן זיין באַשלוס.

האָט ער געטראַכט זיך אַריינצוגנבענען אין אַ הויז און צו־נעמען אַ ציווילן מלבוש, צורויבן אַן אַלטן אַנצוג פון אַ דייטש און זיך איבערטון. ער האָט אַריינגעקוקט אין עטלעכע הייף, געזוכט אַ לייכטן וועג אַריינצוקריגן זיך אומבאַמערקט. די באַלעבאַטים זיינען נאכניט געשלאָפן. קאַרגע ליכט־שנורלעך האָבן אַרויסגעקוקט דורך די לאָדן, טראָץ די פאַרטונקלונג, און געוואָרנט אים קעגן אַ שלעכט־דורכגעטראַכטן באַשלוס. האָט ער זיך דעצידירט צו וואַרטן ביז מענטשן אין די הייזער וועלן ניט נוטיקן זיך מער אין ליכט און פאַרבלינען זיך מיט דער פינצטערקייט פון שפּעטער נאַכט.

אין איינעם אַ הויף האָט ער פּלוצים דערהערט טענער פון אַ פּיאַנע און אַ געזאַנג פון אַ פרוי, שטילע פּיאַנאָ־טענער באַגלייט מיט אַ זיסער פרויען־שטים. ער האָט זיך דערנענטערט. צוגעגאַנ־גען צום פענצטער פוואַנען די מוזיק און דאָס געזאַנג זיינען גע־קומען. אַ קול פון אַ יונגער פרוי. אַ באַקאַנטע מעלאָדיע. דאַכט זיך, זייער אַ באַקאַנטע מעלאַדיע, אַזעלכע באַקאַנטע, ליבע טענער.

ער האָט זיך פאַרטראַכט: ער האָט שוין לאַנג ניט געהערט אַ פרוי זינגען, שוין איבער אַ יאָר. זיין פרוי פלעגט אַזוי שיין זינגען, איינשלעפערנדיק דאָס קינד. איין יאָר ערשט, ווי מ׳האָט אים אַזוי ברוטאַל אַוועקגעריסן פון איר, פון קינד — און עס זעט עפּעס אוים ווי יאָרן לאַנגע, אומענדלעכע. ניין, ניט זיין פרוי זינגט עס. ניט זי. ווער ווייס צי זי קען נאָך זינגען, צי עס ווילט זיך איר נאָך זינגען, און צי זי קען זינגען אפילו ווען זי וויל; ווער ווייסט צי דער גורל האָט ניט אָפּגענומען ביי איר אינגאַנצן יעדן ווילן, אַפילו דעם ווילן צום לעבן? . . .

זי מוז זיין יונג די פֿרוי, האָט ער געטראַכט. זייער יונג: אַזאַ יונגע שטימע. און די מעלאָדיע? יאָ, אַזאַ באַקאַנטע, אַזאַ נאָענטע.

ער האָט זיך געשטעלט אויף די שפּיץ פֿינגער און צוגעשפּאַרט דעם קאָפּ צום לאָדן:

... איין מערכען פֿאָן אַלטען צייטען

דאַס קאָמסט מיר ניכט אַוס דעם זין...

ער איז אָפּגעשפּרינגען אויף אַ רגע:

— די לאָרעליי, פֿון היינען, די לאָרעליי;

ער האָט געהערט נאָך עטלעכע שורות פֿון דעם ליד און אונטערגעשפּרונגען:

— יאָ, היינריך היינעס באַרימטע ליד; איך זאָל אַזוי לעבן, פֿון דעם ייִד, היינע, דעם פֿאַרבאָטענעם דיכטער... די לאָרעליי;

עס איז אים געוואָרן זייער פֿריילעך אויף דער נשמה, ווי ער וואָלט ניט געווען עפּעס אַ פֿאַרדעכטיקער און פֿאַרפֿרעכערישער נאַכט־גזלן, נאָר ווי עפּעס אַ געבעטענער גאַסט אויף אַ היימישער שמחה. עס האָט אים באַהערשט אַ היימלעכקייט און אַן אָנגענע־מער געדאַנק איז אים באַפֿאַלן, וואָס האָט אים גענומען מאַטערן: „דאָס מוז זיין אַן אָרנטלעכע פֿרוי, אַן אויסנאַמסווייזע פֿרוי, אַ גוטע פֿרוי, זי וועט קענען העלפֿן, אַ גוטע פֿרוי”... ער האָט גענומען לאַכן פֿון דעם געדאַנק: „אַ גוטע פֿרוי — אין דייטשלאַנד, הא, האַ, הא?”... „זי איז ניט ווי אַלע”, האָט דער געדאַנק ווייטער געמאַטערט. „זי זינגט פֿאַרבאָטענע זאַכן, זי איז אַנדערש, וועט דיר העלפֿן”. זיין פֿאַרשטאַנד האָט זיך געוועדט קעגן דעמדאָזיקן געדאַנק: „אָבער זי איז אַ דייטשקע, אַ דייטשקע, אַ דייטשקע”. אָבער דער ערשטער געדאַנק האָט ניט נאָכגעלאָזן: „זי איז אַנדערש. זי זינגט ניט די ריטמישע און מאַרשנע נאַצי־לידער ווי אַלע פֿרויען, זי האָט ליבער פֿאַרבאָרגענע זאַכן, פֿון אַ ייִדישן אויטאָר דווקא. זי איז אַנדערש”.

ער האָט אויף אַ ווייל אויפֿגעהערט טראַכטן ניט וויסנדיק וועד עס איז געדעכט. פּלוצים האָט זיך אים אונטערגערוקט אַ פּשרהדיקער איינפֿאַל: „אפֿשר איז עס ביי איר אַ מאָמענט פֿון

פאַרגעסונג, אָדער פֿראָסטעסט? אפשר אַ שטימונג אַזאַ בײַ איר, וואָס איז ווערט אויסצונוצן, ווערט אויסגענוצט צו ווערן..."

אינסטינקטיוו, ניט ווּסנדיק אײַגענטלעך וואָס ער טוט, איז ער צוגעגאַנגען צו דער טיר און אַרײַנגעגאַנגען.

בײַ דער פּיאַנע, אויסגעדרייט צו אים מיטן רוקן, איז געזעסן די פֿרוי. זי האָט איבערגעריסן דאָס זינגען, איבערלאָזנדיק די הענט איבער די קלאַווישן, און אויסגעדרייט איר קאָפּ. דערזעענדיק דעם אויסטערלישן גאַסט, האָט זי ברייט געעפֿנט ס׳מויל, כדי עפּעס אויסצושרייען. נאָר, איידער זי האָט באַוויזן אַרויסצולאָזן אַ געשריי, איז ער צוגעלאָפֿן צו איר און פֿאַרשטופּט דאָס מויל מיט זײַן בײַ־נערדיקער האַנט. זי האָט זיך געוואָרט און אַרײַנגעשריגן שטיקלעך אַלאַרם־רופֿן, שטיקלעך פּראָטעסט און ייִדיש־ווערטער אין זײַן האַנט אַרײַן; זי האָט געפּרוּווט בײַסן, געוואָרפֿן זיך מיט די פֿיס, געדראַ־פּעט מיט די נעגל. לעאָן האָט זי אָבער געהאַלטן פֿעסט, שטייענדיק הינטער איר, און מיט דער צווייטער האַנט גענומען שטיקן בײַם גאָרגל, אַז זי זאָל ניט רופֿן נאָך הילף. דערנאָך האָט ער אַוועקגע־נומען די האַנט פֿון מויל און גענומען שטיקן מיט בײדע הענט. ער האָט איר ניט געוואָלט דערשטיקן, נאָר ווײַזן איר, וואָס עס וועט געשען, אויב זי וועט ניט זײַן רואיק און געהאָרכזאַם.

זעענדיק וואָס עס דראָט איר, האָט זי זיך באַרואיקט און גע־בליבן זיצן אָן באַוועגונג. לעאָן האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ לאַנגע שער, וואָס ער האָט באַמערקט אויפֿן טיש, און צוגעשטאַנען צו איר מיט אַ פֿראַגע:

— ווער איז דאָ אין הויז, אויסער דיר? זאָג, שנעל, שנעל, ווײַל...

— קיינער ניט, האָט זי געזאָגט אַ ציטערדיקע און הייזעריקע. קיינער ניט, אויסער דאָס קינד, אַ וויג־קינד נאָך.

— טאָמער איז ניט אמת, דערשטעך איך דיך, דערשטעך איך דיך מיט דײַן אייגענער שער.

— איך שווער.

לעאָן האָט זיך איראָניש צעלאַכט:

— אַ שבועה פון אַ דייטשקע, וואָס אַ ווערט? מעגסט טויזנט מאָל שווערן...

ער האָט איר געהייסן אויפשטיין. באַפוילן איר צו ווייזן די צימערן. ער איז נאָכגעגאַנגען, האַלטנדיק די שער נעבן איר, גרייט צו שטעכן. זי איז געגאַנגען און אויסגעפירט אַלץ, וואָס ער האָט איר געהייסן.

ניט געווען קיינער אין די שטובן, אויסער דאָס קינד. דאָס האָט אים באַרואיקט. דאָס קינד איז געשלאָפן. ער האָט זיך אַנידערגעשטעלט נעבן בעטל און זיך איינגעקוקט אין אים.

— איך האָב אויך אַ קינד, האָט ער זיך אָנגערופן צו איר פאַרטרויליך. ווען איך האָב פאַרלאָזן די היים, ס'הייסט... ווען מ'האָט מיך ברוטאַל אַרויסגעריסן פון מיין היים — איז מיין קינד געווען אין דער זעלבער עלטער, כמעט דערזעלבער... ווי אַלט איז דען דאָס קינד, הא?

זי איז געשטאַנען נעבן אים אַ ציטערדיקע, מיט אַן אויפגעהאַלטענעם אָטעם און ניט געוואַגט צו ריידן.

— וואָס ציטערסטו אַזוי? האָט ער זי געפרעגט. דו זעסט דאָך גאָרניט אויס אַזאַ שרעקעוודיקע.

— איך האָב מורא פאַר אייך. איר זעט אויס אַזוי שרעקלעך, האָט זי געשטאַמלט.

— אַזוי שרעקלעך, האָט ער איבערחזרט אירע רייד און איבערגעגאַנגען צו אַ העכערן טאָן: דאָס האָט איר דאָך געמאַכט מיך אַזוי שרעקלעך... אייערע ברידער, זיי האָבן עס טיר געמאַכט אויס מענטש.

— איך האָב מורא פאַר אייער שער, האָט זי געזאָגט מיט שרעק. באַהאַלט די שער, איך בעט אייך.

ער האָט איר געקוקט אַ ווייל אין די אויגן אַריין. זי האָט געהאַט בלויע אויגן און אַן איידל געזיכט, וואָס האָט געוועקט צוטרוי. ער האָט אַריינגעלייגט די שער צו זיך אין אויבער־טאַש און געענדערט דעם טאָן:

— איר זעט דאָך ניט אויס ווי אַ שרעקעוודיקע, אַז איר דערלויבט זיך צו שפּילן פאַרבאָטענע מוזיק; איר זייט דווקא אַ דרייסטע.

— וואָס האָב איך דען געשפּילט? האָט זי געפרעגט אַ באַרויִקטע.

— איר האָט געשפּילט אַ פּאַרבאָטענע זאַך.

— איך ווייס ניט וואָס איך שפּיל לעצטנס, און וואָס עס טוט זיך בכלל מיט מיר אין דער לעצטער צייט — האָט זי געציילט יעדע זילבע ריידענדיק און געשטעלט עטלעכע טריט איבערן צימער.

— פאַר שפּילן אַ „יידישע" מעלאָדיע קומט אייך קאַצעט, ווייסט איר? האָט ער אויף איר געקוקט בייז.

אַ לייכטער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף איר פּנים, אַ שמייכל געמישט מיט איראָניע:

— איר זייט דאָך זיכער ניט קיין געסטאַפּאָ־מאַן, אין אַזאַ בגד...

לעאָן האָט צוריקגעשמייכלט און מיט דערזעלבער איראָניע געענטפערט:

— איר קענט גאָרניט ווייסן; איר קענט ניט, זעט זיך אויס, די געסטאַפּאָ־מעטאָדן, זייערע היטלעריסטישע שמד־שטיק, אָבער איך קען זיי...

זי האָט לאַנגזאַם געשפּרייזט איבערן צימער און שטיין געבליבן נעבן גאַרדעראָבע־שפּיגל. זי האָט זיך פאַרראָכטן די האָר, און זיך אָנגערופן, ווי אין שפּיגל אַריין:

— זעצט זיך, איר מוזט זיין מיד.

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אינעם ווייכן פאָטעל און געקוקט אין שפּיגל אַ פאַרטראַכטער. זי האָט זיך אויסגעדרייט צו אים:

— וואָס זייט איר אַזוי פאַרטראַכט? האָט זי געפרעגט. האָט איר כאָטש גוטע כוונות, האַ?...

ער האָט ניט אויפגעכאַפּט דעם טאָן און דעם זין פון איר פראַגע און גערעדט ווי צו זיך:

— איך האָב אויך אַ פרוי... איך גלויב, אַז איך האָב נאָך אַ פרוי... און אין ענלעכן שפּיגל... איך גלויב, אַז ער איז נאָך פאַראַן... איך וועל זיך איינגיכן איבערציייגן... איך וועל גיין זוכן... אַזאַ יונגע פרוי, אַזאַ ליבע פרוי, און אַזוי קורץ געלעבט צוזאַמען... און אַזאַ טייער קינד...

— איר זייט ניט דער איינציקער, וואָס איז אומגליקלעך, האָט זי איבערגעריסן אַ געריררטע פון זיינע רייד. איך האָב אויך ניט לענגער געלעבט מיט מיין מאַן... ער קען אפילו דאָס קינד ניט...

זי האָט געהאַט טרערן אין די אויגן און ניט געקענט ווייטער ריידן. זי האָט צוגעטון אַ טיכל צו די אויגן און געווישט די טרערן. אירע טרערן האָבן לעאָנען שטאַרק איבערגענומען. דאָס האַרץ האָט אים ווי געטון. ער האָט געהאַט מיטלייד מיט איר, ווי ער וואָלט געווען שולדיק דערין. ער האָט בכלל באַדויערט, וואָס ער איז פּלוצים געוואָרן אַזוי סענטימענטאַל.

— אנטשולדיקט, האָט ער געזאָגט.

— ניטאָ וואָס צו אַנטשולדיקן, האָט זי ווייטער גענומען ריידן. איך ווייס אויך ניט צי איך האָב נאָך אַ מאַן... ער איז אַוועק אויפן פראָנט, קיין רוסלאַנד... אַן אָפיציר ביי סטאַלינגראַד... און קיין ניייעס ניט פון אים שוין אַזאַ לאַנגע צייט...

— מסתמא אַ געפאנגענער, האָט ער איר געפרווט טרייסטן.

— איך האָף. ער איז געווען תמיד אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט. תמיד אַ קעגנער פון נאַציזם. אפשר וועלן די רוסן אים לאָזן לעבן... האָט זי געזאָגט ווישנדיק זיך תמיד די אויגן.

— הלוואי וואָלט איך געווען אַזוי זיכער צו געפינען מיין פרוי און קינד, ווי איר אייער מאַן, וואָלט איך שוין געווען אַ גליקלעכער...

זיי האָבן ביידע געשוויגן אַ לענגערע צייט. ער האָט זיך אריינגעזעצט טיפער אין פאָטעל און געפילט ווי אַ היימישע וואַרעמקייט און געמיטלעכקייט צעגייט זיך פון דעם וויכן געזעס אין אַלע זיינע אברים און וויגט אים איין, מאַכט שווער זיינע אויגנלעדלעך. איר שטימע האָט אים אַרויסגעריסן פון דער פארשלאפנקייט:

— אפשר אַ גלעזל טיי? האָט זי געפרעגט. איר מוזט זיין דורשטיק.

—ניין, האָט ער געזאָגט. אַ דאַנק.

זי האָט ניט גענומען אין אַכט זיין ענטפער און אַריינגעגאַנגען אין קיך מאכן טיי. בלייבנדיק אַליין האָט אים פּלוצים באַפאַלן

אַן אומעט און אַ פּחד, וואָס האָבּן אים דערמאָנט אין דער ווירק־
לעכקייט. ער האָט זיך אויפגערים פון פּאָטעל, אוים מורא ער זאָל
ניט איינשלאָפן, און גענומען שפּרייזן אין דער ריכטונג פון דער
קיך. ער האָט מורא געקריגן, אַז די דייטשקע זאָל, חלילה, ניט
אויסנוצן זיין שוואַכקייט און פאַרטראַכטקייט און לויפן אַלאַרמירן די
שכנים, איבּערגעגבּן אים אין די הענט פון געסטאַפּאָ. ווער וויים —
אַ דייטשקע דאָך!

אַריינקומענדיק אין צווייטן צימער האָט ער פּלוצים דערהערט
איר ברומען, וואָס איז געקומען פון קיך. ער האָט דערקענט די
מעלאָדיע, די זעלבּע וואָס האָט אים פריער אריינגעלאָקט אַהערצו,
דעם דאָזיקן ניגון — ווען ער האָט צו פאַרדאַנקען אַזעלכע
מענטשלעכע איבּערלעבּונגען און היימישע דעריגערונגען.

— „אפשר אַ גלעזל טיי? איר מוזט זיין דורשטיק”... מיך
האָט מען עס געפרעגט מיט אַ זיסער פרויען־שטים? מיך, דעם
קרעציקן העפטלינג, וואָס מ'קאָרמעט מיט אַ טעפּל שיטערע זופּ
זייט אַ יאָר צייט... מיך... מיט אַ זיסער פרויען־שטים, און אָן
קללות, אָן אַ בּייטש, אָן אַ רעוואָלווער־מויל בּיים שלייף... בּאָר
מיט אַ זים פרויען־שטימעלע: „אפשר אַ גלעזל טיי”... ניט אַ
גלאָז, בּאָר אַ „גלעזל”, אַ גלעזל — ווי פאַר אַ קינד... „איר
מוזט זיין דורשטיק”... מוזט זיין דורשטיק, מיין קינד... א פּ ש ר
אַ ג ל ע ז ע ל ע ט י י, מ י י ן ק י נ ד?...

ער איז געגאַנגען לאַנגזאַם, געשטעלט די פים צום טאַקט פון
איר ברומען, און געדאַכט האָט זיך אים, אַז זי ברומט:

„אפשר אַ גלעזל טיי, מיין קינד,

אפשר אַ גלעזל טיי?”

ער איז פאַרבּייגעגאַנגען די פּיאַנע. די דעק איז געווען אָפן
און די שוואַרץ־ווייסע קלאַווישן האָבּן פּראָוואָצירט, אָנגעוואָרפן
זיך. ער האָט גענומען קלאַפּן מיט די פינגער צום טאַקט פון דער
מעלאָדיע, פון די ווערטער, וואָס האָבּן אים געקלינגען אין די
אויערן און אויסגעפּולט דעם חלל. ער האָט זיך איבּערגעזעצט און
גענומען שפּילן מיט בּיידע הענט, אַזוי ווי ער פלעגט עס טון

אַמאָל, ווען ס׳האָט געמעגט שפּילן אַלץ וואָס מ׳האָט געוואָלט און ווי מ׳האָט געוואָלט.

„איך ווייס ניכט וואָס זאָל עס בעדויטען,

דאַסס איך זאָ טראַוריג בין...״

האָט ער געהערט ווי זי זינגט אַריין אין זיין אויער אַריין.

— „טראַוריג?״, האָט ער געפרעגט, אויסדרייענדיק דעם קאָפּ צו איר. פאַרוואָס: „טראַוריג?״ מעקט אויס דאָס וואָרט, מעקט עס אויס! ניכט טראַוריג, ניכט טראַוריג...

— שפּילט, האָט זי זיך געבעטן. איר שפּילט עס אַזוי גוט. אַזוי ווי מיין היינע. ער האָט אויך אַזוי גוט געשפּילט... ער האָט אַזוי ליב געהאַט תמיד דאָס דאָזיקע ליד... תמיד, ווען איך שפּיל עס, דאכט זיך מיר, אַז ער זיצט נעבן מיר, ווי אַמאָל, און איך טו אים פאַרכישופן דערמיט, ווי די לאָרעליי אין ליד... מיט וואָס לעב איך דען איצט מער, ווי מיט דערינערונגען; אַלע האָפּענונגען האָבן פאַרראַטן, אַלע האָפענונגען, אָבער די דערינערונגען — ניט...

לעאָן האָט געשפּילט רואיק, שטימונגספול, אַריינגעלייגט זיין נשמה אין יעדן קלאַנג, אין יעדן האַלב- און פערטל-קלאַנג. ער האָט קוים געהערט וואָס זי רעדט אים אַריין אין אויער:

—היינע איז אַ גרויסער ליבהאָבער פון קונסט, פון מוזיק, באַזונדערס פאָלקס-מוזיק, אַנומלט איז ער פאַרבייגעגאַנגען אונדזער גאַס, האָט ער געהערט פונדערווייטנס ווי איך זינג „די לאָרעליי״. איז ער געגאַנגען נאָכן קול... ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט נאָך אַזאַ שיינע און האַרציקע שטימע קיינמאָל ניט געהערט... ער האָט זיך מיט מיר פאַראינטערעסירט, געלערנט מיד די שיינקייט פון קונסט, פון ליד, פון פאָלקלאָר, פון אַלע לידער, אַן אונטערשייד פון זייער אָפּשטאַם און אויטאָר, אַן אנטערשייד... לשם קונסט...

זי האָט צוגערוקט אַ שטול צו דער פּיאַנע, זיך צוגעזעצט און גענומען לויפן מיט אירע פינגער איבער די קלאַווישן, איבער דער לינקער העלפט פון פּיאַנע. אירע פינגער פלעגן זיך אָפּט פאַרטשעפּן אין לעאָנס, איר עלנבויגן האָט אים אָפט אַ פריינטלעכן

שטוים געטון; טיילמאָל פלעגט זי אַריבערוואַרפן אירע ווייסע אָרעמס איבער זיינע הענט און אויסכאַפּן אַ קלאַוויש, עטלעכע קלאַווישן זיינע, און לאַכן איינציייטיק, לאַכן אים אין פּנים אַריין, פריינטלעך און שטיפעריש.

* * *

ער איז געשלאָפן אַ מידער און פאַרמאַטערטער ביז שפּעט אין פרימאָרגן אַריין. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז זי שוין ניט געווען נעבן אים. זי איז פאַרשוואונדן פון שטוב אינאיינעם מיטן קינד. ער האָט גאָרניט געהערט ווי זי איז אַרויסגעגאַנגען.

אַ פּחד איז אים באַפאַלן. ער איז געווען זיכער, אַז זי איז געגאַנגען נאָך פּאָליציי, נאָך געסטאַפּאָ; אַז אָט קומט זי צוריק און הייסט אים נעמען, צוריקפירן אין לאַגער, אָדער פירן צו דער תּליה.

אויפן טיש האָט ער געפונען אַן אַנצוג און אַ צעטעלע, געשריבן דורך דער פרוי: „אַ שיינעם דאַנק אייך פאַר אַזאַ אומדערוואַרטערטער נאַכט. איך וועל זי קיינמאָל ניט פאַרגעסן... דאָ האָט איר מיין מאַנס צווילן אַנצוג, טראָגט אים געזונטערהייט... איך האָב אייך אייגענטלעך געוואָלט איבערגעבן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ, נאָר איך האָב ניט געוואַגט... איר האָט עס פאַרדינט צוליב דער שער, צוליב דראָען אַ הילפלאָזע פרוי מיט אַ שער... און באַרויבן אַ דייטשע פרוי פון איר שטאָלץ... דאָס אַלץ, וואָס כ׳האָב דערציילט וועגן מאַן מיינעם איז ניט אמת, ניט אמת, קיין וואָרט ניט, קיין וואָרט ניט... אַנטלויפט גיך; איידער איך וועל ענדערן מיין באַשלוס, איידער איך וועל חרטה האָבן!... און טאָמער שיק איך אייך ניט צוריק אין לאַגער, דאָס פּאַסיקסטע אָרט פאַר אייך — איז עס נאָר אַ דאַנק דער „לאָרעליי“, דעם פרעכטיקן שפּילן אייערן, דעם כּישוף וואָס איר האָט אַרויסגעצויבערט פון דעם ליד... דאָס האָט די לאָרעליי געטון!”

ער האָט געלעזן די ווערטער פון צעטל און ניט געגלייבט זיינע אייגענע אויגן. ער האָט זיך גיך איבערגעטון און איז אַרויסגעלאָפן פון הויז, אַרומקוקנדיק זיך אין אַלע זייטן, ווייל ער האָט

ניט געגלויבט, אַז דאָס וואָס זי שרייבט איז אמת, אַז זי איז באמת ניט געגאַנגען רופן פּאָליציי...

ער איז גיך אַרויסגעלאָפן הינטערן שטעטל, כדי צו זיין וואָס ווייטער פון געפאר. ער איז געלאָפן מיט אַלע כוחות, אַרויף אויף אַ פאַרוואַקסן וועגל, צווישן הויכן גראָז, און ווען ער האָט שוין ניט געזען הינטער זיך קיין סימן פון דעם פאַרלאָזענעם שטעטל, האָט ער זיך אַנידערגעלייגט צווישן גראָז, און לייכטער אָפּגעאָטעמט.

# די שוואַרצע קאַץ

ווי יעדעס מאָל איז נעבעך די נאַכט אויך אויפגעשטאַנען, אַראָפּגעשאַרט זיך רואיק פון איר שטאָקיקער פּריטשע, אַ ציי געטון דעם טוכענעם צודעק, אונטער וועלכן זי איז געלעגן, אַרויפגעצויגן אויף זיך, און אַרויסגעשאַרט זיך פון באַראַק. עס איז געווען קאַלט. עס איז ערשט געווען פרי־הערבסט, אָבער די קעלט איז געווען ווייניקסטנס אַ מיטן־ווינטערדיקע. נעבעך האָט זיך איינגעהילט אינגאַנצן אינעם טוך, צונויפגעצויגן איר צעשווימענעם גוף, אַזוי אַז זי זאָל זיך קענען איינוויקלען דערין צווייטמאָל אַרום און אַרום, גענומען זיך שאַר; ווי אַ שאָטן צווישן די באַראַקן צו דער קיך צו.

זי האָט עס געמאַכט רואיק, כדי קיינעם ניט איבערצוּוועקן, חלילה, כדי קיינעם ניט צו שטערן אין שלאָף. אָבער דאָך איז כמעט קיינער ניט געשלאָפן, ווען זי פלעגט אַרויסגיין, כאָטש עס פלעגט שוין זיין שפּעטע נאַכט. מ'איז ניט געשלאָפן, כדי ניט צו פאַרשפּעטיקן נעבעס צוריקקומען. מ'האָט געוווּסט, אַז ווען נעבעך וועט צוריקקומען, וועט זי ברענגען מיט זיך ברעקלעך עסנוואַרג, וואָס זי וועט אַרויסציען פון מיסט־קאַסטן און פון באַרג מיט אָפּפאַל נעבן דער קיך. תמיד, אַרום האַלבע נאַכט, ווען די קוכערס גייען שלאָפן און די ווענטער פאַרמאַכן זיך אין זייערע וואַרביידלעך — פאַרגנבעט זיך נעבעך צו דעם מיסט־קאַסטן און צום באַרג מיט אָפּפאַל, ווו עס זאַמלען זיך אָן די רעשטלעך און אַלערליי אָפּפאַלעכץ פון קיך, במשך פון גאַנצן טאָג — און זי קלויבט אויס שטיקלעך קאַרטאָפל־שיילעכץ, שטיקלעך קרויט־בלעטער, ברעקלעך פאַרשימלטע ברויט, שווענצלעך פון קילעריפּן,

שטיקלעך ביינער, און פֿאַרשידענערליי זאַכן, וואָס אַן אויסגעהונגער־טער מאָגן קען ארייננעמען. זי לייגט דאָס אַלעס אינעם מויל, וואָס זי נעמט אַראָפּ פֿון זיך, פּילט אָן, נעמט צונויף די עקן פֿונעם טוך, און ברענגט צו שלעפּן אין באַראַק אַריין.

און אויסגעשטרעקטע הענט וואַרטן שוין אויף איר און ציען זיך צו איר פֿון אַלע זייטן, פֿון די אויבערשטע פּריטשעס, פֿון די אונטערשטע, און פֿון די געלעגערס, וואָס געפֿינען זיך אויף דער גאָלער ערד.

— נאַט אייך, קינדער — פּליסטערט זי אַ צופֿרידענע און גליקלעכע, דערלאַנגענדיק פֿון פּעקל אַרויס אין די אויסגעשטרעקטע הענט — פֿאַראַן גוטע זאַכן, קינדערלעך...

מאַנכע דינגען זיך מיט איר:

— ערשט נעכטן געהאַט אַ פֿאַרפֿוילטן רעטעך,

— שוין דריימאָל נאָכאַנאַנד קריג איך אַ זאַמדיקן קרויט־וואָרצל,

— אפשר פֿאַראַן אַ מאַרך־ביינדל?

— איך קריג קיינמאָל קיין מארך־ביינדל ניט,

— פֿאַרוואָס זיינען אַנדערע בילכער, פֿאַרוואָס?...

נעכע באַמיט זיך אַלעמען צופֿרידנצושטעלן:

— נאַדיר, מלכה־לעבן, אַ שטיקל קילעריפּ, אַ רויער קילעריפּ, אַ געזונטער, אַ סך צוקער אין אים, ס׳חיות, מלכהלע...

— נאַדיר אַ פּושקע פֿון סאַרדינען, פֿאַראַן סאַרדינען־אייל אין די ווינקלען, און סאַרדינען־שיפּן, לעק אויס צירעלע, באַלעק זיך, נאָר גיב אַכטיק אויף דער צונג, צירעלעבן...

— נאַדיר אַ ביין, אַ מאַרך־ביין, דאָבעלע, מיין אויג אין קאָפּ; פֿאַראַן מאַרך אין אים, זויג אויס, נאָג אויס דעם מאַרך, דאָבע־לעבן!...

זי דערלאַנגט כסדר ביז צום לעצטן שטיקל אָפּפֿאַל און דער־מאָנט די נעמען פֿון אירע קינדער, וואָס מ׳האָט דערמאָרדעט אין אירע אויגן; און איר דאַכט זיך, אַז זי קאַרמעט ניט פֿרעמדע מיידלעך, וואָס געפֿינען זיך מיט איר אינעם זעלבן באַראַק, נאָר אַז דאָס קאָרמעט זי אירע טעכטערלעך, אירע אָרעמע קינדערלעך,

ווי זי וואָלט זיי נאָך תמיד געהאַט נעבן זיך. טײלמאָל פאַרגעסט זי אפילו אין זיך אַליין, ווי אַ גוטע מאַמע, און האָט קיין פאַרדרוס ניט צוליב דעם. זי באַדויערט נאָר, אַז ניט תמיד קען זי צופרי־דנשטעלן די אַפּעטיטן פון די „קינדערלעך“. זי וואָלט גערן גע־גאַנגען נאָכאַמאָל כדי צו ברענגען פרישע זאַכן, אָבער געווייגלעך לוינט עס ניט. ניט נאָר זי אַליין קומט זוכן אינעם מיסט־קאַסטן. פאַראַן אַנדערע, פון אַנדערע באַראַקן אויך. ווייל זי, אַז עס זאָל פאַר זיי אויך בלייבן. און עס איז ניט ווערט אויסצושטעלן זיך צווײמאָל אין איין נאַכט אויף אַ סכנה...

ליגן זיי אַלע אויפן געלעגער און טראַכטן וועגן דעם, וואָס נעכע וועט דאַסמאָל ברענגען, און דאָס לעצטע ביסל שפּייעכץ קומט זיי אין מויל אַריין, און לאָזט ניט איינשלאָפן.

* *
*

נאָר געציילטע צווישן זיי שלאָפן יאָ, ווילן יאָ שלאָפן; זיי ווילן אָבער איינשלאָפן אויף תמיד און מער ניט אויפשטיין. זיי זיינען קראַנק, פאַרמאַטערט פון דער שקלאַפן־אַרבעט און הונגער, און קענען שוין ניט טראַכטן וועגן גאָרניט, סיידן — וועגן טויט. ליגן זיי אויף די האַרטע פּריטשעס און ווינטשן זיך דעם טויט; ליגן מיט צוגעמאַכטע אויגן, האַלב־שלאָפנדיק, און ווינטשן זיך דעם טויט.

זיי זיינען בייז אויף נעכען, וואָס מאַכט אַ רעש אינמיטן נאַכט און לאָזט ניט שלאָפן, לאָזט ניט אויסוואַרטן דעם טויט שלאָפנ־דיקערהייט.

— געוואַלד, ברומט איינע מיט אַ האַלב־געחלשטן קול, לאָזט צורו, פאַרוואָס פאַרגינט איר ניט? איך וויל שטאַרבן... לאָזט שטאַרבן... פאַרוואָס לאָזט איר ניט שטאַרבן?...

— ניט באַשערט אויסצוגיין במנוחה, קרעכצט איינע פון אַ שטאָקיקער פּריטשע אַראָפּ, מיט אַ קול ווי פון קבר אַרויס — איך וואָלט וועלן שטאַרבן שלאָפנדיק; עס מוז זיין אַזוי גוט צו שטאַרבן בשעת שלאָף...

— פוואַנען ווייסט איר? פרעגט איר שכנה מיט אַ קוויטשענ־דיקער שטימע, ווי אַ ניט־געאײלטע טיר — איר זייט שוין אַמאָל געשטאָרבן?

— געזען ווי בלומע, די שאַוולער, האָט זיך נעכטן געפײניקט, ווען זי איז געפאַלן פון די כוחות בשעת אַרבעט, ווי זי האָט שעהנלאַנג געגוססט אינעם קויטיקן פעלד, שעהנלאַנג געראַנגעלט זיך מיטן טויט — וויל איך בעסער שטאַרבן ביי זיך אויפן געלע־גער, שלאָפנדיק... עס מוז ניט וויי־טון ווען מען שטאַרבט בשעת שלאָף...

— און מ'הויבט זיך אויף אין דער פרי — האָט זיך ווידער געהערט די קוויטשענדיקע שטימע פון דער שכנה — און מ'זעט, אַז מ'איז געשטאָרבן, אַז מ'לעבט ניט מער; עס מוז זיין זייער אַן אַנגענעם געפיל...

— טאָמער איז עס טאַקע אַזוי, האָט איינע פון אַ ווינקל־געלעגער אויף דער ערד זיך אַריינגעמישט — זאָלט איר שיקן אַ דעפעשע פון יענער וועלט...

— עס מוז זיין אַזוי אַנגענעם צו שטאַרבן אין שלאָף, מ'פילט גאָרניט, מ'ווייסט גאָרניט, מ'וועקט זיך אפילו ניט איבער — האָט זיך געהערט דער קול ווי פון קבר אַרויס. אַזוי זיינען אויסגעגאַנגען ערשט אייערנעכטן די צוויי סלאָנימער שוועסטערלעך, ווי זיי וואָלטן זיך צונויפגערעדט, אויסגעהויכט די נשמות אָן אַ פיפס, אָן אַ קרעכץ... עס מוז זיין גוט צו שטאַרבן אינעם שלאָף.

— און ווען מ'שטייט אויף אין דער פרי, זעט מען אַז מען לעבט ניט מער, האָט זיך ווידער דערהערט דער שכנהדיקער קוויטש. עס מוז זיין באמת אַ פאַרגעניגן.

— לאָזט שלאָפן, האָט זיך ווידער געהערט דער קול ווי פון קבר אַרויס. לאָזט שלאָפן...

— לאָזט שלאָפן, האָט איינע אונטערגעכאַפּט מיטן זעלבן קול...

— לאָזט שלאָפן, האָבן עטלעכע תחינהדיקע קולות באַהאַפטן זיך צו זייער געבעט, לאָזט שלאָפן...

— און קלאַפּט אַ דעפּעשע, האָט זיך געהערט דער פריערדי־
קער קול פון ווינקל אַרויס...

— אַ דעפּעשע, האָבן עטלעכע מיילער אונטערגעכאַפּט פון
אַלע זייטן.

— אַ דע־פּע־שע, האָט אַ בייזוויליקער ווידערקויל נאָכגע־
שפּעט און אויסגעפּולט דעם חלל מיט גאַל, מיט גרילץ און מיט
דערוואַרטונג.

* *
*

פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ רעש. די טיר האָט זיך לייכט
אָפּגעלענט און גיך פאַרמאַכט. הונדערט הויט־און־ביינערדיקע ליי־
בער האָבן זיך אויפגעזעצט מיט די לעצטע כוחות אויף די געלע־
גערס און צוויימאָל אַזויפיל הענט־שמעקעלעך האָבן זיך גענומען
ציען אין דער פינצטער צו דער טיר צו.

— אַ קאַץ! האָט נעבע אויסגעשריגן אַ דערשראָקענע און
ציטערדיקע, מיט אַן אנדערן קול ווי אַלעמאָל. אַ קאַץ!

— מיר אַ שטיקל! האָט איינע אויסגערופן.

— מיר אַ שטיקל! האָט אַ צווייטע אונטערגעכאַפּט.

— מיר אַ שטיקל! שוין לאַנג ניט געגעסן אַ שטיקל פלייש.

— מיר דעם בייליק, שוין לאַנג ניט געגעסן אַ שטיקל ביילק!

— מיר אַ שטיקל ברוסטל, שוין לאַנג ניט געגעסן אַ שטיקל
ברוסטל!

— מיר די קישקעלעך, שוין לאַנג ניט געגעסן קיין קישקעלער!

— מיר דעם פּופּיק, אַ גוטע זאַך אַ פּופּיקל!

— מיר דאָס לעבערל, אַ גוטע זאַך אַ לעבערל!

— זאָל שוין זיין אַ ריפּל, אַבי אַ שטיקל פלייש, איך פאַל פון
די פיס!

— זאָל שוין זיין אַ פיסל, אַבי עפּעס אין מויל אַריין, די
נשמה גייט אויס!...

צעגדליקער קולות האָבן זיך געהערט און נאָכאַמאָל אַזויפיל
הענט און אויגן האָבן זיך געצויגן צו דער טיר און פאַרלאַנגט, און
געבעטן, און געבעטלט, און געזיפצט, און פאַרלוירן די גערולד:

— וואָס איז דער מער היינטצונאַכטס, נעבע?

— וואָס איז דער מער? !
— וואָס איז? !
— נעכע? !
— נע . . .
— כ־כ־כע . . .
— הא?
— הע?

נעכע האָט זיך ניט באַוויזן פון אָרט און געשטאַנען צוגע־דריקט צו דער טיר, אַ ציטערדיקע, און איבערחזרט זיפצנדיק, יעדעס וואָרט — אַ זיפץ:

— אַ קאַץ. אַ קאַץ. אַ קאַץ !

— זאָל זיין אַן אויער, האָט עמעץ צוריקגעזיפצט בשכנ׳ת ציט ניט אויס די נשמה.

— זאָל זיין אַן אויג אָפּצונאָטשן, זאָל זיין אַן אויג, כ׳בין אַזוי הונגעריק, האָט אַן אַנדערע מיטצוריקגעזיפצט. זאָל זיין אַן אויג. אַ קעציש אייגל, אָרער . . .

— אַ ביינדל, אַ גאַקעט ביינדל, האָט אַ דריטע אויסגעכאַפּט ביי איר פינף זיפצן.

נעכע האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט אין דער טיר און אויסגעבראָכן מיט אַ ביטער געוויין:

— אַ שוואַרצע, אַ שוואַרצע קאַץ !

אַלע זיינען שטיל געוואָרן און אויפגעהאַלטן דעם אָטעם.

— אַ שוואַרצע קאַץ, אַ שוואַרצע קאַץ, האָט נעכע איבערחזרט צווישן איין כליפּע און די צווייטע, מיט א ציטער אין יעדער זילבע.

קיינער האָט ניט געוואַגט צו אָטעמען און די אויסגעשטרעקטע הענט האָבן גענומען ציטערן צום טאַקט פון נעכעס קול.

— אַ שוואַרצע קאַץ איז דורכגעלאָפן איבערן וועג . . . אַ שוואַרץ מזל, אַ שוואַרץ מזל . . . בין איך צוריקגעלאָפן, ניט דער־גאַנגען ביזן מיסטקאַסטן . . . אַ שוואַרצע קאַץ — ניט מזלדיק, ניט מזלדיק . . . גאַרניט געבראַכט, גאַרניט . . .

זי איז אויסגעבראָכן מיט אַ פריש געוויין, אַ ווילד געוויין, וואָס האָט פאַרהילכט די זיפצן פון די מיידלעך און זייער וואַרפן

זיך אויף די גלעגערס. זיי האָבן אַרייַנגעצויגן די אויגן טיף אין קאָפּ אַריין און אַראָפּגעלאָזן די הענט פון ביידע זייטן פּריטשע, שווערע, בלייענע הענט, ווי זיי וואָלטן געגאַנגען זיך אָפּטשעפּן פון קערפּער און אַראָפּפאַלן אויפן ערדענעם דיל.

עס איז געווען שטיל.

נעבע האָט פאַרשטופּט זיך דאָס מויל מיט איר טוך און גע־וויינט אין זיך.

עטלעכע מיידלעך האָבן זיך געוואָרפן אויף די גלעגערס און דאָס האָלץ פון געשטעל האָט געסקריפּעט.

עמעץ האָט געהוסט.

נאָך עמעץ האָט געהוסט.

עמעץ האָט געגענעצט.

נאָך עמעץ האָט געגענעצט.

עמעץ האָט געלאָזט פאַלן משונהדיקע בויך־קלאַנגען.

נאָך עמעץ האָט געלאָזט פאַלן משונהדיקע בויך־קלאַנגען.

נאָך עמעץ.

עמעץ האָט זיך אָנגערופן פּלוצים:

— געדאַרפט נאכצויאָגן די קאַץ, און כאַפּן, דערשטיקן און ברענגען אַהערצו. צערייסן. צערייסן אויף פּיץ־פּיצלעך...

נאָך עמעץ האָט זיך אָנגערופן:

— געדאַרפט כאַפּן דעם שוואַרצן מזל און דערשטיקן, דער־ווערגן. דערהרגענען דאָס שוואַרצע מזל, הא־כא. דערווערגן. הרגענען איינמאָל פאַר אַלעמאָל דאָס שוואַרצע מזל.

נאָך עמעץ:

— איך בין הונגעריק. און זי דערציילט אַ מעשה מיט אַ שוואַרצער קאַץ. באָבע־מעשיות.

נאָך עמעץ:

— שוין לאַנג ווי אַ שוואַרצע קאַץ איז דורכגעלאָפן אונדזער וועג, אונדזער לעבן, אונדזער לייב. ניט היינט. אַן אַלטע געשיכטע. אַלט ווי דער גלות!

נאָך עמעץ:

— מען מוז זי כאַפּן די שוואַרצע קאַץ, ווײַל ווי אַזוי קען דאָס
מזל איבערדרייען, איבערקערן זיך?
נאָך עמעץ, מיט אַ קול ווי פון קבר אַרויס:
— לאָזט שלאָפן. לאָזט שלאָפן. לאָזט שלאָפן.
מיט פאַרשיידענע קולות:
— לאָזט שלאָפן.
— לאָזט שלאָפן.
— לאָזט־שלאָפן.
— לאָזטשלאָפן.
— לאָזט.
— שלאָפן.
מיט אַ קוויטשענדיקן קול פון אַ ווינקל־געלעגער:
— און קלאַפּט אַ דעפּעשע...
מיט אַ סקריפּ אין טיר.
מיט טריט.
מיט טריט, וואָס דערווייטערן זיך.
מיט שטילע, ציטערדיקע טריט, וואָס יאָגן זיך צווישן די באַ־
ראַקן, און קומען אַוועק.
מיט טריט, וואָס וועקן האָפענונג און טרייבן דאָס לעצטע
ביסל שפּייעכץ אין מויל אַרײַן.

* *
*

לאַנג האָבן די מיידלעך געוואַרט אויף נעבעם ווידער־צוריקקו־
מען. עס זײַנען אַדורך איין שעה נאָך דער צווייטער, גרויסע מעת־
לעתיקע שעהן.

הענט האָבן זיך ווידער גענרייט זי אויפצוגעמען מיט שטיקלעך
אָפּפאַל, שטיקלעך קאַץ, און אויגן האָבן זיך געצויגן צו דער טיר
און געוואָלט אַרויס פון די אויגן־גריבער. אָבער אַנשטאָט צו זען
נעבען אַ צוריקגעקומענע מיט ברעקלעך פון מיסט־קאַסטן — האָבן
זיי געזען אַ גרויסע, שוואַרצע קאַץ אויפן שוועל, אַ שוואַרצע, קוד־
לאַטע קאַץ, וואָס פאַרשטעלט אַלעס, מאַכט בלינד. וואָס לענגער
זיי האָבן געקוקט, וואָס שוואַרצער איז די קאַץ געווען, וואָס ווינ־
ציקער האָבן זיי געזען.

דערנאָך איז די שוואַרצע קאַץ אַוועק פון דער טיר, פון דער שוועל, און אַרונטערגעקראָכן אונטערן שאַרבן, און געשווערט מיט איר שוואַרצקייט און געקריצט מיט די שוואַרצע נעגל דעם מוח, געפרעסן מיט די שוואַרצע ציין שטיקער מוח, אויפגעפרעסן די לעצטע ברעקלעך האָפענונג.

האָבן זיי געוואָלט איינשלאָפן, כדי ניט צו פילן די שווערקייט, ניט צו פילן דאָס געקריץ, ניט צו פילן דאָס געפרעס, און דאָס אויפגעפרעס פון די לעצטע ברעקלעך האָפענונג. אָבער דער שלאָף איז ניט געקומען.

נעבע — אויך ניט.

# ז י ו ו ג

נאָר דורך אַ צופאַל האָבן זיי זיך אָפּגעפונען. דערזעלבער צופאַל וואָס האָט געוואָלט, אַז זיי זאָלן בלייבן לעבן, האָט אויך געוואָלט, אַז זיי זאָלן זיך באַגעגענען. ער איז געווען אין בוכענוואַלד און זי איז געווען אין אוישוויץ בשעת דער באַפרייאונג. ביידע האָבן געוואַרט, מיט אַ נומער אויף די אָרעמס, אויף דער ריי אין אויוון אַריין, ווי זייערע עלטערן מיט אַ צייט פריער, ווי זייערע ברידער און שוועסטער אין די פאַרשיידנסטע לאַגערן פון טויט און אויסראָטונג. צום ווייניקסטן האָבן זיי זיך גערעכט אויף באַפרייאונג, אויף לעבן. זיי האָבן, יעדער באַזונדער, אין אייגענעם לאַגער, געטראַכט דאָסזעלבע, כאָטש זיי האָבן זיך ניט צונויפגעשמועסט, ניט אָפּגערעדט זיך פון פאָרויס וואָס צו טראַכטן. זיי האָבן בכלל גאָרניט געוווּסט איינער פון צווייטן.

זיי האָבן געטראַכט וואָס פאַרא טויט דערוואַרט זיי. צי וועט זיי אויסקומען אומצוקומען פון הונגער, אָדער דערשעפּונג, פון האַרץ־ברעכעניש, גיפט, אָדער פייער, צי פון טיפוס — אָדער גאָר מיט אַלע טויטן אינאיינעם, מיט אַלע טויטן מיטאַמאָל. עס איז שוין ניט געווען קיין אונטערשיד. נאָר אַ סוף זאָל עס נעמען; וואָס גיכער; סיידוי איז ניטאָ שוין פאַר וועמען צו לעבן. געזען אויף אייגענע אויגן ווי מ'האָט זיי געפּייניקט, פאַרפּייניקט, דעם טאַטען, די מאַמען, די ברידער, די שוועסטער. מסתמא וועט אויסקומען צו שטאַרבן מיט איינעם פון זייערע טויטן, אָדער מיט עטלעכע טויטן מיטאַמאָל. אָדער מיט טיפוס, מיט טיפוס... מען ליגט עטלעכע וואָכן אינעם באַראַק, צווישן אַלעמען, צווישן געזונטע, אָן וואַסער, אָן ברויט, אָן רפואה, אָן אַ גוט וואָרט...

קללות קומען דעמאָלט ווי באַלזאַם, און זיינען מקצר די יאָרן, די טעג, די שעהן. אַלע אינעם באַראַק פאַרשעלטן דעם קוואַל פון אנשטעקונג. זיי ווילן ניט שטאַרבן פון טיפוס; מיט אַלע טויטן, גאָר ניט מיט טיפוס. שעלטן זיי און טרייבן אין גרוב אַריין די סיבה פון זייער פּחד...

— אַזוי איז די מאַמע געשטאָרבן. געוואָלט זיך טיילן מיטן ברויט, מיט דער שיטערער זופּ, מיטן וואַסער. זי האָט אָבער ניט געוואָלט נעמען, גאָרניט געוואָלט נעמען... „האַלט עס פאַר דיר. זע דיך צו ראַטעווען. דו ביסט יונג, אפשר וועסטו איבערהאַלטן. עס דו אַלעס אויף געזונטערהייט. אפשר לעבט נאָך ערגעץ דיין מושהל? דו האסט נאָך אפשר פאר וועמען צו לעבן?". אַזוי האָט די מאַמע געזאָגט, און אָפּגעשטויסן דאָס עסן. און אַזוי אויסגע־הויכט איר לויטערע נשמה...

— און אַזוי איז מיין טאַטע אַוועק פון דער וועלט. ער האָט ניט געוואָלט עסן. אַז די מאַמע לעבט ניט מער, האָט ער געזאָגט, איז נאָכוואָס לעבן; נאָכוואָס? איך האָב אַוועקגעגעבן דאָס גאַנצע עסנוואַרג, מיינס און דעם טאַטעס, דעם רעוויר־באַדינער פאַר עטלעכע אַספּירין טאַבלעטן. האָט ער ניט געוואָלט איינגעמען, „מסתמא איז אַזוי באַשערט. אַזאַ גזר דין פון אויבן, אַזאַ". און ער איז נפטר געוואָרן מיט די אַספּירינדלעך אין האַנט, מיט שטיקלעך ווידוי אויף די ליפּן, און מיט ברכות פאר אונדז ביידען, פאַר מיר און דיר; יאָ, פאַר דיר אויך; ער האָט עטלעכע מאָל דערמאָנט דיין נאָמען...

עס איז געווען ליכטיק, כאָטש עס איז געווען נאַכט. אַ גרויסע לבנה, אין אַזאַ פאָרם ווי זי איז געוויינלעך האַלב־חודש, איז געשטאַנען אויף אַ קלאָרן הימל, געשטאַנען און באַוויגן זיך. כל זמן זיי זיינען געגאַנגען איז די לבנה מיטגעגאַנגען, ווי זי וואָלט זיי באַגלייטן אינעם וועג. געגאַנגען און געקוקט אויף זיי פון אַ זייט, כדי זיי בעסער צו זען. האָבן זיי געמאַכט אַ טריט, האָט די לבנה אויך גערוקט זיך אויף אַ טריט. זיינען זיי געלאָפן — איז די לבנה מיטגעלאפן. און ווען זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט, כדי אָפּצו־רוען זיך — האָט די לבנה אויך אָפּגעשטעלט זיך, כדי אָפּצורוען

זיך; געשטעלט זיך איבער זייערע קעפּ, איבערן פּעלדל נעבן וועג, איבער אַ שיטער בוימל — און געשטאַנען.

— איך גלויב, אַז סוף כּל סוף וועט מען דערגיין, האָט זי געזאָגט זעצנדיק זיך.

— זיכער וועט מען דערגיין. באַלד וועט מען זיין אין בעלגיע, און דאַן וועט זיין פראַנקרייך, און באַלד פּאַריז, פּאַריז, יוסף... דער ים־התיכון, און ארץ־ישראל, ירושלים, כותל המערבי... מ׳וועט זיך וואַרפן מיטן פּנים צו דער ערד און קושן דאָס הייליקע זאַמד פון אונדזער לאַנד, איך, דו, און יוסף, יוסף...

— צי לעבט ער כאָטש, יוסף?

— האָסט דאָך אַליין דערציילט, אַז האָסט אים געזוכט צווישן די אַלע טראַנספּאָרטן מיט יידן פון פראַנקרייך, און האָסט אים ניט געזען דאָרט. די פראַנצויזישע יידן זיינען דאָך אַלע געגאַנגען דורך אוישוויץ. איז אַ סימן אַז ער לעבט.

— הלוואי.

— געגנג זיך אויסגעזעסן אין די טויטן־נעסטן. מיט יוספן, אָדער אן יוספן, מיר מוזן גיין און בויען אַ היים אין אייגענעם לאַנד, אין ארץ ישראל... זאָל שוין ווי אמגיכסטן נעמען אַ סוף צו די שוואַרצע, גלות־דיקע וואָלקנס, וואָס האָבן זיך אָנגעזעצט אויף אונדז...

— טיילמאָל פלעגט זיך מיר דאַכטן, משהל, אַז דער רויך, וואָס קריגט זיך אַרויס פון די קרעמאַטאָריע־קוימענס, פאַרוואַנדלט זיך אין אַ וואָלקענדל און שוועבט איבער די קעפּ... און דאָס וואָלקענדל נעמט אן די געשטאַלט פון דעם מענטש, וואָס האָט אַקאָרשט אויסגעהויכט די נשמה...

—מיר האָט זיך דאָסזעלבע געדאַכט, דאָסזעלבע.

—צי האָסטו געזען מיך אַמאָל אין אַזאַ וואָלקנדל? האָט זי געפרעגט.

— און דו מיך?

— סיי ווי וואָלסטו מיך ניט דערקענט, מושהל.

— דו מיך אויך ניט, שרהטשע.

זי האָט זיך צוגערוקט צו אים, געגומען זיין ביינערדיקע האַנט און צוגעפירט צו זיך.

— דו וואָלסט מיך גיט דערקענט, האָט זי געזאָגט פירנדיק מיט זיינע גאָפּל־פינגער איבער איר גראָדן ברוסט־ברעט.

ער האָט געשוויגן און געלאָזט איר טון.

— געדענקסטו נאָך וואָס עס איז געווען אויף דעם אָרט אַמאָל, האַ? האָט זי ווייטער געפרעגט.

ער האָט ווייטער געשוויגן, געהאַלטן זיינע פינגער אויף אירע פאָרענט־ריפּן און געפילט דעם ציטער פון איר האַרץ.

— געדענקסט ווי דו האָסט ליב געהאַט זיך צו שפּילן, צו קנייפּן, צו בייסן?... און, אַנומעלט, ווען כ'האָב זיך געוואַשן ביז דער העלפט — האָט די מאַמע באַמערקט אַ בלאָען צייכן, פיר ציין אין דער הויך און פיר ציין אין דער נידער, אין דער פאָרם פון אַ מויל... פיר ציין פון אויבן און פיר ציין פון אונטן... איך האָב זיך געשעמט פאַר דער מאַמען און שנעל צוגעדעקט די ברוסט. די מאַמע האָט עס אָבער באַמערקט... „משהל?", האָט זי געפרעגט. „משהל, האַ?", האָט זי איבערגעפרעגט... און שפּע־טער איז זי געגאַנגען דערציילן דעם טאַטען. איך האָב אונטערגע־הערט. „מ'וועט זיי מוזן חתונה־מאַכן", האָט דער טאַטע געזאָגט. „חתונה־מאַכן".

— איך האָב דיר ניט געוואָלט וויי־טון, שרהטשע, זיי מיר מוחל.

— איך האָב געוואָלט לויפן צו דיר און דערציילן וואָס דער טאַטע האָט געזאָגט... אָבער שוין ניט געווען מעגלעך... איך האָב דיך מער ניט געזען... די דייטשן זיינען אַריין און יידן זיינען זיך צעלאָפן. איך האָב באַדויערט, אַז כ'קען דיר ניט דער־ציילן וואָס דער טאַטע האָט געזאָגט צו דער מאַמען, וואָס כ'האָב אונטערגעהערט.

— איך האָב דיר ניט געוואָלט וויי־טון, האָט ער איבערגעחזרט, ברומענדיק אונטער דער נאָז. זיי מוחל.

— נאָכגוט וואָס דו האָסט מיר אַ ביס געטון, נאַרעלע. ווען ניט, וואָלטן מיר ניט געהאַט די הסכמה פון טאַטען...

— עס האָט דאָך דיר געמוזט וויי־טון.

— עס האָט אַ לאַנגע צייט וויי־געטון. אָבער איך האָב געהאַט הנאה דערפֿון, אַ גרויסע הנאה, ווי דיינע ציין וואָלטן נאָך תמיד געשטעקט אין מיין ברוסט. עס האָט זיך מיר תמיד געדאַכט, אַז דו שטייסט נעבן מיר און בייסט, בייסט... וואָס מער עס האָט וויי־געטון, אַלץ מער האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דו ליבסט מיך, אַלץ שטאַרקער האָב איך געפילט דיין נאָנטקייט. און, ווען ווייטיק האָט אָפּגעטרעטן, אינאיינעם מיט דער ברוסט... האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך האָב דיך פֿאַרלוירן... האָב איך געוויינט, שטאַרק געוויינט...

— איך האָב דיך אָפט געזען אַ וויינענדיקע. איצט זע איך פֿאַרוואָס, איצט פֿאַרשטיי איך... אַמאָל, דערמאָן איך זיך, האָב איך געזען אַ וואָלקנדל אין אַ רעגן, פֿון וועלכן עס האָבן זיך געגאָסן גרויסע רעגן־טראָפּנס, גרויסע, לויטערע טראָפּנס, וואָס האָבן אויסגעזען ווי טרערן; און געמיינט האָב איך, אַז דער וואָלקן וואָס וויינט, דאָס ביסט דו... אָבער דער וואָלקן איז ניט געווען ענלעך צו דיר, צו דיר — ווי דו האָסט אויסגעזען אַמאָל.

ער איז שטיל געוואָרן. זי האָט אויך געשוויגן.

פּלוצים האָט זיך דערהערט איר געוויין, אַ יאָמערדיק געוויין, וואָס האָט געשניטן אונטערן האַרצן. ער האָט אויפֿגעהויבן זיינע פֿינגער און גענומען פֿירן איבער אירע פּנים־ביינער, ביז צו די אויגן־ווינקלען, זוכנדיק טרערן, זוכנדיק פֿייכטקייט צווישן נאָז און אויגן־נעסטן.

— בחינם זוכסטו, האָט זי געזאָגט וויינענדיק.

— ניט בחינם, האָט ער געזאָגט, אַוועקנעמענדיק אַ לייכט־באַנעצטן פֿינגער פֿון אויג און דערלאַנגענדיק צו אירע ליפּן. אָט זעסטו, אַ טרער.

— אַ טרער? ! אַ טרער!... איז זי אויפֿגעשפּרונגען און גענומען לאַכן ספּאַזמאַטיש. ניט מעגלעך.

— יאָ, אַ טרער! האָט ער באַשטעטיקט. אָט, נאָך איינע. נאָך איינע. נאָך אַ טרער. נאָך אַ טרער. טרערן. אַ קוואַל פֿון טרערן. אַ קוואַל.

זי האָט אויפגעהערט וויינען און גענומען הויך לאַכן. פּלוצים האָט זי זיך אויפגעריסן, אָנגענומען אים ביי דער האַנט און גענומען לויפן, מיטשלעפּנדיק אים מיט זיך.

— געדענקסטו, האָט זי געפרעגט לויפנדיק, געדענקסטו? ווי מיר פלעגן עס אַרומלויפן, יאָגן זיך מיטן וועג הינטער דער שטאָט, נעבן סאַד, ווייט הינטער דער שטאָט, אַז טאַטע־מאַמע זאָלן ניט זען, ניט וויסן דערוועגן; עס האָט זיי ניט געפּאַסט דער שידוך... און, צו יונג — האָבן זיי געטענהט. נאָך צייט...

זי האָט פאַרקייכט זיך שטאַרק ביים לעצטן וואָרט, אַז עס האָט איר פאַרפעלט אָטעם.

— לאָמיר זיך זעצן, האָט ער געבעטן. דו האָסט דיך פאַר־מאַטערט.

זיי האָבן זיך געזעצט נעבן וועג, נעבן אַ בוים, אַן אונטערגע־האַקטן בוים, וואָס איינער פון די לעצטע אַרטילעריע־שפּליטערס האָט אונטערגעזעגט און אָפּגעטיילט דעם שטאַם פון בוים. די לבנה האָט זיך אונטערגערוקט און באַלויכטן זייערע קעפּ און דעם צושאַרבענטן קאָפּ פון שטאַם און די האַלב־פאַרוועלקטע צווייגן און בלעטער פונעם בוים, וואָס האָט געוואַלגערט זיך נעבן וועג.

זי האָט אָנגענומען זיינע פינגער און צוגעשלעפּט צו אירע אויגן:

— נאַס? טרערן?

— נאַס. טרערן.

— און איך האָב געמיינט, אַז כ׳וועל שוין ניט קענען וויינען מער מיט טרערן, אַז מער קיין טרערן וועל איך שוין ניט קענען פאַרגיסן, אַז אַלע טרערן זיינען שוין אויסגעשעפּט אויף יאָרן אַרויס.

— אַ נס.

— אַ נס???

— אַ נס.

— וואָס איז אַזעלכעס אַ נס? איך האָב געהערט דאָס וואָרט אַמאָל. געטראַכט דערוועגן. געלעבט דערמיט. געגלייבט דערין אַ נס... אפשר... טאָמער... דאָך... אפשר דאָך... דערנאָך

אויפגעהערט גלויבן דערין. פֿאַרגעסן, אַז עס איז פֿאַראַן אַזאַ זאַך.
וואָס איז דען דאָס אייגנטלעך?

— מסתמא דאָס, אַז מיר זײַנען ווידער אינאיינעם. מסתמא דאָס וואָס דו וויינסט מיט טרערן, כאָטש האָסט אַלע טרערן שוין אויסגעוויינט...

אַ נײַער שטראָם טרערן האָט גענומען רינען פֿון אירע אויגן און גיסן זיך איבער די באַקן אַראָפּצו. זי האָט אונטערגעשטעלט בײדע האַנט־לעפֿלען און געכאַפּט די טרערן. געהאַט פֿולע הענט מיט טרערן. און ווען די טרערן האָבן גענומען איבערגיסן זיך, האָט משהל אויך אונטערגעשטעלט זײַנע הענט און געזאַמלט די טרערן אין די האַנט־לעפֿלען ביז עס האָט גענומען איבערגיין די מאָס.

— דאָס איז אַ נס, האָט ער געזאָגט. אַ נס.

זי האָט אָנגעכאַפּט זײַנע נאַסע הענט און צוגעפֿירט צו איר פּאָרענט:

— אַ נס, האַ?

— יאָ, אַ נס, אַ גרויסער נס! האָט ער אויסגעשריען.

— נסים?

— ניין, אַ נס, איין נס...

— און ציינער?

— יאָ, ציינער. צוויי רייען ציינער, פֿיר פֿון אונטן, פֿיר פֿון אויבן.

— און אַ בלאָער צייכן?

— דאַכט זיך, יאָ. שווער צו זען. די לבנה שײַנט און באַדעקט מיט זילבער, שטערט זען.

די לבנה האָט צוגעקוקט זיך, צוגעהערט זיך, און ווען זי האָט געזען, אַז זיי שלאָפֿן אײַן — האָט זי גענומען זיך אָפּרוקן הינטער־ווײַלעכץ און אַנטקעגן גיין, אויף די שפּיץ פֿינגער, דעם פֿרימאָרגן.

# צוריקגעקומען

.1

דער באַרג מיט דעם איינגעפאַלענעם שלאָס, וואָס געדענקט נאָך קאַזשימיעזשן, דעם גרויסן, איז געשטאַנען ווייטער אויף זיין אַלטן אָרט, ווי אַמאָל, און אַראָפּגעקוקט אינעם טאָל, דעם טייך אַריבער, אינעם שטעטל אַריין, געקוקט מיט גאווה און שטאָלץ, ווי ניט אַ חורבה וואָלט געשטאַנען אויף זיין רוקן, און ווי אין די איינגעפאַלענע מויערן פונעם שלאָס וואָלט נאָך ווייטער געקיניגט קאַזשימיעזש, דער גרויסער, וואָס האָט די יידן אַריינגעלאָזן אין מדינה. און דער טייך איז ווייטער געפלאָסן צופוסנס פון באַרג און אָפּגעטיילט דאָס שטעטל פון די פּריצישע פעלדער, וואָס ציען זיך אויף מזרח און אויף צפון, ביז די מלוכהשע וועלדער, אויפן ווייטן האָריזאָנט. און די בריק איבערן טייך, וואָס האָט געפירט אין שטעטל אַריין, איז אויך געווען די זעלבע ווי אַמאָל, ווי מיט דרייסיק יאָר צוריק, ווי מיט צוואַנציק יאָר צוריק.

נאָר די שול, אויף יענער זייט טייך, רעכטס פון דער בריק, קעגנאיבער דעם באַרג — איז מער ניט געשטאַנען. ווען אריה איז אַוועק איז די שול נאָך געשטאַנען, געווען אַביסל אָפּגעזונקט, אָבער געשטאַנען. ער דערמאָנט זיך דאָך גענוי דעם נס מיט דער שול, דעם קידוש השם פון די שטעטלדיקע יידן.

געווען אַ זומערדיקער טאָג דעמאָלט, אַ חגאדיקער נאָכמיטאָג. די דייטשן און זייערע פּוילישע אַרויסהעלפער האָבן געוואָלט צוגרייטן די שטעטלדיקע גויים אַ פרייליכן נאָכמיטאָג לכבוד חגא. האָבן זיי אַרויסגעטריבן אַלע יידן מיט זייערע פרויען און קינדער פון

די הייזער, פֿאַרזאַמלט אויפֿן ברייטן וועג צווישן טייך און דער שול, און געהייסן בייווייגען די שׂרפֿה פֿון דער שול. אָבער די שול האָט ניט געוואָלט ברענען. דאָס פֿייער האָט ניט געוואָלט האָרכן די ווונטשן פֿון די אונטערצינדער און ניט געוואָלט פֿלאַקערן. דער הויפּטמאַן, וואָס האָט אָנגעפֿירט מיטן „ספּעקטאַקל“, האָט באַפֿוילן ברענגען קאַנען מיט בענזין, און באַצייכנט רבי אביגדורן, דעם רב פֿון שטעטל, צו גיסן פֿון די קאַנען אויפֿן פֿייער. דער רב איז געשטאַנען מיט צוגעמאַכטע פֿויסטן און ניט גענומען די קאַנען. דער הויפּטמאַן האָט געשאָלטן. צעבראָכן זיין שטעקן אויפֿן רבס קאָפּ. דער רב איז געשטאַנען און געמורמלט אַ תּפֿילה. דער דייטש האָט אַרויסגעכאַפּט אַ רעוואָלווער און אויסגעשאָסן. זעקס קוילן אַריינגעפּאַקט אין רבס צעפּאַלדעוועטן שטער. דערנאָך האָט ער געהייסן מאַכן אַ שפּאַרע צווישן עולם און מיט די באַשטיוולטע פֿיס זיינע אַריינגעקוילערט דעם פֿאַרבלוטיקטן רב אין טייך אַריין. שפּעטער האָט דער דייטש אויסגעקליבן ר׳ אנשלן, דעם פֿעלטשער, דעם ייִד מיט דער שענסטער באָרד אין שטעטל, און געהייס: נעמען די קאַנען. ר׳ אנשל האָט אויך ניט געוואָלט גיסן די בענזין אויפֿן פֿייער. האָט ער געהאַט דעם זעלבן טויט, ווי דער רב, רבי אביגדור. דערנאָך איז געפֿאַלן דער גורל אויף קאָפּל בענדער, דעם שניט־סוחר און אויף מאיר גרייצער, דעם ירידניק. און דערנאָך — אויף גיטעלען, זיינוול דעם קצבֿס, די ייִדענע מיטן ברייטסטן פֿאַרנעם אין שטעטל.

— שמע ישׂראל! האָט קאָפּל בענדער, דער שניט־סוחר, אויסגעשריגן אינאיינעם מיטן קנאַל פֿון רעוואָלווער.

— שמע ישׂראל! האָט מאיר גרייצער, דער ירידניק, געשריגן קוילערנדיק זיך פֿון הויכן ברעג אין וואַסער אַריין.

— שמע ישׂראל! האָט גיטעלע, זיינוול דעם קצבֿס, געשריגן פֿון טייך אַרויס, אַראָפּגייענדיק צום באָדעם.

— שמע ישׂראל! האָבן אַלע ייִדן געברומט אַרום דער שול, צוגעמאַכט די אויגן און די פֿויסטן און געוואַרט אויף אַ נס, געוואַרט אויף אַ נס.

און פּלוצים האָט דאָס פייער צעפלאַקערט זיך אַליין פון זיך. אַ ווינט איז געקומען פון די פעלדער, פון די פריצישע פעלדער, און אַריין דורך טיר און פענצטער אין דער שול, ווו דאָס פייער האָט זיך קוים געטליעט. די קאָנען זיינען געשטאַנען פון דרויסן און דאָס פייער האָט גענומען פלאַקערן. גרויסע פלאַם־צונגען האָבן גע־נומען קריכן דורך די אָפענע טירן און פענצטער און שלענגלען זיך איבער די מויערן, צום דאַך־צו, מיט געדודער און מיט גע־רויכער. יידן זיינען געשטאַנען, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און ניט געוווסט צי זיך פרייען, צי גאָר טרויערן, צי איז עס אַזוי באַשערט, צי איז עס אַ הימל־זאַך, צי גאָר מעשה שטן; איז מען אַזוי געשטאַ־נען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און מיט פאַרמאַכטע אויגן, און ניט געוואַגט צו קוקן אין דער הויך, און ניט אין דער נידער, און ניט אויף די פלאַמען, און ניט איינער אויפן אַנדערן. און שטייענדיק אַזוי מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, האָבן זיי ניט באַמערקט ווי דער אָוונטיקער הימל נעמט זיך פאַרציען מיט וואָלקנס, מיט שווערע, פינצטערע וואָלקנס, און ערשט ווען די ערשטע טראָפּנס רעגן האָבן גענומען פאַלן אויף זייערע קעפּ — האָבן זיי געעפנט די אויגן און גע־זען, אַז עס גיסט אַ רעגן פון הימל, און אַז גרויסע טראָפּנס רעגן פאַלן גראָד אויף דער ברענענדיקער שול אַרויף.

האָבן די ליפּן זייערע גענומען דערמאָנען גאָטס נאָמען און שיקן אַ שבח צו דעם, וואָס וווינט אין די הימלישע הויכן און שיקט צו דעם רעגן צו דער צייט, דעם רעגן און דעם שטורם.

איבער דעם שול־בנין האָט זיך געשטעלט אַ גרויסער און אָנ־געשוואָלענער וואָלקן און געגאָסן עמערס מיט וואַסער אויף די פלאַמען, גאַנצע פעסער מיט לעש־וואַסער. האָט די דייטשן און די פוילישע אַרויסהעלפער גענומען די נכפּה. דער הויפּטמאַן איז געשפּרונגען פון דער הויט. עס האָבן אים אויסגעפעלט קללות צום שעלטן סיי די יידן, סיי דעם הימל, האָט ער אַלע קללות זייבע געשיקט צו דעם שוואַרצן וואָלקן, וואָס האָט זיך דווקא אַוועקגע־שטעלט איבער דער שול, איבער די פלאַקער־צונגען, ווי אויף להכעיס.

דערנאָך איז געקומען אַזאַ שטורעם און אַזעלכע דונערן און בליצן, אַז במשך פון עטלעכע מינוטן איז געוואָרן אויס פייער און דער גאַנצער שול־הויף און דער וועג צווישן שול און טייך דאַכט געוואָרן פֿאַרשטעקט און טינקן זיך אין רעגן־וואַסער עטלעכע טפחים הויך. די דייטשן זיינען געלאָפֿן זיך פֿאַרשטעקן. די יידן זיינען געשטאַנען ביז אונטער די קני אין וואַסער און געהויבן די קעפּ צו די וואָלקנס און געגרייכט מיט די נאַסע אויגן ווייט, ווייט אַהין, און זייערע אויסגעצוואָגענע ליפּן און דורכגעווייקטע אינגעווייד האָבן געשיקט אַ לויב־געזאַנג אַרויפֿצו.

פּלוצים האָט אַ רעש און אַ ווילד געדודער אַרויסגעריסן זיי פֿון דער התלהבות און פֿאַרגעסונג. זיי האָבן פּלוצים דערפֿילט, אַז עס רעגנט, אַז עס איז נאַס, אַז זיי טויכן זיך אין וואַסער, און דערזען, אַז דאָס וואַסער איז רויט ווי בלוט. דערנאָך האָט זיי אַלעמען גע־נומען שווינדלען פֿאַר די אויגן און דרייען אין קאָפּ. זיי האָבן פֿאַר־לוירן די גלייכגעוויכט און געפֿילט ווי זיי פֿאַרלירן דעם באָדן אונטער די פֿיס, און זינקן ערגעץ אַראָפּצו, אין דער טיפֿעניש, אין אָפּגרונט... מאַנכע האָבן געפּרוווט באַוועגן מיט די הענט ווי צום שווימען, אָבער אַ שטאַרקער שטראָם האָט געשטערט און מיטגעריסן, און געשליי־דערט צום אָפּגרונט־צו.

.2

אריה האָט אויך געפֿילט, אַז ער טינקט זיך, אַז ער גייט צום אָפּגרונט, אַז עס פֿעלט אים אָטעם, אַז עס איז נאָך אים; אָבער מיט די לעצטע כוחות האָט ער זיך דורכגעשלאָגן מיט קאָפּ און הענט אַ וועג צווישן די זינקנדיקע לייבער און די אויבערשטע וואַסער־שיכטן — און אַרויסגעטויכט זיך אויף אַ רגע. ער האָט אָפּגע־טרייסלט זיך, אַרויסגעשאָקלט דאָס וואַסער פֿון די אויערן און די אויגן אין געזען, ווי די דייטשן לויפֿן לאַנג־אויס דעם טייך, און געהערט ווי דער הויפּטמאַן קאָמאַנדעוועט: „פֿויער, שיסט! אָט אָ, דאָרט — אַ קאָפּ! שיסט! ווידער איינער — פֿויער, פֿויער!"

ער האָט געהערט ווי עס פֿייפֿן קוילן נעבן זיינע אויערן און דאָס חיהשע בילן פֿון הויפּטמאַן: „פֿאַרפֿלוכטע יודען! איר וועט

ניט זיגן, אייער גאָט וועט ניט זיגן! איר וועט מיר טייער באַצאָלן פאַר דער סינאַגאָגע, עס האָט זיך אייך ניט געלוינט דער פרייז!... אָט־אָ, נאָך אַ קאָפּ — פייער!"

האָט ער זיך ווידער אונטערגעטונקען און געגומען שווימען אונ־טערן וואַסער, מ'זאָל אים ניט זען, מיינען אַז ער איז טויט, ווי אַלע איבעריקע ייִדן. דער שטראָם איז געווען זייער אַ ראַשיקער און פאַר־גאַנגען זיך באַרג־אַראָפּ, האָט ער אים געהאָלפן אין שווימען. ער האָט זיך תמיד געדעכנט צווישן די בעסטע שווימער אין שטעטל, באַזונדערש אונטערן וואַסער, איז עס אים טאַקע איצט שטאַרק צו־נויץ געקימען. און ווען ער האָט זיך ווידער אַרויסגעטויכט, כדי צו כאַפּן אָטעם — האָט ער געזען, אַז די דייטשן זיינען ערגעץ ווייט פון הינטן און לויפן מער ניט נאָך. איז ער שוין געשווימען מיטן קאָפּ אַרויס, געלייגט קלאַפּטער, כדי צו זיין וואָס ווייטער און אַ קויל זאָל אים שוין ניט קענען דעריגרייכן. ערשט ווען עס האָט געגומען ווערן טונקל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. ער איז צוגעשווימען צו אַ קוסטע נעבן ברעג, צוגעהאַלטן זיך אַ ווייל, כדי אָפּצורוען זיך, און געגומען אַרויסקלעטערן פון טייך.

ערשט איצט האָט ער זיך דערפילט מיד און פאַרמאַטערט. ער האָט באַמערקט, אַז פון זיין לינקן אָרעם גיסט זיך אַ שנירל בלוט, האָט ער אָפּגעריסן אַ שטיק העמד און אַרומגעבינדן מיט דער הילף פון די ציין. דערנאָך האָט ער געזען בלוט אויף זיינע הענט, אָבער זיינע הענט זיינען ניט געווען פאַרוווּנדעט, דאָס בלוט איז געקומען פון דער רעכטער שלייף און פון שטערן, האָט ער אָפּגעריסן נאָך אַ שטיק העמד און אַרומגעבינדן דעם שטערן און די שלייפן, ווי אַ רייף. ער האָט זיך ניט אָפּגעגעבן בכלל קיין חשבון וואָס עס איז געשען מיט אים און פונוואַנען ער נעמט זיך דאָ. ער איז ניט געווען פעאיק צו טראַכטן. ער איז איינגעשלאָפן.

ווען ער האָט זיך איבערוועקט איז געווען שפּעטע נאַכט. איז געווען נאַס. איז געווען קאַלט. אַריה האָט זיך אָפּגעשאָקלט פון קעלט און אַרויסגעשליידערט די לעצטע ברעקלעך טייך פון די אויגן, פון די אויערן, און ערשט איצט פאַרטראַכט זיך וואָס עס איז געשען

מיט אים, מיט די ייִדן אין שטעטל און מיט דער שטעטלשער שול. ער האָט אַרײַנגעקוקט אין פֿינצטערן וואַסער און געדאַכט האָט זיך אים, אַז ער זעט שוואַרצע שאָטנס שווימען אויפֿן וואַסער, וואַלגערן זיך אויפֿן זאַמדיקן באָדעם פֿונעם טײַך, געטריבן דורכן שטראָם. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער זעט דעם גוף פֿון זײַן טאַטען אינעם שבתדיקן ראָק און מיטן ייִדענעם קאַפּל, און די פּאָלעס פֿונעם ראָק שפּרייטן זיך איבערן וואַסער פֿון ברעג צו ברעג; און די מאַמע — דאַכט זיך אים — זעט ער, איר גרויען קאָפּ, איר ווײַסן שייטל און אירע ברילן אויפֿן שפּיץ נאָז, ווי בײַ דער צאינה־וראינה; און דעם רב, זעט ער — דאַכט זיך אים — ר׳ אביגדורן, וואָס האָט דער ערשטער מקדש געווען דעם שם; און אנשלן, דעם פֿעלטשער, זעט ער, און זײַן באָרד פֿילט אוים דעם טײַך פֿון ברעג צו ברעג... און עס דאַכט זיך אים, אַז ער זעט בלוט, אַז אינמיטן טײַך שווימט נאָך אַ טײַך, אַ טײַך פֿון בלוט, ייִדיש בלוט; צווישן צוויי טײַכן וואַסער שווימט זיך אינדערמיט אַ טײַך מיט בלוט, און אים דאַכט זיך, אַז ער דערקענט דאָס בלוט פֿון טאַטע; און דער מאַמען, פֿון ר׳ אביגדורן, דעם רב פֿון שטעטל, און פֿון אנשלן, דעם פֿעלטשער, און פֿון גיטעלען, דער קצבטע, און פֿון אַלע ייִדן פֿין שטעטל. און געדאַכט האָט זיך אים, אַז ער הערט קולות און געוויינען פֿון קינדער, פֿון מאַמעס און טאַטעס, ווען מ׳האָט אין זיי געשאָסן און געשליידערט אין וואַסער אַרײַן; עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז דער רעש פֿון טײַך איז קיין רעש פֿון טײַך ניט, נאָר אַ געמיש פֿון קולות און געוויינען, אַ האַרצרײַסנדיק געוויין פֿון אַן אויסגעקוילעטע עדה ייִדן געמישט מיט שטיקער ווידוי און שטימע טענות צום רבונו של עולם.

ער האָט זיך אויפֿגעריסן פֿון אָרט און געלאָזט זיך לויפֿן מיטן פֿעלד באַרג־אַראָפּ און באַרג־אַרויף, און ווען ער איז געקומען אויף אַ הויכן באַרג, האָט ער זיך אומגעקוקט הינטערוויילעכץ און געזען אַ לבנה איבערן שטעטל, און דעם באַרג מיטן חרובן שלאָס אויף זײַן רוקן און געזען די שול, קעגנאיבער דעם שלאָס, אויף יענער זײַט טײַך. די שול איז געשטאַנען. די לבנה, וואָס איז געשטאַנען איבער דער שול, איז געווען אַן עדות.

.3

ווען אריה איז, נאָך דריי יאָר פּאַרטיזאַנטקע אין וואַלד, נאָך דריי יאָר טויט־סכנה און איבערמענטשלעכע קאַמף, צוריקגעקומען אין שטעטל — איז אַלעם געווען ווי אַמאָל, דער באַרג, דער שלאָס, דער טייך און די בריק — נאָר די שול איז ניט געווען מער. אויפן אָרט ווו עס איז געשטאַנען די שול, איז געווען אַ פּוסטער פאַראַקערטער שטח. די ערד איז נאָך געווען פריש, געלעגן נאָך גרודעס אָנגעלייגט אין שורות, ווי אַן אַקער־אייזן וואָלט ערשט ניט לאַנג געגראָבן די שול־ערד אין ווירעס, ווי צום פלאַנצן. און גאָרניט איז געוואַקסן אויף דער געאַקערטער ערד, קיין גרעזל ניט, קיין פלאַנצל ניט.

אריה האָט זיך געחידושט, וואָס די ערד זעט אַזוי פריש אויס און אַז קיין גרעזל וואַקסט ניט און קיין פלענצל ניט. עס האָט דאָך שוין געקענט אַ גראָז־פעלד אַרויסוואַקסן במשך פון די דריי יאָר, און אַ וועלדל אַפילו, אַ יונגס. ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן און גענומען אַביסל ערד צווישן די פינגער. די ערד האָט זיך געקרישלט, ווי ס'קרישלט זיך געאַקערטע ערד, וואָס טריקנט זיך עטלעכע טעג אויף דער זון.

אריה האָט זיך פאַרקערעוועט אין מאַרק אַריין. דער מאַרק איז געווען ווי פריער, און די הייזער — ווי פריער, און דער ברונעם — אויך. דאָס הויז פון זיין טאַטען, נעבן ברונעם — אויך ווי פריער. נאָר אינעם שניט־קראָם, ביי זיין טאַטען, איז דער טאַטע ניטאָ, און די מאַמע זיצט ניט נעבן קאַסע־שופלאָד, און ער, אריה, דרייט זיך ניט אַרום דאָרט און באַדינט די קונים ניט. און די קונים? נייע קונים. קיין יידיש פּנים ניט. און נייע באַלעבאַטים. יאָ, ער דערקענט זיי: וואַצעק ברענדאַ, דער פּאָליציאַנט און וואַלערקע, דעם מאַגיסטראַצקע שרייבערס טאָכטער — זיין ווייב. ער דערקענט זיי. דאָס איז ער דאָך. וואַצעק ברענדאַ, דער פּאָליציאַנט, וואָס האָט אָנגעטון די יידן אין שטעטל אַזויפל צרות, וואָס פלעגט תמיד זיין בגילופין און טשעפּן זיך צו יידן, מאַכן אַוואַנטורעס, שרייבן פּראָטאָקאָלן פאַר גאָרניט און פאַר ניט. האָט מען איין איינציקע

רגע צו שפּעט געשלאָסן דעם לאָדן, כּדי ניט אַרויסצוואַרפן אַ קונה — איז ער שוין געשטאַנען מיט אַ בליי אין האַנט און פאַרשריבן. האָט מען געשלאָסן דעם קלייט עטלעכע מינוטן פריער — איז ער אויך געקומען און פאַרשריבן שטראָף, באשר אויף זיין זייגער איז שוין איצט מיט עטלעכע מינוטן שפּעטער; און אַ פּאָליציייסקע זייגער און אַ פּאָליציאַנט — זיינען תמיד גערעכט. און ווער שמו־עסט נאָך, אַז מ'האָט אַ קונה אַרויסגעלאָזן הינטנאַרומעט אין אַ זונטיק!... ער איז אייגנטלעך ניט געווען אַזאַ רשע, דער ברענדאַ — פאַר אַ פלעשל אָקעוויט האָט מען זיך ביי אים תמיד געקענט אויסקויפן, עס איז אים ניט געגאַנגען אין עפּעס אַנדערש, ווי אין דעם אויסקויף־געלט. אָבער ווען ער האָט אויסגעזשליאָקעט די פלאַש בראָנפן, איז ער צוריקגעקומען אַ שיכורער און געמאַכט סקאַנדאַלן, געשלאָגן, געריסן יידן ביי די בערד. עס איז געווען אַ מעשה אָן אַ סוף. און איינרייסן מיט אים האָט מען ניט געקענט, ווייל עס האָט געהייסן איינרייסן אייגנצייטיק מיט זיין שוועד דעם מאַגיסטראַצקע שרייבער, און אויך מיט דעם מאַגיסטראַט.

איצט איז ער אוים פּאָליציאַנט. געוואָרן באַלעבאָס פון שניט־קראָם און זיין וואַלערקע — די באַלעבאָסטע. אַרויפגעאַרבעט זיך.

ווען עס איז געוואָרן ליידיק אין קראָם, איז אריה אַריינגע־גאַנגען.

— וואָס ווינטשט איר? איז ברענדאַ צו אים צוגעגאַנגען.

אריה האָט אויפגעהויבן אויף אים אַ פּאָר קאַלטע אויגן און געשוויגן.

וואַלערקע האָט גענומען ציען פון די פּאָליצעס שטאָפן אויף אנצוגער.

אריה האָט אַ טאַפּ געטון אַ שטיק סחורה, דערקענט די קוואַ־ליטעט און זיך אָנגערופן:

— דאָס איז גוטע סחורה, פאַרמלחמהדיקע, אַזוי ווי ביי מאַ־יערטשיקן, פאַרן קריג...

די נייע באַלעבאַטים האָבן אַ קוק געטון אים אין די אויגן אַריין און געחידושט זיך, וואָס ער איז עס אַזאַ גרויסער מבין, און וואָס ער דערמאָנט עפּעס דעם ייד, וועלכן זיי האָבן געירשנט. וואַ־

לערקע האָט אָנגעצונדן אַ לעמפּל און ביי זיין שיין דערקענט אריהן. זי האָט גענומען זיך צלמען און ספּאַזמירן, גענומען שרייען, און אַוועקגעפֿאַלן אין חלשות. ברענדאַ האָט זי גענומען מינטערן און רייבן די באַקן, אָפּגיסן מיט וואַסער. אריה האָט צוגעהאָלפֿן. און ווען זי איז געקומען צו זיך, האָבן זיי פֿאַרמאַכט דעם לאָדן, פֿריער ווי תמיד, און אַרויפֿגעבעטן אריהן צו זיך.

אריה האָט זיך אַריינגעזעצט אין אַ טיפֿן פּאָטער־שטול, אין וועלכן דער טאַטע זיינער פֿלעגט תמיד זיצן אין אָוונט נאָכן שליסן דעם קראָם, און מאַכן אַ חשבון אויף אויסנווייניק פֿון דעם פֿאַרלאָפֿענעם האַנדלס־טאָג, וועגן רווחים און הזיקים, וועגן די באָוולן, וואָס ער האָט געפּטרט און די נייע מוסטערן, וואָס מ׳וועט בלי־נדר מוזן אַראָפּברענגען פֿון אשר קאָנען פֿון ווידזעוו און פֿון איטשע מאיר קופּערן פֿון זגיערזש, אָדער פֿון יחיאל מאיר פּיקן פֿון לאָדזש, ווייל עס גייט צו יום־טוב, אָדער צו אַ יריד אין שטעטל — און אינמיטן פֿון די חשבונות און פּלענער, פֿלעגט ער אריינפֿאַלן אינעם פּאָטער־שטול און איינדרימלען. און אַזוי לאַנג דרימלען ביז די מאַמע האָט צוגעגרייט נאַכט־עסן, און אַריינגעבראַכט אַ שמאַלץ־הערינג און געהאַקטע הערינג־מילך מיט ציבעלעס, וואָס האָבן פֿאַרריסן די נאָז.

אריה האָט זיך אַרומגעקוקט און דערפֿילט זיך היימיש אינעם טיפֿן פּאָטער־שטול, נעבן גרויסן דעמבענעם עס־טיש, צווישן דעם מאַסיוון קרעדענס און דער קאָמאָדע מיט די פֿינקלדיקע מעשלעך און צאַצקעס ביי די זייטן און ביי די שליסל־לעכער. דאָס האָט פֿעטער בערל, עליו השלום, דער מעבל־פֿאַבריקאַנט, געגעבן אַלס דרשה־געשאַנק פֿאַר טאַטע־מאַמע דאָס טייערסטע עס־צימער, פֿון שענסטן און פֿיינסטן האָלץ, וואָס נאָך אַזאַ איינס איז ניט געווען אין גאַנצן שטעטל, סיידן ביים פּריץ.

אָבער, ווען ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, האָט ער געזען אַ גרוים: יעזוס אויף אַ גרויסן צלם, וואָס פֿאַרשטעלט אַ האַלבע וואַנט און פֿאַרטרייבט די היימישקייט פֿון צימער, פֿון טיפֿן פּאָטער־שטול, און מאַכט פֿרעמד דעם מאַסיוון קרעדענס און די קאָמאָדע מיט די פֿינקלדיקע מעשלעך און צאַצקעס, וואָס דער פֿעטער

בערל, עליו השלום, האָט געגעבן פון בעסטן און פיינסטן האָלץ במתנה טאַטע־מאַמע צו זייער חתונה...

.4

וואַצעק ברענדאַ האָט אַרויסגעצויגן פון קאָמאָדע אַ פלאַש אָקעוויט, אַ פלאַש געשטעלטן בראָנפן און עטלעכע פלעשלעך פאָנטש און געבעטן אריהן צו דערציילן ווי אַזוי ער איז ניצול געוואָרן. עס האָט זיך אים ניט געלייגט אויפן שכל, אַז עמעצער פון די יידן האָט דאַמאָלס געקענט אַרויס אַ לעבעדיקער. ער איז געווען דערביי און געהאַלטן אָרדנונג בשעת דער הריגה, און דערנאָך, ווען די דייטשן האָבן געשאָסן אין טייך צו די, וואָס האָבן געגעבן סמנים פון לעבן. און דריי טעג שפּעטער האָט דאָס וואַסער אַרויסגעוואָרפן די גופים פון די דערטרינקענע יידן און אַלע האָבן זיך אָפּגעציילט. קיינער ניט געפעלט.

אריה האָט זיי דערציילט, אַז ער איז געווען נאָר לייכט פאַרוווּנדעט אין אָרעם און איין קויל, וואָס האָט געזאָלט אַריין דורך דער שלייף, אין מוח אַריין, איז אַדורך נאָר צווישן הויט און ביין און ניט אַדורכגעלעכערט דעם שאַרבן. און אַ דאַנק דעם האָט ער ניט פאַרלוירן דאָס באַוווּסטזיין און אַנטקומען די קוילן און די דייטשן, וואָס האָבן געלויערט.

ברענדאַ האָט איינגעגאָסן אַ גלאָז בראָנפן פאַר יעדן און אויסגערופן:

— זאָל לעבן אריה, דער צוריקגעקומענער פון יענער וועלט!

אריה האָט אַ קלינג געטון מיט זיין גלאָז אין זייערע גלעזער, אַ זיפּ געטון און פאַרקרעכצט זיך. ברענדאַ האָט גענומען הויך לאַכן, איינגעגאָסן זיך אַ צווייט גלאָז, אַ קלינג געטון לאַכנדיק אין אריהס כוס: — זאָל לעבן דער איינציקער צוריקגעקומענער ייד!

אריה האָט ווידער אַ זיפּ געטון און פאַרקרעכצט זיך. וואַלערקע האָט דערענדיקט ביזן דנאָ דאָס ערשטע גלאָז און זיך אָנגערופן מיט געלעכטער: — מ׳וואָלט זיך גיכער געריכט אויפן טייוול אַליין, ווי אויף דיר.

— ער איז דאָך נאָך ערגער ווי דער טייוול, האָט ברענדאַ גענומען הירזשן אַראָפּלאָזנדיק דאָס דריטע גלאָז אין קעל אַריין. נאָך ערגער ווי אַ טייוול, האַ־האַ־כאַ!...

— ווען מיר וויסן, אַז דו וועסט צוריקקומען, וואָלטן מיר ניט גענומען דאָס הויז אייערס און אייער קראָם, און אייער סחורה — האָט וואַלערקע גענומען אַריינריידן אין אריהן — וויניק יידישע געשעפטן געווען צו ירשנען? געווען דאָס גרויסע שניט־געשעפט פון בענדערן, בילכער געווען ווי אייער קראָם; האָט מען ניט געוווסט צי עס וועט זיך ניט אָפּגעפונען אַ יורש פון אויסלאַנד, די בענדערס האָבן דאָך געהאַט אַ גרויסע משפחה אין אויסלאַנד. די מאַיערטשיקס, האָט מען געוווסט, האָבן קיינעם ניט אין אויסלאַנד; און די גאַנצע היגע משפחה האָט זיך דאָך אָפּגעציילט, די גופים האָבן געשטימט...

— ער איז דאָך ערגער ווי דער טייוול, האָט ברענדאַ גענודזשעט אַראָפּלאָזנדיק אַ גלאָז פון אַן אַנדערע פלאַש.

— מיר האָבן ניט געוווסט, אַז דו וועסט צוריקקומען, האָט וואַלערקע אַריינגערעדט אין אים מיט אַ טאָן פון פאַרטיידיקונג. מיר האָבן דאָך ניט געקענט רעכענען, אַז נאָך דעם אַלעם וועסטו דאָך לעבן.

— פּשעפּראַשאַם, האָט אריה זיך פאַרנייגט העפלעך. זייט מיר מוחל. זייט מיר מוחל, אַז איך לעב. זייט מוחל, וואָס איך בין צוריקגעקומען, פּשעפּראַשאַם. ניט מיין שולד. באמונות: ניט מיין שולד. פּשעפּראַשאַם...

— פּשעפּ־פּשעפּ־פּ־ראַשאַם, האָט ברענדאַ נאָכגעמאַכט און גענומען גיסן פון אַ נייער פלאַש.

אריה האָט זיך געוועדט און ניט געלאָזן מער גיסן אין זיין גלאָז. וואַלערקע האָט גענומען נאָך אַ גלאָז און צוריקגענייגט זיך העפלעך:

— ניטאָ פאַר וואָס, ניטאָ פאַר וואָס.

— ער איז ערגער ווי אַ טייוול, האָט ברענדאַ געגאָסן אין זיך נאָך אַ גלאָז.

— פּשעפּראַשאַם, האָט אריה שטיל איבערחזרט. דווקא יאָ דאָ פאַרוואָס.

— פשעפ־פשעפ־פראַשאַם, ביסט ערגער ווי אַ טייוול, ביסטו. יאָ דאָ פאַרוואָס, ניטאָ פאַרוואָס... פשעפ־פ־פ... איך האָב דיך ליב.

ברענדא האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף אריהס האַלדז און גענו־מען אים האַלדזן; אריה האָט זיך געוועדט און געריסן זיך פון זיי־נע שטאַרקע אָרעמס. עס איז אים געלונגען אַרויסצורייסן זיך און אָפשפרונגען אין אַ זייט. ברענדא האָט אים ניט אָפגעלאָזן, און גענומען אים יאָגן.

— איך האָב דיך ליב, האָט ער גענומען איבערחזרן מיט אַ וויינענדיקער שטימע. ליב! פשעפ־פשעפ־פראַשאַם... דו ביסט נאָך ערגער ווי אַ טייוול.

—מיר האָבן ניט גערעכנט, אַז דו וועסט צוריקקומען, האָט וואַלערקע געברומט מיט אַ ציטערדיקע שטימע, טרינקנדיק נאָך אַ גלאָז. געקענט נעמען בענדערס קראָם...

— פשעפראַשאַם, האָט אריה העפלעך איבערחזרט, און געזוכט אַ מעגלעכקייט אַרויסצוקריגן זיך פון שטוב.

— עס טוט אונדז לייד, מיר האָבן ניט גערעכנט... געפונען די טאָפּיעלצעס פון אַלע מאַיערטשיקס, ניט געוווסט, אַז אַ טעות, אַז פאַרטווישט אַ טאָפּיעלעץ, דאָס וואַסער ענדערט אַמאָל דאָס פנים.

— פשע־פ... און פאַרברענט די סינאַגאָגע... ערגער ווי דער טייוול...

— יאָ, די סינאַגאָגע פאַרברענט און פאַראַקערט...

— האָבן דען די דייטשן ניט פאַרברענט באַלד דערנאָך די סינאַגאָגע, ניט די דייטשן?

— ניין. זיי האָבן געזאָגט, אַז ניטאָ יידן — מעג סינאַגאָגע שטיין. זיי זיינען פאַנאַטיקער, די דייטשן; זיי האָבן געזאָגט, אַז טאָ־מער האָט עס ניט געוואָלט ברענען דעמאָלט, מסתמא איז אַזוי באַ־שערט. סייווי ניט־פאַראַן קיין יידן וואָס זאָלן בייווינען די שרפה.. איז די שול געבליבן שטיין...

— פשעפ־פ... אָבער די פאָליאַקן זיינען קיין נאַראָנים ניט.. יידן ערגער ווי דער טייוול, ווי דער טייוול... פראַשאם... דאָ סינאַגאגע — דאָ יידן. וועלן יידן קומען. פראָפ־פשעפ־פראַשאַם...

— האָבן די פּאָליאַקן אין שטעטל געזאָגט, ווען געווען קלאַנגען, אַז נאָך געבליבן יידן אין לאַנד, אויסבאַהאַלטענע — אַז מאָמער ווען בלייבן די סינאַגאָגע אין שטעטל, וועלן יידן צוריקקומען אַהערצו... וועלן זיך שוין אָפּגעפונען ייד;... זיי וועלן ציען אַהערצו ווי פליגן צו אַ לאָמפּ... זיינען זיך צונויפגעקומען די אַלע פּאָליאַקן, וואָס האָבן געירשנט די היגע יידן, און האָבן פאַרברענט די שול, אַראָפּגערוימט די חורבות, און פאַראַקערט...

— פּרעפּ, פּראַפּ־פּראַשאַם... ניטאָ סינאַגאָגע — ניטאָ יידן... ערגער ווי דער טייוול... ווי דער פּשעפּ... איך האָב דיך ליב, טייוול... איך וואָלט דיך דערשטיקט פון ליבע, דערשטיקט פון ליבע, דערשטיקט...

בּרענדאַ האָט אַ שליידער געטון דאָס גלאָז אין דיל און אויסגעצויגן ווידער זיינע לאַנגע הענט צו אריהן. אריה איז אָפּגעשפּרינגע. בּרענדאַ איז אים נאָכגעשפּרינגען. אריה האָט גענומען לויפן אַרום דעם טיש. בּרענדאַ איז אים נאָכגעלאָפן מיט שיכורע טריט, צוהאַלטנדיק זיך בּיי טיש און שטולן. פּלוצים האָט אריה באַמערקט ווי ער כאַפּט אַ ליידיקע פלאַש אין האַנט, און לויפט אויף אים פון דער פאַרקערטער זייט, גראָד אויף אים אַרויף, אויף זיין קאָפּ אַרויף מיט דער פלאַש. ער האָט שוין ניט געקענט זיך אויסדרייען און אין דער לעצטער רגע אַ כאַפּ געטון די האַנט מיט דער פלאַש. ער האָט אים אַרונטערגעדרייט די הענט אויף הינטן און אַרויסגעריסן די פלאַש. בּרענדאַ האָט זיך געאַמפּערט מיט אים, ניט געלאָזן זיך. וואַלערקע איז געקומען צו הילף איר מאַן און געפּרוווט באַפרייען זיינע הענט. אריה האָט זיך אָבער מיטביידן אַן עצה געגעבן. זיי זיינען געווען ביידע שיכור. ער האָט זיך אַרויסגעדרייט פון זייער קלעם, צוגעשפּרינגען צו דער טיר און אַרויס פון שטוב. זיי האָבן ניט געקענט אים נאָכלויפן.

5

מיטן זעלבן וועג, וואָס ער איז אַהערגעקומען, איז ער איצט אַרויס פון שטעטל. נעבן דער פאַראַקערטער ערד פון שול איז ער שטיין געבליבן. עס איז געווען אַ פינצטערער אָוונט און די שולערד האָט זיך אויסגעמישט מיט די חשכות. אריה האָט זיך אַראָפּ־

געבויגן און גענומען אַ פולן הויפן מיט ערד און געקרישלט צווישן די פינגער. אין דער צווייטער האַנט האָט ער נאָך תמיד געהאַלטן די פלאַש, וואָס ער האָט אַרויסגעריסן פון שיכור. פון דעם אָפענעם גאָרגל פון פלאַש האָט אַ שלאָג געטון אין זיין פנים אַ שאַרפער ריח פון אָקעוויט, פון שיכרות, פון עקל. ער האָט אינסטינקטיוו אַרויסגעלאָזן די פלאַש פון האַנט, און אָפּגעטרייסלט זיך. אָנשטאָט דער פלאַש האָט ער גענומען אַ מעסטל ערד און געהאַלטן פעסט צווישן האַנט־לעפל און די צוגעמאַכטע פינגער. און געלאָזט זיך איבער דער בריק.

אַדורך די בריק, האָט ער געלאָזט זיך רעכטס, מיטן ברעג פון טייך, לאַנג־אויס דעם טייך, הינטער דעם שטעטל, ביז צום אָרט, ווו עס איז געוואַקסן די קוסטע, נעבן וועלכער ער האָט זיך דערמאָלט פאַרטשעפעט. די קוסטע איז געווען די זעלבע ווי דעמאָלט, נאָר געוואָרן ברייטער און רחבותדיקער. ער האָט זיך אויסגעצויגן נעבן דער קוסטע און דערמאָנט יענעם אָוונט, יענעם אומפאַרגעסלעכן אָוונט. דערמאָנט זיך יענע נאַכט, די נאַכט וואָס איז געקומען נאָכן אָוונט, און נאָכן שלאָף נעבן קוסטע. עס זעט אויס ווי עס וואָלט ערשט איצט געווען.

ער האָט זיך צוגערוקט צום ברעג, אַריבערגעבויגן דעם קאָפּ איבערן וואַסער, און געדאַכט האָט זיך אים, אַז ער זעט שוואַרצע שאָטנס שווימען אויפן וואַסער, וואַלגערן זיך אויפן זאַמדיקן באָדעם פונעם טייך, געטריבן דורכן שטראָם. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער זעט דעם גוף פון זיין טאַטען אינעם שבתדיקן ראָק און מיטן זיידענעם קאַפּל, און די פאָלעס פונעם ראָק שפּרייטן זיך איבערן וואַסער פון ברעג צו ברעג; און די מאַמע — דאַכט זיך אים — זעט ער, איר גרויען קאָפּ, איר ווייסן שייטל און אירע ברילן אויפן שפּיץ נאָז, ווי ביי דער צאינה־וראינה; און דעם רב זעט ער, ר׳ אביגדורן וואָס האָט דער ערשטער מקדש געווען דעם שם; און אנשלן, דעם פעלטשער, זעט ער, זיין באָרד פּילט אויס דעם טייך פון ברעג צו ברעג... און עס דאַכט זיך אים, אַז ער זעט בלוט. אַז אינמיטן טייך שווימט נאָך אַ טייך, אַ טייך בלוט, יידיש בלוט; צווישן 2 טייכן וואַסער שווימט זיך אינדערמיט אַ טייך מיט בלוט, און ער דערקענט דאָס

בלוט פון זיין טאַטען און דער מאַמען, פון ר׳ אביגדורן, דעם רב פון שטעטל און פון אנשלן, דעם פעלטשער, און פון גיטעלען, דער קצבטע, און פון קאָפּל בענדער, דעם שגית־סוחר... און דער רעש פון טייך איז קיין רעש פון טייך ניט, נאָר אַ געמיש פון קולות און געוויינען, אַ האַרצרייסנדיק געוויין פון אַן אויסגעקוילעטע עדה יידן, געמישט מיט שטיקער ווידוי און שטימע טענות צום רבונו של עולם.

ער האָט זיך אויפגעריסן פון אָרט און געלאָזט זיך לויפן מיטן פעלד באַרג־אַראָפּ און באַרג־אַרויף, און ווען ער איז געקומען אויף אַ הויכן באַרג, האָט ער זיך אומגעקוקט הינטערווילעכץ און געזען, אַז דער באַרג, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען דער איינגעפאַלענער שלאָס, איז קיין באַרג ניט מער, און דער שלאָס, אין וועלכן ס'האָט אַמאָל געקיניגט קאַזשימיעזש, דער גרויסער, וואָס האָט אַריינגעלאָזן די יידן אין מדינה — איז מער קיין שלאָס ניט און קיין חורבה ניט: און אַקעגנאיבער אויף יענער זייט טייך, וווּ עס איז די שול געשטאַנען — שטייט קיין שול ניט; און דאָרט, וווּ דאָס שטעטל איז געשטאַנען — איז קיין שטעטל מער ניטאָ, געבליבן נאָר פוסטע ערד, פאַראַקערטע ערד, אויף וועלכער עס וואַקסט קיין גרעזל ניט, קיין פלאַנצל ניט.

# די מיר

### 1.

די זשוקעס זיינען געווען זיכער, אַז זיי בלייבן שוין אויף תמיד די באַלעבאַטים פֿון דער מיל און פֿון אַלעם, וואָס איז געבליבן נאָך די דעמבינערס. זיי האָבן געהאַלטן, אַז זיי האָבן דאָס אויסשליסלעכע רעכט צו דער ירושה פֿון האַרצקע דעמבינער. קיינער האָט ניט אַזוי לאַנג און אַזוי געטריי געאַרבעט אין דער מיל ווי זיי, די ברידער זשוק. האָבן זיי חזקה. און ווי נאָר מ'האָט די דעמבינערס אַ שיינעם פֿרימאָרגן אַרויפֿגעלאָדענט אויף אַ לאַסט־אויטאָ און פֿאַרשלעפּט ערגעץ, זיינען זיי אַראָפּגעקומען מיט ווייב און קינדער און צעבאַלעבאַטעוועט זיך אין מיל, אין הויז, ווי ביי זיך אין היים.

זיי האָבן זיך אַ געוויסע צייט געטראָגן מיט אַ בייז האַרץ אויף דעם אַלטן האַרצקע, וואָס האָט זיך איינגעעקשנט און ניט געוואָלט פֿאַרשרייבן די מיל אויף זייער נאָמען, איידער די דייטשן האָבן אים גענומען. זיי זיינען געקראָכן צו אים עטלעכע מאָל אַ טאָג און געבעטן ער זאָל זיי איבערגעבן די מיל, דאָס הויז. סיי ווי וועט ער ניט קענען בלייבן אין דאָרף, איז בעסער אַז זיי, די זשוקעס, זאָלן האָבן דאָס אַלעם, איידער די דייטשן; זיי זיינען געווען גרייט אפילו צו באַצאָלן. דער אַלטער האָט אפילו ניט געוואָלט הערן דערוועגן. ער איז אַרומגעגאַנגען אַ פֿאַרדאַגהטער און געוואָרן מיט יעדן טאָג גרויער און איינגעעקשנטער.

— זאָל געשען, וואָס עס וויל — האָט ער געטענהט — ניט אָפּזאָגן זיך אַליין פֿון מיל, כל זמן מען צווינגט ניט. די הענט וואָס

האָבן זי געבויט וועלן ניט חתמענען איר גזר; ניט אָפּשרייבן, ניט אָפּזאָגן זיך, זאָל דער גורל טון וואָס ער וויל.

האָבן זיי געהאַלטן, אַז דאָס האָט דער גורל זיי באַצייכענט ווי די איינציקע ירשים, און צעקיניגט זיך. זיי האָבן אַרויסגעוואָרפן פון די שטובן אַלעס, וואָס האָט געטראָגן אַ יידישן חותם, אויס־געשטעלט איקאָנעס, צלמים, צעהאָנגען הייליקע בילדער. און געווען זיכער אַז זיי בלייבן שוין ראַ לצמיתות קיינער פון די יידן וועט דאָך שוין ניט קומען מאָנען זיין רעכט; פון יענער וועלט קומט מען דאָך שוין ניט צוריק.

.2

זיי האָבן אָבער געמאַכט אַ חשבון אָן באַלעבאָס. און באַלעבאָס איז דעמאָלט טאַקע ניט געווען האַרציקע רעמבינער — נאָר דער, וואָס האָט אים געמאַכט אויס באַלעבאָס, און געהערשט איבער דער גאַנצער מדינה — דער דייטש. ווי אַזוי איז עס געשען, אַז די דייטשן האָבן זיך פּלוצים דערמאָנט אין דער אַמאָליקער יידי־שער מיל — איז שווער צו וויסן.

ווען די זשוקעס מיט זייערע ווייבער און קינדער זיינען אַ וונטיק נאָך דער קירכע אַהיימגעקומען — האָבן זיי געזען אַז זיי האָבן ניט מער וווּ אַריינצוגיין. די מיל איז געווען פאַרחתמעט, און אַלע זאַכן פון די שטובן האָבן זיך געפונען אין הויף. עטלעכע דייטשע זעלנער האָבן זיך געדרייט אין הויף מיט ביקסן אויף די אָרעמס און באַפוילן זיך אָפּצוטראָגן אין לויף פון טאָג. די זשוקעס האָבן זיך משער געווען, אַז דאָס האָבן ניט־פאַרגינערישע פּויערים זיי געמוזט מסרן — אָבער עס האָט זיי גאָרניט געקענט העלפן. זיי האָבן געמוזט אַוועק.

אין עטלעכע טעג שפּעטער איז אַראָפּגעקומען אַן אינזשעניער פון פּרייסן און איבערגענומען די מיל. ער האָט אַראָפּגעבראַכט עטלעכע אַרבעטער און גענומען איבערבויען די מיל. מ'האָט אַרויסגענומען דעם פּלאַנזיכטער און אַנדערע מאַשינען, געבראַכט נייע מאַשינען — און פאַרוואַנדלט די מעל־מיל אין אַ פּולווער־מיל. יעדן טאָג פלעגן קומען לאַסט־אויטאָס און געבראַכט סרחהדי־קע שטיינער און שטיינדלעך צום מאָלן און אַוועקגעפירט זעקלעך

מיט שוועבל, מיט פּולווער פאַר די אַמוניציע־פאַבריקן אין דער שכנותדיקער שטאָט. אַזוי טאָג־איין, אַזוי טאָג־אויס.

דער אינזשיניער האָט אַראָפּגעבראַכט זיין הויזגעזינט, און צעבאַלעבאַטעוועט זיך אין הויז, איינגעאָרדנט אויף אַ ריין־פּריי־סישן שטייגער. באַהאָנגען די ווענט מיט בילדער פון יאַגד, און ווילדע חיות. און מיט נאַציאָנאַלע גדולים. און אַראָפּגעבראַכט פון שטאָט אַ הערלעכע פּיאַנאָ, וואָס איז געבליבן נאָך אַ ייד. און זיין יונגסטע טאָכטער האָט געלערנט זיך שפּילן. זי האָט געשפּילט פון קאָפּ „דויטשלאַנד, דויטשלאַנד איבער אַלעס" און „האָרסט־וועסל־ליד" און געמאַכט גרייזן, געפעלשט די טענער, ווייל זי האָט געהאַט אַ שלעכטן געהער, און איר טאַטען, דעם אינזשיניער, פלעגט עס הויבן פון אָרט.

טאָג און נאַכט האָבן די מיל־רעדער געדרייט זיך און געמאַכט אַ רעש, און דאָס שוועבל האָט געסרחהט, און דער טייך האָט גע־טראָגן ווייט אַוועק די גרייזיקע טענער פון העם מיידלס שפּילן, און געדאַכט האָט זיך אַז אַזוי מוז עס שוין זיין, אַז אַזוי וועט עס שוין בלייבן אויף שטענדיק.

.3

אָבער אַ שיינעם פאַרטאָגס האָט דאָס אַלעס אויפגעהערט. איבערגעריסן געוואָרן אין דער מיט. דער אינזשיניער מיט זיין פּרייסיש הויזגעזינט האָבן פּלוצים עוקר געווען, באַקומען אַ גע־היימען באַפעל. ווען חיים דעמבינער איז געקומען מיט זיינע פאַר־טיזאַנער אומגעריכט, כדי צו דערוווישן דעם דייטש — האָבן זיי שוין קיינעם דאָ ניט געטראָפן.

די פּויערים האָבן אים קוים דערקענט, חיימען. ער איז געווען גאָר אַ יונגל נאָך, ווען ער איז מיט דער משפּחה פאַרשלעפּט גע־וואָרן, און איצט איז ער געקומען ווי אַן אָפיציר בראש פון אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער. אָבער ער האָט זיי יאָ דערקענט, יעדן פּויער פון די שכנותדיקע דערפער. ער האָט זיך געפרייט מיט זיי. זיי מיט אים אויך, מיט דער פרייהייט וואָס ער האָט זיי געבראַכט.

די גלאָקן האָבן גענומען קלינגען און אָנגעזאָגט די באַפרייאונג, פאַרקלינגען דעם רעש פון די טאַנקן און די רויטע אַרמעע־אָפּטיי־

לונגען, וואָס האָבן געצויגן זיך מיילן ווייט אויף די הויפּט־שליאַכן פֿון דער געגענט און געיאָגט דעם שונא. דער גלח פֿון אַמבאָנע אַראָפּ האָט געבענשט די רגע ווען חיים דעמבינער מיט זיינע פּאַרטיזאַנער האָבן באַטרעטן די היגע ערד און געבראַכט פֿרייהייט. ער איז געווען צופֿרידן, אַז אַ היגער תושב האָט פֿאַרטריבן דעם פֿיינט און ניט אַ פֿרעמדער. ער האָט דערין געזען אַ סימבאָל, אַ געטליכן רמז...

און שפּעטער האָט דאָס גייעס גענומען שיכורן. געשיכורט אַ גאַנצן טאָג, און אַ גאַנצע נאַכט און געטרונקן צום געזונט פֿון חיימען, דעם באַפֿרייער, דעם היימישן גואל, און געשריגן שיכורעהייט: זאָל לעבן חיים דעמבינער, דער אָפּיציר חיים, וויוואַט, זאָל לעבן!

צומאָרגנס, באַלד פֿאַרטאָגס, האָט חיים זיך געזעגנט מיט דער מיל, מיט די פּויערים, און צוגעזאָגט צוריקצוקומען ווי נאָר די אומשטענדן וועלן דערלאָזן. געגאַנגען ווייטער קעמפֿן. דער שונא איז נאָך געווען שטאַרק. בערלין איז נאָך געווען ווייט, און דער וועג אַ שווערער. איז ניט געווען וואָס צו זוימען.

## .4

ווען ער איז צוריקגעקומען האָט ער געטראָפֿן אין הויז ניט מער ווי הוילע ווענט, און אין מיל — בערגער מיט שוועבל־שטיינער און זעקלעך פּולווער, און דעם אַלטן פּערלאַק, די קאַשע־מאַשין, פֿון וועלכער דער טאַטע זיינער האָט אָנגעהויבן בויען די מיל. דעם פּערלאַק האָבן זיי ניט גערירט. דאָס האָלצערנע געשטעל, וואָס איז געווען דורכגעפֿרעסן פֿון צייט און ווערים, און דער שווערער שטיין, וואָס דרייט זיך אינעווייניק — האָבן ניט פֿאַרגעשטעלט קיין שום ווערט פֿאַר די, וואָס האָבן אַלעם צוגערויבט פֿון דאָ. דעם בלעכערנעם בעקן, וואָס נעמט אַרום דעם שטיין און דרייט זיך מיט אים אינאיינעם, האָבן זיי אויך אַוועקגעשלעפּט אַלעם, וואָס איז געווען פֿון אייזן און שטאָל, רעדער, מאַשינען און געשטעל, האָבן זיי צענומען און פֿאַרקויפֿט אויף שמעלץ. חיים איז געווען איבערצייגט, אַז דאָס האָבן די פּויערים אַלעם צוגערויבט, אָבער ער האָט גאָרניט געקענט טון; ער האָט קיינעם ניט געכאַפּט ביי דער האַנט.

ווען ער האָט זיך אַביסל אָפּגערוט, איינגעאָרדנט זיך אַ געלעגער אין שטוב, האָט ער גענומען זיך ארומקוקן אין מיל. פון אַלטן פּערלאַק האָט ער גערעכנט נאָך צו מאַכן אַ לייט. ער האָט געטראַכט אָנצוהויבן פון פּערלאַק, אַזוי ווי דער טאַטע האָט עס געטון אַמאָל. מעגלעך אַז עס וועט זיך עמעץ אָפּגעפונען פון דער משפּחה. אויף טאַטע־מאַמע און די דריי עלטערע ברידער. און די צוויי יונגערע שוועסטערלעך האָט ער ניט מער גערעכנט. ער ווייס גענוי ווי אַזוי זיי זיינען אומגעקומען. אָבער וועגן דער עלטסטער שוועסטער, ביילע, און וועגן לייבלן, דעם יונגערן פון אים מיט אַ יאָר — האָט ער גאָרניט געוווּסט. איז דאָך ניט אויסגעשלאָסן, אַז זיי וועלן זיך אָפּגעפונען. מעגלעך, אַז זיי איז אויך געלונגען צו אַנטרינען פון אַן ארבעטס־קאָמאַנדאָ אין וואַלד אַריין, ווי אים, און זיי לעבן ערגיץ. און וועלן קומען.

וועט מען לעבן פון פּערלאַק. אָנהויבן מיט גערשט, מיט קאַשע, מיט גרויפּן. דער טאַטע האָט אויך אַזוי אָנגעהויבן. דערנאָך געקומען צו אַ פּאָר פּויערישע שטיינער. דערנאָך צו אַ פּאָר באַנוצטע וואַלצן. דערגאַנגען צו דריי פּאָר טאָפּלטע וואַלצן. און לסוף — געקומען צו אַ פּלאַנזיכטער. ער דערמאָנט זיך ווי איצט דעם יום־טוב וואָס האָט זיך געטון אין שטוב, ווען מ׳האָט אַראָפּגעבראַכט דעם פּלאַנזיכטער. דאָס איז געווען דעם טאַטענס גרעסטער ווּנטש אין זיין מילנערישער קאַריערע. אַ דאַנק דעם וועט ער קענען אַרויסברענגען ווייסער מעל, דינער און פיינער מעל, ווי אין אַלע גרויסע מילן אין דער געגנט, און קענען אויסהאַלטן די קאָנקורענץ פון אַנדערע מילנער, און אפשר גאר קענען קאָנקורירן מיט אַנדערע . . .

## .5

חיים האָט אַרומגעדרייט זיך אויפן גאָרן פון דער מיל און געטראַכט וועגן פּלאַנזיכטער, מיט וועלכן עס איז דעם טאַטן ניט באַשערט געווען לאַנג צו פרייען זיך, און געקוקט אויף די לעבער, ווו ער איז פריער געשטאַנען. ער האָט געטראַכט, אַז אויפן זעלבן אָרט וועט ווייטער שטיין אַ פּלאַנזיכטער, זיכער וועט ער שטיין. ער איז יונג, אַ סך יונגער ווי דער טאַטע, ווען ער האָט זיך גענומען איינאָרדנען די מיל.

דערווייל איז אים געלונגען צו לאָזן דעם פּערלאַק. אָבער ניט געווען קיין גערשט איינצושיטן. די פּויערים זיינען ניט געקומען.

אנומעלט זיינען געקומען די ברידער זשוק, געקומען ניט אויפ= געליינטע, שטאמעלדיקע. זיי האָבן אים געגעבן אָנצוהערן, אַז — בחינם זיין ווארטן, קיינער פון די פויערים וועט ניט קומען. זיי האָבן זיך צונויפגעשמועסט און פירן זייער גערשט און טחינה צום גויאישן מילנער, אַ טאָג וועגס אין איין זייט פון הי — און ווילן ניט קומען צו אַ ייד. זיי ווילן אים פארמיאוסן דאָס לעבן און צווינגען אים עוקר צו זיין פון דאָ.

חיים האָט געקוקט אויף זיי מיט פאראכט און געלאכט פון זייערע רייד. זיי האָבן גערעדט צו אים אין נאָמען פון זייער אַלטער פריינטשאַפט, און געפּרוווט אים איבערצייגן. ער זאָל זיי איבערגעבן די מיל, זיי זיינען אומשטאַנד צו באַצאָלן דאָס, וואָס אַ ליידיקע מיל איז ווערט; אַז ניט, זאָל ער זיי פארפּאַכטן די מיל, סייווי וועט ער מוזן אַוועק פון דאָ, איז בעסער זיי, ווי אַ פרעמד'ער, ווי פרעמדע פויערים . . .

חיים האָט געהויבן מיט די אַקסלען און געשמייכלט. ער האָט זיך איינגעעקשנט. ער וועט ניט אָפּזאָגן זיך פון דער מיל, וואָס זיין טאַטע האָט מיט אייגענע הענט געבויט, קיינמאָל ניט. זיין ברודער וועט דאָך קומען, זיין שוועסטער, זיי וועלן ברויכן פּרנסה. עס איז דאָך שוין סוף מלחמה, און ער פרעגט פאַר קיינעם ניט. טויזנטער מאָל אַ טאָג האָט ער געזען דעם טויט פאַר די אויגן, אין די לאַגערס, אין די וועלדער, אויף די פּראָנטן, און זיך אַן עצה געגעבן — פרעגט ער איצט אויך ניט. ער שרעקט זיך פאַר די צעיושעטע פויערים ניט. ער וועט זיך שוין זיין וועג דורכקלאַפּן, ווי דער טאַטע. ער וועט איבערוואַרטן די שווערע נסיונות, ווי עס שטייט אין אַ פאַרטיזאַנער און קעמפער, און וועט זיינס דערגרייכן, מוז זיינס דערגרייכן. ער וועט זיך ניט אָפּזאָגן פון זיין טאַטנס הייליקער פּראַצע.

6.

אין אָוונט איז ער אַרויס אויף די סטאַווידלעס און איינגעקוקט זיך אין טייך. דאָס וואַסער איז געפלאָסן רואיק און אויס געוויינ= הייט געלאָפן צו דער טורבין=צו, געוואָלט דינען, געוואָלט זיך לאָזן

אויסנוצן. אָבער אַ האָלצערנער פּאָרהאַנג האָט פאַרשטעלט דעם וועג און אָפּגעוואָנדן דאָס וואַסער פון טורבין־געשטעל צו די זייטיקע קאָריטעס. איז ער געשטאַנען און געקוקט ווי דאָס וואַסער קלאַפּט זיך אָפּ מיט רעש און געשפּריץ, און לויפט מיט כעס ווייטער מיטן טייך, קומט אַוועק ערגעץ ווייט אויף יענער זייט מיל, און מישט זיך אויס מיט דער טונקעלקייט פון אוונט, וואָס שפּרייט זיך שוין איבער די פעלדער.

עס האָט אים ווי געטון אין האַרצן, אַז אַזויפיל וואַסער גייט לאיבוד, אַז אַזאַ רחבותדיקער טייך גייט זיך פאַרביי אַ טרייב־ראָד — און גאָרניט, אַזוי ווי דער טייך וואָלט קיין טייך ניט געווען, און דאָס טרייב־ראָד וואָלט קיין טרייב־ראָד ניט געווען, ווי ניט אַ וואַסער־מיל וואָלט געשטאַנען אינמיטן דערינען. ער האָט זיך געחידושט: ווי לאַנג נאָך וועט אויסקומען אָפּצוימען דעם שטראָם פון טורבין, און וואַרטן איך גערשט, אויף פּויערים?

ער האָט געריבן אַ האַנט אין אַ האַנט, אַ שפּיי געטון אין וואַסער און געקוקט ווי דער שטראָם כאַפּט אויף דאָס שפּייעכץ און נעמט עס מיט לאַנגאויס דער קאָריטע, צעקרישלט עס אין שטיקלעך שפּיי, אין זילבערדיקע בלעזלעך; און יעדער בלעזעלע הוידעט זיך אויפן רוקן פון אַ כוואַליע און ווערט נעלם ערגעץ ווייט אינעם טייך, אין דער טונקעלקייט. ער האָט נאָך אַ שפּיי געטון און געטראַכט דאָס זעלבע און געזען כמעט דאָס זעלבע, און ביי יעדן שפּיי, נאָכגעשליידערט: טפו, ניט דערלעבן... טפו, אַ רוח אין זיי... טפו, אין די זשוקעס, אין די זשוקעלעך!

ער איז אַזוי געווען פאַרטון אין מחשבות, אין שפּייען, אין קללות אַז ער האָט ניט באַמערקט, ווי שאָטנס פאַרגנבהנען זיך הינטער אים, ווי פעסטע, פּויערישע הענט ציען זיך אויס און כאַפּן אים ביי די אַקסלען, ביי די זייטן, און הויבן אים, און נידערן אים, און שטיקן אים, נעמען אים אָפּ דעם אָטעם. ער האָט זיך געווערט, געוואָלט צוריקכאַפּן דעם אָטעם, און מיט אַלע כוחות געריסן זיך פון די שטיקענדיקע צוואַנגען. עס איז אים געלונגען צו באַפרייען דעם קאָפּ, די נאָז, און אַריינכאַפּנדיק דעם ערשטן אָטעם, און אוועקשאַרנדיק דעם שלייער פון די אויגן — האָט ער געזען, אַז ער איז אין וואַסער, אַז ער ווערט געטריבן דורכן שטראָם. און ווען

ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף צוריק, האָט ער געזען שאַטנס אויף די סטאַווידלעס, און פֿויערישע פּייסטן, וואָס הויבּן זיך און באַוועגן זיך אין זייט, און וואַרפֿן אַ דראָאונג אינעם וואַסער, אויף די כוואַליעס, וואָס יאָגן אים נאָך...

7.

צומאָרגנס האָט ער פֿאַרבראַכט פֿון פֿאַרטאָגס אין פֿעלד, קעגנאיבער דער מיל, און געטרוקנט זיינע מלבושים אויף דער זון. די זון איז געווען אַ גליאיקע, באַזונדערש מיטאָג־צייט, און געפּרעסן די פּייכטקייט, וואָס איז געבּליבּן שטעקן אין די פּעדעם, און צווישן־די־פּעדעם פֿון זיינע בּגדים און וועש, און געפּרעסן זיין הויט, זיין לייב. שפּיזיקע זון־שטראַלן האָבּן געעגבערט זיין שאַרבּן און געמאַכט לעבער אין זיין מוח, געשעדיקט דעם געהירן. ער האָט באַהאַלטן דעם קאָפּ אונטער די נאַסע קליידער און געזוכט אַ היילונג צו די ווונדן אונטער׳ן שאַרבּן, צו די גליאיקע מחשבות.

עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער שווימט, אַז ער שווימט ווייט אַוועק, בּיז אַ בּרעג, קריכט אַרויס אַ פֿאַרמאַטערטער, און בּלייבּט ליגן, שלאָפֿט איין, אַזוי ווי נעכטן אוונט... שלאָפֿט ווי אַ טויטער. פּלוצים קומט זיין טאַטע אים אין חלום, און וועקט אים. ער הערט אַ רעש. אַ געקלאַפּ, ווי מיט האַמערס. אַ רויש, און געקרעכץ, ווי אַ בּרענענדיק הויז אונטער באַמבּעס... ער רייסט זיך אויף. לויפֿט צו דער מיל צו. אָבּער, דער וועג איז אַ ווייטער, אַזאַ ווייטער. און, ווען ער קומט אַהין — איז שוין צו שפּעט, צו שפּעט... דער פּערלאַק, דער פּערלאַק ליגט אין חורבות... אַ בּאַרג מיט געהילץ, אַ בּאַרג מיט שטיינער, מיט שטיינדלעך: אוים פּערלאַק!... פּויערישע הענט, די זעלבּע הענט, וואָס האָבּן אים אין וואַסער געשטויסן — האָבּן צעבּראָכן, דאָס געשטעל, צעקרישלט דעם שטיין, צעשמעטערט דעם זיפּ־בּעקן, וואָס ער האָט באַוויזן, מיט גרוים מי, צונויפֿצושטעלן: אוים פּערלאַק, אוים!

די נעצקייט פֿון די בּגדים האָט גענומען אינגאַנצן פֿאַרשווינדן, און די זון האָט באַקומען מער גלי, מער חוצפּה, און יעדע מחשבה איז געוואָרן אַ שטיק גלי, אַ שטיק פֿייער.

— אוים! אוים־ס־ס־ם! אוים פּערלאַק. אוים פּלאַנזיכטער. אוים מיל. אויססס!...

ווי אַן אָפּגעבריטער, האָט ער זיך אויפגעריסן און געוואָלט לויפן, אָבער באַלד ביי די ערשטע טריט, איז ער אַנידערגעפאלן. ער האָט זיך ווידער אויפגעריסן, אָבער די פיס האָבן ניט געוואָלט דינען. איז ער געבליבן ליגן. לאַנג געליגן. און געדאכט האָט זיך אים, אַז ער ליגט ניט, נאר שוועבט אין דער לופטן; אַז זיין קאָפּ האָט זיך אָפּגעריסן און דרייט זיך, און קייקלט זיך, אַהין און אַהער, אַהין און אַהער. ווי אַ מיל־שטיין, ווי דער שטיין פון פערלאַק, פון זיין פערלאַק... און געדאַכט האָט זיך אים, אַז דער פערלאַק גייט, דרייט זיך, דרייט זיך, מאלט גערשט, מאלט קאשע... און דער טאַטע שטייט דערנעבן ווי אַמאָל, און טאַפּט די קאַשע, און לאָזט גיכער לויפן דעם שטיין, גיכער, נאָך גיכער... אָבער ניין, ניט דער טאַטע שטייט נעבן פערלאַק, ניט דער טאַטע!.. און ניט ער, חיים, ער אויך ניט... די זשוקעס, די זשוקעס שטייען נעבן פערלאַק, טאַפּן די קאַשע, דרייען אויף דעם שטיין, און מאַכן אים לויפן גיכער, גיכער, קוים ער האַלט זיך אויפן אַקס, און קלאַפּן זיך די בייכער, די זשוקעס!...

ער האָט זיך ווידער אויפגעריסן, און גענומען קריכן אויף אַלע פיר צו דער מיל צו. געוואקלט זיך. געפאלן. צוגעשארט זיך אויפן בויך און געבליבן ליגן אויפן קאלטן דיל פון מיל. ער האָט געזען דעם באַרג מיט געהילץ און שטיינער, די חורבה פון פער־לאַק, די חורבה פון אַ חלום... און, אין ווינקל, ניט ווייט פון פערלאַס, האָט ער געזען דאָס בערגל מיט שוועבל־שטיינער, און זעקלעך מיט פולווער, וואָס איז געבליבן נאָך די דייטשן... ער האָט געקוקט איינמאָל אויפן פערלאַק, איינמאָל אויפן ווינקל מיט שוועבל; איינמאָל אויפן שוועבל, איינמאָל אויף דער חורבה פון פערלאַק; אויף דעם שוועבל, אויף דעם פערלאַק; אויף דעם שוועבל, אויף־דעם־שוועבל, אויפדעמשוועבל...

ער האָט זיך פּלוצים אויפגעשטעלט, אָפּגעקלאַפּט זיך פון וואַנט און גענומען לויפן צו זיך אי, שטוב. ער איז געלאָפן גיך, ווי מ'וואָלט אים געטריבן און געיאָגט מיט אַ פייערדיקער בייטש. ער איז אַריין צו זיך אין צימער, אויפגעריסן די שפּלאָדן און געזוכט, און געפונען; געפונען שוועבעלעך, און געלאָזט זיך לויפן צוריק אין

מיל אַריין, צום פּערלאַך־צו, צום ווינקל מיט שוועבל, מיט די שוועבעלעך צום שוועבל.

8.

דערנאָך איז ער צוריקגעלאָפֿן אין פֿעלד, וווּ די בגדים זיינען געלעגן, און געלעגט זיך קוקן אויף די ערשטע פֿלעמלעך, וואָס שלאָגן פֿון מיל אַרויס. ער האָט געזען פֿלאַמען און אַ רויך, און געזען די זשוקעס, וואָס לויפֿן צו דער מיל צו. און געזען דאָס גייעס, וואָס לויפֿט פֿון די הייזקעס, פֿון די דערפֿער, און וויל לעשן, וויל לעשן — און קען ניט, קען ניט.

און פּלוצים האָט ער דערהערט אַ רעש, אַ משונהדיקן הילך, אַן אויפֿרייס. די מויערן פֿון דער מיל האָבן זיך אַ וואַקל געטון, צעריסן זיך אויף טויזנטער שטיקלעך און אַלעם פֿאַרהילכט, פֿאַרטויבט, אַלעמען פֿארשיט, צוגעשיט. אים — אויך.

# קבר אבות

סעם גרינבערג האָט אַ גאַנצע נאַכט ניט געקענט שלאָפֿן. ניט דערפֿאַר, וואָס ער איז געווען נאָך שטאַרק פֿאַרמאַטערט און צעבראָכן נאָך דער לאַנגער רייזע, און ניט דערפֿאַר, וואָס דאָס בעט אין „האָטעל פּאָלסקי" איז ניט געווע׳ אַזאַ באַקוועמעס — נאָר צוליב דער גרויסער איבערלעבונג, וואָס האָט געוואַרט אויף אים דעם היינטיקן פֿרימאָרגן. אויף דעם היינטיקן טאָג וואַרט ער שוין זייט לאַנגע יאָרן. נאָך קנאַפּע דרייסיק יאָר וועט ער ווידער דערזען זיין שטעטעלע. ווו ער איז געבוירן געוואָרן מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, ווו ער איז אין חדר געגאַנגען, ווו ער איז אין שול געגאַנגען, און ווו עס ליגן זיינע באָבע־זיידע און ווייטע קרובים. און אפֿשר וועט ער דאָרט נאָך טרעפֿן עמעצן פֿון די קרובים, פֿון די באַקאַנטע יידן? עס איז אמת, אַז אין ניו־יאָרק, אין לאַנדסמאַנשאַפֿט, האָט מען גאָרניט געהערט וועגן אָלשינער יידן נאָכן קריג, און ס׳איז געווען אַ ספֿק צי עמעץ איז געבליבן לעבן פֿון די אַכצן יידישע משפּחות דאָרט — אָבער דאָך האָט זיך געגלייבט, אַז די ידיעות זיינען ניט קיין גענויע, און מאַנכע אָלשינער יידן וועלן זיך דאָך אָפּגעפֿונען. וואָס קען מען וויסן, אַז אַזאַ גרויסער מהלך טיילט אָפּ אָלשין פֿון ניו־יאָרק? אַז מ׳איז אויפֿן אָרט קען מען ערשט וויסן. יידן באַהאַלטן זיך נאָך תמיד אויס, האָבן מורא צו ווייזן זיך; נאָר אַז זיי הערן, אַז ס׳איז געקומען אַן אַמעריקאַנער דעלעגאַט, אַ לאַנדסמאַן מיט געלט, מיט דאָלאַרן פֿון מעבר לים — קומט מען אַרויס פֿון די לעכער, מ׳געפֿינט זיך אָפּ...

אַז אין דער גרויסער פּאָוויאַט־שטאָט לעבן קנאַפּע צוויי הונדערט יידן האָט מען פֿון פֿריער געוווּסט און געהאַט אפֿילו די נעמען זייע־

רע אין ניו־יאָרק, אָבער וועגן די אָלשינער האָט מען בכלל גאָרניט געוווּסט. סעם גרינבערג האָט זיך אונטערגענומען מיטצופאָרן מיט דער דעלעגאַציע פון די לאַנדסלייט, וואָס איז געפאָרן אין דער פּאָוויאַט־שטאָט, כדי אויסצוגעפינען דעם אמת וועגן די אָלשינער יידן. עס איז געווען אַ גרויסער סכסוך אינערהאַלב פון קאָמיטעט בנוגע דער קאַנדידאַטור פון סעם גרינבערג. אַזוי ווי ער איז אַ געבוירענער אין אָלשין, אַ פּראָווינצער, האָט מען ניט געהאַלטן פאַר פּאַסיק, אַז ער דאַרף אַריינגיין אין אַ דעלעגאַציע, וואָס וועט רעפּרעזענטירן די יידן פון דער פּאָוויאַט־שטאָט. עס איז קעגן דעם רעגולאַמין פון פּאַראיין. אייזיק בוימוואָל גופא, דער פּרעזידענט פון פּאַראיין, איז ניט געווען שטאַרק דערקעגן. ער אַליין איז אויך געווען אַ שטיקל מחותן מיט אָלשין. געהאַט דאָרט אַ סך קרובים: די באָבראָווסקיס, די תבואה־הענדלער, זיינען געווען זיינע מחותנים, און דער זיידע זיינער ר׳ בעריש בוימוואָל, איז דאָרט צו קבורה געקומען. האָט ער ניט געזאָגט ניין, און ניט געזאָגט יאָ — און לסוף געפונען אַ פּשרה. ער האָט פאָרגעשלאָגן, אַז עס זאָלן ניט פאָרן צוויי דעלעגאַטן, נאָר דווקא דריי, און דער דריטער זאָל זיין אַ פאָרשטייער פון די פּראָווינץ־יידן. און אַזוינאָך האָט סעם גרינבערג זיך באַהאַפטן צו דער דעלעגאַציע.

— נאָר בתנאי, האָט אייזיק בוימוואָל, דער פּרעזידענט, געשטעלט אַ באַדינג — אַז וועסט מיר זיך נאָכפרעגן וועגן מיינע לייט דאָרט, און אַראָפּכאַפּן זיך אויפן בית־החיים און אַ קוק טון צו ר׳ דוב־בער בוימוואָל, זען צי די מצבה שטייט נאָך... און הייסן שטעלן אַ פרישע, אויב מ׳דאַרף... ער האָט עס כשר פאַרדינט, אַ גוטער, זייער אַ גוטער זיידע געווען... הערסט, סעמקע, אַז ניט קריגסטו מיין הסכמה ניט!...

— אָ־קעי, מיסטער פּרעזידענט, אַ ברכה אין אייערע ביינדלעך אַריין, האָט סעם צוגעשטימט.

ווי נאָר זיי זיינען אָנגעקומען אין „האָטעל פּאָלסקי” האָט סעם גרינבערג גענומען זיך ארומקוקן וועגן אַ מעגלעכקייט אַהינצוקריגן זיך אין אָלשין. אָבער אָלשין איז נאָך תמיד געלעגן פאַרוואָרפן ערגעץ אין אַ זייט, ווייט פון די הויפּט־וועגן און באַן־ליניעס, און קיין צוג איז

ניט געגאַנגען אַהינצו, און קיין אויטאָ האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעמען אַהינצופאָרן צוליב דעם שמאָלן און שלעכטן וועג, וואָס פירט פון שטאָט אין שטעטל. ער האָט צוגעזאָגט אַ סך געלט, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. ער האָט געוואָלט לאָזן זיך אין וועג אַריין, גיין צופיס, לויפן — איז ער אָבער געווען שטאַרק מיד נאָך דער לאַנגער נסיעה, און מ׳האָט אים געוואָרנט, אַז אינטערוועגנס איז ניט אַזוי זיכער אַז עס קומט אויס פאַרבייצוגיין דעם וואַלד, אין דאָרט לויערן באַנדיטן, מערדער, וואָס הרגענען יידן — האָט ער באַשלאָסן אָפּצולייגן איף צומאָרגנס. דער הויפּט־באַדינער פון האָטעל האָט אים צוגעזאָגט צו געפינען אַ דראָזשקע, אויב ער וועט געבן אַ פּעקל אַמעריקאַנער ציגאַרעטן פאַר דער טרחה. סעם גרינבערג האָט געגעבן ניט איין פּעקל, נאָר גאַנצע דריי, און געווען גליקלעך, אַז ער וועט האָבן אַזאַ גוטע געלעגנהייט, און ניט מוזן גיין צופיס.

און נאָך אַ ניט־געשלאָפענער נאַכט האָט ער אָפּגעטיילט זיך פון דער דעלעגאַציע, אַריינגעזעצט זיך אין אַ דראָזשקע און געלאָזט זיך אויפן וועג, וואָס פירט אין זיין שטעטעלע אַריין.

עס איז געווען אַ שיינער פרימאָרגן. די פעלדער וואָס האָבן געצויגן זיך לאַנגאויס דעם וועג, זיינען געווען שטויביק־גרין, פאַרהילט אין אַ זאַמדיקן וואָלקן, וואָס האָט געריסן זיך פון אונטער די רעדער. דער וועג איז געווען אַ שלעכטער, נאָר גריבער און לעכער, און געלער זאַמד, וואָס האָט געקרישלט זיך און פאַרקראָכן אין די אויגן. סעם גרינבערג האָט צוגעמאַכט די אויגן אין געווען פאַרטון אין טראַכטן. ער האָט געטראַכט וועגן זיינע קינדער־יאָרן אין אַלץ, וועגן טאַטע־מאַמע, וואָס ער האָט געזאָלט אַהינעמען צו זיך, און אָפּגעשלעפּט. געוואַרט ביז ער וועט זיין אַ גאָר גרויסער גביר, אַ גאָר גרויסער... דערווייל האָט ער געוואָלט אַהינברענגען גיטעלען, זיין יונגסטער שוועסטער. יאָ, וויפל יאָר וואָלט זי איצט געהאַט, גיטעלע? פינפאונצוואַנציק, זיבנאונצוואַנציק? ער דערמאָנט זיך ניט גענוי, זי איז דאָך געבוירן געוואָרן נאָך זיין אָפּפאָרן. ער האָט זי ניט געקענט בכלל. אַ פאָטאָגראַפיע האָט ער געזען אַמאָל פון איר, אַ בילד אירס, צוגעשיקט פון דער היים... יאָ, ווי האָט ער עס געהייס,

נו יאָ — דזשעקל ברענער. דזשעקל ברענער האָט זיך טאַקע פאַרליבט אין איר בילד פון ערשטן בליק, און גענומען קריכן צו אים אין גודיען, ער זאָל איר מאַכן פּאַפּירן און ברענגען אַהערצו, ברענגען פאַר אים, פאַר דזשעקן, אַ כלה פאַר אים, ער וועט איר זיין געטריי ווי אַ הונט, וועט ער זיין; אַזוי האָט ער זיך פאַרליבט בלויז אויף איר בילד קוקנדיק... האָט ער געשריבן אַהיים און געשיקט דזשעקס אַ בילד מיט אַ צושריפט פון דזשעקן צו גיטעלען... האָט די מאַמע געזאָגט, אַז זייער פיין און זייער ווויל, אָבער בתנאי, אַז זי מיטן טאַטן וועלן מיטפאָרן מיט גיטעלען; זיי וועלן ניט אַרויסלאָזן דאָס קינד אין דער וועלט אַריין און בלייבן אין אָלשין אַליין... האָט ער אָפּגעשלעפּט, אָפּגעשלעפּט, צוגעזאָגט אַז שפּעטער וועט ער זיי אויך אַרויספאָדערן, נאָר קודם זאָל קומען גיטעלע. האָבן טאַטע־מאַמע ניט געוואָלט הערן דערוועגן. שפּעטער האָבן זיי געשריבן, אַז גיטעלע גייט מיט שיע באַבראָווסקיס זון, און עס וועט מערצישעם זיין אַ זיווג, און געגעבן אָנצוהערן, אַז די איינציקע מניעה איז — נדן... האָט עס אים שטאַרק פאַרדראָסן אויף טאַטע־מאַמע און אויף גיטעלען, און זיך אַ לאַנגע צייט געברוגזט אויף זיי, כאָטש בשתיקה האָט ער געזאַמלט נדן פאַר איר און געווען גרייט צו שיקן, טאָמער עס ווערט פון שידוך...

פּלוצים האָט זיך די דראָזשקע אַ וואַקל געטון, אַריינגעקראָכן אין אַ טיפן גרוב, און אַ פעסטער טרייסל האָט אים אַרויסגעריסן פון די טראַכטענישן. דער באַלעגאָלע האָט געצויגן ביי די לייצעס, געפּאָכעט מיט דער בייטש איבערן פערדס אַלטן רוקן און געשאָלטן דאָס פערד, דעם וועג, דעם „האָטעל פּאָלסקי", וואָס האָט אים צוגעזאָגט אַזאַ נסיעה, און דעם אַמעריקאַנער פּאַסאַזשיר, וואָס האָט זיך דווקא אויסגעקליבן דאָס דאָזיקע פאַרוואָרפענע שטעטעלע, צו וועלכן עס פירט אַזאַ פאַרשאָלטענער וועג.

סעם האָט פאַרשטאַנען די קללות, געלאַכט צו זיך, און גענומען אַרויסקריכן פון דראָזשקע. דער באַלעגאָלע איז אויך אַראָפּ, און באַמערקנדיק דעם פּאַסאַזשירס שמייכל, זיך אָנגערופן אונטער דער נאָז, ווי צו זיך: דער פּריץ פאַרשטייט פּויליש, פּאָ פּאָלסקו, האַ?

— טאַק, האָט סעם געענטפערט מיט אַ געלעכטער. טאַק.

דער באַלעגאָלע האָט ניט געוואָלט גלויבן. געחידושט זיך, און געפרעגט אַ נייגעריקער: און ווען גייט עס דער פּריץ באַזוכן אין אָלשין, אויב מען מעג וויסן?

סעם האָט געשוויגן, און פארלוירן דעם שמייכל פון זיין פּנים.

— קענט איר דען אַלע מענטשן פון אָלשין, האַ? האָט סעם אַ ווייל שפּעטער געפרעגט, קוקנדיק דעם באַלעגאָלע אין די אויגן.

— יאָ, אַלעמען. איך בין אַ דאָרטיקער, אַן אָלשינער — האָט דער אַלטער געענטפערט הייזעריק. נאָר זייט דער מלחמה געצויגן זיך אין שטאָט. דאָ האָט מען געקענט מער פאַרדינען ווי אין אָלשין. ניט געווען קיין בענזין, זיינען אויטאָס געשטאַנען, און מענטשן האָבן באַנוצט פערד. איז געווען לייכטער צו מאַכן אַ לעבן אין שטאָט. יאָ, איך קען זיי אַלעמען דאָרט...

דער אַלטער האָט אַ קוק געטון שאַרף אויף זיין פּאַסאַזשיר, אונטערגעהוסט, צוגעגאַנגען צום שענקעלע פון זיין געזעס און אַרויס־געצויגן אַ פלאַש מיט אָקעוויט: — נאַ זדראָוויע, האָט ער אויסגע־רופן און אַ צי געטון ביים גאָרגל פון פלאַש.

סעם האָט אַרויסגעצויגן אַ פּעקל ציגאַרעטן און מכבד געווען. דער אַלטער האָט פאַרצויגן, גענומען נאָך אַ זופּ פון פלאַש, אַ געשריי געטון אויף פערד־לשון צום פערד, אונטערגעהויבן דאָס איינגע־זונקענע ראָד — און די דראָזשקע האָט גערירט פון אָרט.

סעם האָט באַדויערט, שטאַרק באַדויערט, אַז ער האָט ניט אַרויסגעפאָדערט זיי אַלעמען, דעם טאַטן, די מאַמען, און גיטעלען, אַלע דריי אינאיינעם... זיי זיינען דאָך געווען גערעכט טאַטע־מאַמע, וואָס זיי האָבן זיך ניט געוואָלט שיידן פון זייער מוזיניקל, פון זייער גראָטעגנער טאָכטער... מ׳האָט געמוזט האָבן אַ האַרץ פון אַ גזלן ניט צו פאַרשטיין אַזאַ פּשוטע זאַך... ער האָט באַדויערט, אַז ער האָט אָפּגעשלעפּט... ווען ער פאָדערט זיי אַלעמען אַרויס דאַמאָלס, וואָלטן זיי דאָך געווען אין ניו־יאָרק, געווען און געלעבט, געלעבט נאָך...

— און די גרינבערגס קענט איר דאָרט, אין אָלשין, האַ? האָט ער אַ צי געטון דעם באַלעגאָלע ביים רעקל.

ווער האָט עס ניט געקענט די גרינבערגס? וועמען מיינט איר אייגנטלעך, נטע גרינבערג, דעם ירידניק, וואָס געוווינט אין מאַרק, אָדער מענדל גרינבערג, פון דער פּאַשאַרניע?

— נטע גרינבערג פון מאַרק, געקענט אים?

— געקענט אים, יאָ. געקענט אים זייער גוט... געפאָרן אויף יאַרמערק מיט אים, אַ גוטער זשיד געווען... און די גרינבערגאָווע, די נטעבע, געקענט, און זייער טאָכטער, די שיינע גוטשע, ווי מ'האָט זי גערופן... ניט געווען נאָך אַזאַ שיין מיידל אין אָלשין, אפילו ביי די פּאָליאַקן ניט... ניטאָ קיינער פון זיי, קיינער ניט. גוטע זשי-דעם געווען...

די דראָזשקע איז געקראָכן פון איין גרוב אין צווייטן, געבויגן זיך אין אַלע זייטן און געקרעכצט מיט די ניט-געאייילטע גלידער, געסקריפּעט און געמאַכט אַ רעש, ווי זי וואָלט געוואָלט פאַרהילכן דעם באַלעגאָלעס רייד. סעם האָט געשוויגן, ניט געוואַגט איבער-צופרעגן און דער אַלטער האָט ווייטער גערעדט, ווי מען וואָלט אים געצויגן ביי דער צונג: ניטאָ מער קיין זשידעס אין שטעטל, קיינער ניט. מאַנכע פון זיי איז באמת אַ שאָד, מאַנכע פון זיי, ניט אַלע. די גרינבערגס איז זיכער אַ שאָד... זיי האָבן נאָך געקענט לעבן. געווען אַ שרעק צו זען, ווי מ'האָט אַלע זשידעס אַוועקגעפירט פאַר-טאָגס אין וואַלד און אויסגעקוילעט...

— ווייסט איר אפשר ווו עס זיינען זייערע קברים, האַ? האָט סעם איבערגעהאַקט זיינע רייד און דערלאַנגט נאָך אַ ציגאַרעט.

— אין וואַלד, האָט ער אַ ווייז געטון מיט דער האַנט אויפן וואַלד, וואָס מ'האָט געזען פון דערווייטנס.

— אָבער ווו? דער וואַלד איז גרויס.

— גיי ווייס. דאָרט הערשן היינט די באַנדיטן און וואַל-מענטשן, ניט לייכט צו געפינען.

זיי האָבן זיך דערנענטערט צום וואַלד. די שאָטנס פון די ביי-מער האָבן זיך שוין געלייגט אויפן וועג, אונטער די רעדער, און פאַרדעקט די זון-פלעקן, וואָס האָבן געוואַלגערט זיך אונטער דער דראָזשקע, אונטער דעם פערד.

— וויאָ! האָט דער אַלטער אַ פּאָכע געטאָן מיט דער בייטש איבערן רוקן פון פערד און אַ ווייז געגעבן צום וואַלד: אָט־אָ דאָרט אין וואַלד זיינען זייערע קברים...

סעם האָט אַ ציטער געטאָן און אַ קאַלטער שווידער איז אַדורך זיינע אברים: אין דעם־אָ וואַלד? — האָט ער איבערגעפרעגט.

זיי זיינען אַריינגעפאָרן אין וואַלד אַריין, צווישן די צוויי רייעס ביימער פון ביידע זייטן וועג. דאָ איז געווען קיל און שאָטנדיק, און אַן אומעט, און אַ גרויל האָבן געוויייעט פון דער טיפעניש אַרויס פון יעדן בוים. סעם האָט זיך צוזאַמענגעקורטשעט און ניט גע־וואַגט צו קוקן אויף די ביימער, און אויף דעם שטח צווישן איין בוים און צווייטן. אַ פּחד איז אים באַפאַלן און אַ טיפער צער, און געגנו־מען קלעמען ביים האַרצן.

— און די שול? האָט ער אַ צי געטאָן דעם אַלטן ביים רעקל. שטייט זי נאָך?

— קיין סימן ניטאָ פון איר. פאַרברענט. פאַראַקערט.ניטאָ מער

— האָט ער מאַך געטאָן מיט דער בייטש אין דער לופטן.

— און דער בית עולם?

— קיין סימן ניטאָ. פאַראַקערט.

— פאַראַקערט?

— די דייטשן האָבן חרוב געמאַכט און די פּאָליאַקן האָבן דער־ענדיקט, פאַראַקערט.

— און די מצבות?

— אויפגעריסן, צעקרישלט, און פאַרשיט די לעכער אויף די וועגן...

— דעם וועג־דאָ, דעם אונדזעריקן אויך? ! האָט סעם געפרעגט אַ דערשראָקענער.

דער אַלטער האָט אַ ווײַלע געשוויגן און דערנאָך זיך אָנגערופן מיט אַ געלעכטער: — דאָ ניט, איר זעט דאָך די לעכער... אָבער ווייטער, נענטער צום שטעטל־צו — יאָ, דאָרט איז טאַקע דער וועג אַ בעסערער.

סעם האָט געוואָלט נאָך עפּעס פרעגן, נאָר אַ קלעם ביים האַרצן האָט בײַ אים אַוועקגענומען דאָס לשון. ער האָט אַ קוק געגעבן אויפן

וועג און געווען צופרידן, אַז עס זיינען פאַראַן לעבער, גרויסע לע־בער אויפן וועג און אַז די דראָזשקע טרייסלט זיך, וואַקלט זיך, און ער הוידעט זיך, וואַרפט זיך פון איין זייט אויף דער צווייטער. ער האָט געהערט ווי דער באַלעגאָלע רעדט צווישן איין הוידע און דער צווייטער: „גאָרניט געבליבן פון יידישן צמענטאַזש, גאָרניט. אַ פלאַץ נאָר, אַ פאַראַקערטער... אַ פלאַץ נאָר צום פאַרקויפן... דער מאַגיסטראַט וויל אים טאַקע פאַרקויפן... אָבער פאַרלאַנגט אַ סך געלט, זייער אַ סך געלט... עס איז גוטע ערד, זייער גוטע ערד... ניט דאַרפן מיסטן לאַנגע יאָרן... זייער גוט וואַקסן אויף איר, ניט ברויכן מיסט, שפּאָרן פאָספאַט, שפּאָרן געלט... זייער גוטע ערד... וויל דער שטאָטראַט אַ סך געלט, ניט קיין וואונדער..."

פּלוצים האָט סעם דערפילט, אַז ער הוידעט זיך שוין ניט אַזוי שטאַרק, אַז די רעדער גייען גראָדער און די גרובער אויפן וועג קו־מען אַוועק — האָט ער אַ ציטער געטון און אַ צי געגעבן דעם אַלטן ביים עלנבויגן: סטאָפּ! — האָט ער אים געצויגן — סטאָפּ!

דער באַלעגאָלע האָט זיך אומגעקוקט און ניט פאַרשטאַנען אין וואָס עס גייט.

— סטאָפּ! האָט סעם איבערחזרט. בלייב שטיין. דריי אום צוריק אין שטאָט אַריין!

דער אַלטער האָט אָפּגעשטעלט דאָס פערד און ניט פאַרשטאַנען וואָס דער פּאַסאַזשיר וויל.

דריי אום, האָט סעם געשריגן צו אים. ניטאָ וואָס צו פאָרן אין אָלשין. ניטאָ קיין לעבעדיקע. ניטאָ קיין טויטע... ניטאָ צו וועמען. ניטאָ מצבות... ניט פאָרן איבער מצבות, איבער פאַרדעקטע גרובער, איבער צעקרישלטע מצבות אויף די וועגן, ניט פאָרן!... דריי אום!

דער באַלעגאָלע האָט גענוי ניט פאַרשטאַנען און וואָס עס האַנדלט זיך. ער האָט שוין געהאַט פאַרגעסן זיינע פריערדיקע רייד. ער האָט געוויזן מיט דער האַנט די ערשטע הייזקעס פון אָלשין און געוואָלט ווייטער פאָרן. סעם איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דראָזש־קע, צוגעלאָפן צום פערד, אָנגעכאַפּט ביים מויל־געשפּאַן, און גע־נומען אויסדרייען דעם קאָפּ פון פערד. ניט האָבנדיק קיין עצה, האָט דער באַלעגאָלע געלאָזט טון, און געלאָזט זיך פאָרן אויף צו־

ריק, ניט פֿאַרשטייענדיק בכלל אין וואָס עס גייט. ער האָט דערענדיקט די פֿלאַש מיט אָקעוויט, אַ קיק געטון מיט חשד איבן קאָפּ פֿון זיין פּאַסאַזשיר, אַ שטויס געטון דעם פֿערד, און גענומען זיך טרייסלען אויף צוריק.

סעם האָט אַריינגעזעצט זיך טיף אין געזעס, צוגעטוליעט זיך צו אַ ווינקל, און געוועז צופֿרידן, אַז ער הוידעט זיך שוין ווידער, אַז ער וואַרפֿט און בויגט זיך אינאיינעם מיט די רעדער, גרוב־איין, גרוב־אויס, לאָך־איין, לאָך־אויס. ער איז געווען גליקלעך. ער האָט געטראַכט וועגן זיינע קינדער־יאָרן, וועגן טאַטע־מאַמע, וועגן גיטעלען, די שיינע גוטשע, ווי מ׳האָט זי גערופֿן, און ניט געווען נאָך אַזאַ שיינע אין אָלשין, אַפֿילו צווישן די גויים ניט... געטראַכט וועגן רזשעק, וועגן שיע באַבראָווסקיס זון, וועגן נדן, וועגן מיסטער בוימוואָל, דעם פּרעזידענט, און זיין בקשה צו אים... אַ גוטער זיידע געווען, דער ר׳ דוב־בער בוימוואָל, ער האָט זיך כשר פֿאַרדינט אַ גייע מצבה, האָט ער זיך . . .

דער באַלעגאָלע האָט געשמיסן דאָס פֿערד און גערעדט צו אים אויף פֿערד־לשון, און געשאָלטן, געשיט בייזע, הייזעריקע קללות. סעם האָט ניט אַלעם פֿאַרשטאַנען. אָבער געדאַכט האָט זיך אים, אַז צווישן איין קללה און דער צווייטער הערט ער זיינע פֿריערדיקע רייד: „גאָרניט געבליבן פֿון יידישן צמענטאַזש, גאָרניט. אַ פּלאַץ גאָר, אַ פֿאַראַקערטער... אַ פּלאַץ צום פֿאַרקויפֿן... גוטע ערד... זייער גוט וואַקסן אויף איר, ניט דאַרפֿן קיין מיסט... וויל מאַגיסטראַט אַ סך געלט, ניט קיין וואונדער . . .”

אַריינפֿאָרנדיק אין שטאָט, אויפֿן וועג צום „האָטעל פּאָלסקי”, האָט סעם באַמערקט אַ שילד פֿון אַ טעאַטער, אַ גרויסע שילד מיט ריזן כתב: „וויצענטי סקאָבעל. געשווירענער נאָטאַר. פֿירט דורך היפּאָטעקן, טראַנזאַקציעס: הייזער, גיטער, פּלעצער”. דאָס לעצטע וואָרט פֿון דעם שילדל האָט ביי אים געבוירן אַ געדאַנק. ער האָט אַ פּעטש געטון דעם באַלעגאָלע און אויסגעשריגן: סטאָפּ! סטאָפּ! סטאָפּ!

דער אַלטער האָט דאָסמאָל פֿאַרשטאַנען און זיך אָפּגעשמעלט. סעם איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון דער דראָזשקע און געוואָנדן זיך צום גאָטאַרס הויז=צו.

— אויסקומען לאַנג צו וואַרטן? האָט דער באַלעגאָלע געפֿרעגט אַ הייזעריקער.

— ביז כ'וועל געבן די פֿולמאַכט דעם גאָטאַר צו קויפֿן דעם אָלשינער פּלאַץ פֿאַר מיר... עס איז אַ גוטע ערד, גוט וואַקסן דערויף... אַ שאָד דורכצולאָזן די געלעגנהייט — האָט סעם געענטפֿערט מיט חוזק.

און איידער ער איז פֿאַרשווּנדן אין טויער, האָט ער צוגעגעבן:
— און קיין פּאָליאַק וועט ניט באַלעבאַטעווען זיך מיט דער גוטער ערד פֿון זשידאָווסקע צמענטאַזש, און גאָרניט וועט מען זייען אויף דער גוטער ערד, גאָרניט...

דער אַלטער באַלעגאָלע האָט געהויבן מיט די פּלייצעס, נאָכגעקוקט דעם פּאַסאַזשיר מיט חידוש און אַוועקגעלייגט די בייטש. דערנאָך האָט ער אויטאָמאַטיש אַרויסגעשלעפּט די פֿלאַש פֿון אונטערן געזעס, אַ שטאַרקן צי געטון, און ווען ער האָט דערפֿילט, אַז עס איז אים ווייטער טרוקן אין האַלדז און קאַלט — האָט ער אַ שליידער געגעבן די פֿלאַש אין ברוק, און נאָכגעשליידערט אַ לאַנגע און קלינגענדיקע קללה.

# דער אוצר

צו דער פרייד זייערע איז ניט געווען קיין גרעניץ. פֿער מישעל, דער אַלטער פּויער, האָט דאָס ערשטע מאָל אין זיינע אַלטע יאָרן אויפגעגעבן די אָוונט־תפילה, און ניט געגאַנגען אין קלויסטער. אַנדרע, דער זון, איז ניט געגאַנגען אויף זיין שטענדיקן זונטיק־שפּאַציר מיטן הונט אין פעלד אַריין, און די אַנדריכע איז ניט געגאַנגען אויפֿן גוטן אָרט מיט בלומען, ווי יעדן זונטיק. דאָס אָנקומען פון יוספן האָט ביי זיי געענדערט זייער תמידיקן סדר.

עס איז ניט געווען קיין קלייניקייט. יוסף, וועלכער האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי זיי מער ווי אַ יאָר, און געווען ווי אַן אייגן קינד, און וועלכן זיי האָבן באַוויינט ווי אַן אייגענעם זון — איז פּלוצים צוריקגעקומען: זשאָזעף איז דאָ. זשאָזעף לעבט !

זיי האָבן אַלע געוויינט פאַר פרייד. אַממערסטן טרערן האָט פאַרגאָסן דער אַלטער, דער טאַטע פון הויז. ער האָט זיך ניט געקענט באַהערשן.

צעזאַר, דער קודלאַטער הונט, וואָס איז נישקשהדיק אונטערגעוואַקסן דורך דער צייט, האָט אויך ניט געקענט איינצוימען זיין גדולה, אין געדרייט זיך צווישן יוספס פיס, געלעקט אים מיט זיין גרויסער צונג, געדרייט מיטן עק, און אונטערגעבילט פון צייט צו צייט, אַרויסגעלאָזן בלייטענער ווי תמיד.

יוסף איז געווען גליקלעך צו געפינען זיך ווידער צווישן זיי, די גוטע מענטשן, די געטרייע און איבערגעגעבענע פריינט, וואָס האָבן אים דאָ געהאַלטן ווי אַן אייגענעם, געהיטן אים און געווען צו אים ווי טאַטע־מאַמע.

די אנדריכע האָט גענומען זיך פאָרן, גרייטן צום טיש, און דערלאַנגט פעפּער: אַ ווייסן קוכן, און אייגן־געבאַקענע קאָרן־פּלעצלעך, און פרישע פּוטער, און אַ בלוי־מאַכיקן קעז, און טעפּלעך זויער־מילך מיט אַ גראָבן סמעטענע־פעלץ פון אויבן און אַ שיסל פלוימען, ערשט פון די אייגענע בוימער אַראָפּ, פלוימען ווי די פויסטן.

יוסף האָט זיך ניט געלאָזט בעטן. כאָטש ער איז שוין געקו־מען צו זיך נאָך די אויסטערלישע איבערלעבונגען, דאָך האָט ער זיך געפילט תמיד הונגעריק, געהאַט שטענדיק אַ ליידיקן מאגן; צווייטנס האָט ער אַזעלכע גוטע זאַכן, שוין לאַנג ניט געהאַט גע־געסן, פאַרגעסן שוין דעם טעם זייערן. זיי האָבן געשעפּט נחת צוקוקנדיק ווי ער עסט מיט באַגער, מיט אַפּעטיט. זיי זיינען פון דעם אַליין שוין זאַט געווען. אפילו צעזאַר איז געזעסן רואיק און ניט געמאָנט גאָרניט פאַר זיך, אוים מורא מ׳אָמער וועט פאַר יוספן אויספעלן.

דער גלאָק פון דער דאָרפישער קירכע האָט פּלוצים גענומען קלינגען און רופן צום אָוונט־געבעט. די קלאַנגען האָבן זיך צעלייגט איבערן טאָל און אַריין דורך טיר און קומען אין דער הייזקע אַריין און אָנגעפילט די שטוב מיט זונמיק־אויסגאַנג.

יוסף איז צוגעגאַנגען צום פענצטער און אַרויסגעקוקט צו דער קירכע, וואָס איז געשטאַנען אָנגעלעגט אין אַ באַרג, אַ דריי הונדערט שפּאַן פון דאָ, און אַראָפּגעקוקט אין טאָל ווי אַ יחסנטע. עס איז געווען אַ שיינער בין־השמשות. עטלעכע פאַרוואָלגערטע שטראַלן זיינען פאַרקראָכן צום גלאָק־טורעמל און מיטגעשאָקלט זיך אַהין און אַהער, אינאיינעם מיטן גלאָק. פּויערים פון די הייז־קעס, טיפער אינעם טאָל, האָבן גענומען פאַרבייגיין, לאַנגאויס דעם באַרג־טייכל, צו דער קירכע־צו, געגאַנגען געזעגענען דעם הייליקן טאָג.

פער מישעל איז ניט געגאַנגען. ער איז געזעסן אַקעגנאיבער יוספן און געשטעלט פראַגעס. ער האָט געוואָלט וועגן אַלעם ווימן: וויאַזוי מ׳האָט אים גענומען, וואָס מ׳האָט געטאָן מיט אים, און

וויאַזוי ער האָט זיך אַרויסגעדרייט אַ לעבעדיקער פון זייערע נעגל. יוסף האָט אויף אַלעם געענטפערט, אַלעם דערציילט.

אַנדרע איז געזעסן און צוגעהערט זיך, אַריינגעוואָרפן אַ שטיקל פראַגע, און געזיפצט. די אַנדריכע האָט אַראָפגעלאָזט די אויגן, געווישט זיך די טרערן, און געשנייצט די נאָז מיט רעש. צעזאַר איז געזעסן נעבן יוספס פיס מיט אנגעשפיצטע אויערן, אַרויסגעלאָזן פון צייט צו צייט משונהדיקע גארגל־קולות, ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען און מיטגעפילט, מיטגעזיפצט.

עס האָט גענומען ווערן טונקל אין שטוב. יוסף האָט זיך פאַרמאַטערט און צוגעגאַנגען צום פענצטער אָפּאָטעמען. די זון האָט ער שוין ניט געזען. מ׳האָט נאָך גוט געזען די בערג און די בערגלעך אַרום, און דאָס טייכל, וואָס קריכט ערגעץ פון צווישן די בערג אַרויס און לויפט אַהערצו, און פאַרקערעוועט זיך אין טאָל אַריין. און דאָרט, ווו דאָס טייכל בויגט זיך אויס, האָט ער געזען די ווערבע, וואָס שטייט דאָרט און בוקט זיך אין וואַסער אַריין, די אַלטע באַקאַנטע ווערבע, די טייערע ווערבע זיינע...

* *
*

יוסף איז אַריין אין שייער, אויסגעבעט זיך אַ געלעגער אויפן היי ביים איינגאַנג, אָבער ניט געלעגט זיך שלאָפן. ער האָט גע־וואַרט ביז עס וועט ווערן שטאַרק פינצטער, און די נאַכט וועט איינשלינגען דעם טאָל, די הייזקעס און די פויערים, און אַלע לע־בעדיקע באַשעפעניש. און ווי אויף צו להכעיס איז געווען אַ גרויסע לבנה און דווקא געשטעלט זיך איבערן טאָל. האָט ער גענומען אויסוואַרטן ביז דער טאָל וועט נעמען כראָפּן, שלאָפן אויפן פּ״ל — כדי אַרויסצוגיין.

ער דערמאָנט זיך, אַז געווען איז דעמאָלט אויך אַזאַ נאַכט, אַ מעשה מיט איבער צוויי יאָר, ווען ער האָט אויך געוואַרט אויף דער פאַסיקער רגע, כדי צו פאַרגנבענען זיך צו דער ווערבע ביים טייכל, דאָרט ווו דאָס טייכל בויגט זיך אויס, אַרויפדראַפּן זיך אַהינצו, באַגראָבן דאָרט דאָס קעסטעלע גאָלד און צירינג, וואָס איז געבליבן נאָך טאַטע־מאַמע — און עס זאָל בלייבן אַ סוד, קיינער

זאָל ניט וויסן דערוועגן. אפילו דעם אַלטן, דעם פֿעטער מישעל, האָט ער גאָרניט געזאָגט דערוועגן; אויסגעגראָבן אַ טיף לאָך צוויש די וואָרצלען פֿון דער ווערבע און אַריינגעלייגט דעם אוצר. ער האָט געוואָלט, אַז דאָס פּעקעלע זאָל דאָ ליגן ביז ער וועט קענען פֿריי גענים דערפֿון, און טון דערמיט וואָס ער וויל, קענען צוריקקערן זיך אין פּאַריז, און אָנהויבן אַ נײַ לעבן. שפּעטער, ווען די מיליציאָנערן האָבן אים פֿאַרהאַלטן אינעם שכנותדיקן שטעטל און איבערגעגעבן אין די הענט פֿון די דייטשן — האָט ער באַדויערט, אַז ער האָט ניט געהאַט דאָס קעסטעלע ביי זיך, ער וואָלט זיך געקענט אייסלייזן. און דערנאָך, ווען דער טויט איז אים געשטאַנען צוקאָפּנס במשך פֿון די לאַנגע לאַגער־חדשים, און געמיינט האָט ער, אַז אַט־אַט גייט ער פֿון דער וועלט — האָט ער באַדויערט, אַז ער האָט ניט אָנפֿאַרטרויט דעם סוד דעם אַלטן פֿויער, וואָלט ער כאָטש, דער גוטער פֿויער גענאָסן דערפֿון. ער האָט עס זיך זייער כשר פֿאַרדינט.

אָבער איצט איז ער געווען צופֿרידן, אַז קיינער האָט ניט גע־ווּסט דערוועגן, און ער וועט קענען אַרויסנעמען דאָס קעסטעלע פֿון באַהעלטעניש, און קענען זיך צו עפּעס נעמען. קיין גרויס פֿאַר־מעגן איז עס ניט, אָבער דאָך וועט עס אים דערמעגלעכן איינ־צואָרדענען זיך. צווישנס זיינען דאָרט פֿאַרהאַן צירינג פֿון דער מאַמען, דעם טאַטענס חתן־זייגער מיט דער גאָלדענער קייט — וועט ער דאָס האַלטן ווי אַ הייליקן אָנדענק, ווי אַ הייליקייט און קיינמאָל זיך ניט שיידן דערפֿון.

ער האָט זיך עטלעכע מאָל געקליבן צו גיין צו דער ווערבע, נאָר הונטיש געביל האָט אים געשטערט. אַ הונט און אַ הינטיכע אויף די קייטן אין צוויי שכנותדיקע מאָל־הייף האָבן געריסן זיך איינס צום אַנדערן און געפּרווט אויסבילן דעם כוח פֿון זייער קעגנזייטיקער גליסטונג, און דעם כעס צו די קייטן. צעזאַר האָט זיך באַהאָפֿטן צו זייער בילן און אָנגעפֿולט דעם שייער מיט געביל. יוסף האָט געוואַרט און געבעטן זיך ביי צעזאַרן ער זאָל זיך דער־באַרעמען, ווייל הער באַלעבאָס קען זיך איבערוועקן, געגלעט אים איבער די קודלעס, געקעכלט אים, געשטופּט אַ האַנט אין זיין

גרגרת אַריין — און, ווען זיי האָבן זיך סוף כל סוף פאַרשטאַנען, איז ער אַרוים פון שייער, און צעזאַר נאָך אים.

יוסף איז ניט געגאַנגען נאָר געלאָפן, געשוועבט אין דער לופטן, פאַרביי די הייזקע, צום טייכל צו, לאַנגאויס דעם פעלד־וועגל אַ שפּאַן פון ברעג, באַרג־אַרויפצו. און דער הונט האָט נאָך געשוועבט גיכער פון אים, ווי ער וואָלט געלעזן יוספס מחשבות. ווען יוסף האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים בויג פון טייכל, ביי דער ווערבע, און זיך אַרומגעקוקט, האָט ער די ווערבע ניט דערקענט: דאַכט זיך יאָ די ווערבע, דאכט זיך ניט די ווערבע. דער שטאם איז יאָ געווען דערזעלבער, אַביסל זיך אָפּגעבויגן פון וואַסער אַוועק, אָבער דערזעלבער גוף, דיזעלבע אָפּהענטיקע צווייגן, דיזעלבע צעשווימענע גלידער. אָבער דער וואָרצל איז זיכער ניט דערזעלבער. גאָרניט געראָטן אויף דעם, וואָס ער האָט פאַרלאָזן. ער האָט דעמאָלט געמוזט לאַנג זוכן; און גראָבן ביז ער האָט זיך געמאַכט אַ וועג צו די בלינדע וואָרצל־אברים, און איצט — איצט זעט ער די בעבעכעם פונדרויסן, ווי זיי וואָלטן אַרוים פון דער ערד, כדי אַריינצוכאַפּן די לבנה־ברעקלעך, וואָס שיטן זיך פון בוים אראָפּ. און דעם וואַסער־בויג האָט ער ניט דערקענט: געוואָרן עפּעס אַזוי רחבותדיק און צעשווימען, און פאַרקראכן ביז די געדערים פונעם בוים, אָפּשווענקענדיק דעם שפּאַן ערד צווישן טייך און ווערבע...

עס איז אָבער דאָך געווען דיזעלבע ווערבע. קיין אַנדערע ווערבעם און קיין אַנדערע וואַסער־קנייען זיינען אין דער גאַנצער געגנט ניט געווען. און ער האָט עס טאַקע דאָס־דאָזיקע באַהעלטעניש אויסגעקליבן, כדי צו קענען לייכטער פאַרגעדענקען דאָס דאָזיקע אָרט. האָט ער זיך אַנידערגעלייגט נעבן דעם אַרויסגעהויבענעם וואָרצל און געגומען זוכן. ער האָט זיך אָבער פאַרשפּאָרט אַרבעט. אַרום בוים איז געווען אַ גרוב, אַ טיפער גרוב, און אינעם טיפסטן לאָך איז געשטאַנען צעזאַר און געגראָבן מיט זיינע נעגלדיקע פינגער, און מיטן ציינערדיקן שנאָבל, און געביסן די פעדעם פונעם וואָרצל מיט געביל און מיט געגרילץ. יוסף האָט זיך אַריינגעשטעלט אין גרוב און גענומען גראָבן מיט די פינגער, רייסן שטיקער ערד, שטיקער גרודע, און וואַרפן אויפן גראָז. זיינע הענט האָבן געאַרבעט

ווי די שאָוולן, ווי שאַרפע לעפל און פאַרבּרייטערט דעם גרוב, פאַרטיפערט. ער האָט אָנגעטראָפן אויף שטיינער, האַרטע גרודע, אויף פעסטע וואָרצל־פינגער, אָבער — אויפן קעסטעלע האָט ער ניט אָנגעטראָפן.

ער איז שוין געווען טיף אינעם גרוב, ביז איבערן נאָפּל, און נאָך ווייטער געגראָבן. ער האָט געוווּסט, אַז ער האָט עס ניט פאַרשטעקט אַזוי וווייט, אָבער צוליב דעם אומטערשוועקנדיקן טייכל, און צוליב דעם אויסבויגן פון בוים, האָט דאָס קעסטעלע געקענט איינזינקען — האָט ער געגראָבן און געגראָבן, פאַרמאַטערט די פיס, פאַרמאַטערט די לענדן, פאַרמאַטערט די הענט, און גע־גראָבן, וואָס אַמאָל ווייטער, טיפער, ביז איבערן קאָפּ אַריבער.

* *
*

אינאיינעם מיטן פרימאָרגן האָט יוסף גענומען זיך רייבּן די אויגן, אויסציען די פאַרמאַטערטע גלידער, און זיך חידושן: איז עס אַ חלום, אָדער איז עס ניט אַ חלום?

די אויסגעמאַטערטע אבֿרים האָבן אים געזאָגט: ניט אַ חלום.

דער ניט־געפונענער אוצר האָט אים געזאָגט: יאָ אַ חלום.

דער פאַרמאַטערטער און קוויטיקער הונט נעבן אים האָט אים געזאָגט: ניט אַ חלום.

דאָס ניט־געפונענע קעסטעלע, וואָס ער האָט דאָ באַהאַלטן, האָט אים געזאָגט: יאָ אַ חלום.

דער טיפער גרוב אַרום ווערבע האָט געשריגן: ניט אַ חלום, ניט אַ חלום!

יוסף האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט ביים שווערן קאָפּ און אויך געשריגן: אָבער ווי איז עס מעגלעך, אין דער צייט ווען קיינער האָט גאָרניט געוווּסט, קיינער האָט דעם סוד ניט געקענט?!

צעזאַר האָט זיך איבערגעוועקט פּלוצים און גענומען בילן, גענו־מען דרייען זיך אַרום יוספן, און אַריינבילן אין אים, ווי ער וואָלט געוואָלט איבערשרייען זיינע מחשבֿות.

יוסף האָט זיך צעלאַכט, צעזאַרן גראַד אין שנאָבל אַריין, און צוריקגעכאַפּט זיך: יאָ, דו האָסט געוווּסט דעם סוד, אויסער מיר — אָבער דו ביסט דאָך קיין מענטש ניט, זאָלסט גיין מסרן!...

די זון איז אַרויס אַ בלייכע פון יענער זייט באַרג און גענומען טינקן די ערשטע שטראַלן אירע אינעם טייכל און שווימען מיטן שטראָם, פאַרביי דער ווערבע מיטן אנגעשוואָלענעם וואַסער־בויג אין טאָל אַריין. יוסף האָט זיך צוגעשאַרט צום ברעג, אראפּגעלאָזן די פיס אין וואַסער אַריין און מיט איין האַנט אָנגעהאַלטן זיך ביי אַ פעסטן ווארצל־גליד, כדי קעגנצושטעלן זיך דעם רייסנדיקן שטראָם. דאָס וואַסער איז געווען שניידיק־קאַלט און געמאַכט ציטערן די קניען, דאָס גראָבע פלייש, און אַלע זיינע אינגעווייד. דער ציטער האָט זיך אַריבערגעטראָגן אין קאָפּ אַריין, צווישן די ציינער, צווישן די מחשבות, און געמאַכט ציטערן אַ פראַגע אויף די ליפּן: ווער? וו־וו־ווער? ווע־ער?

ווען די זון האָט פאַרטריבן דעם ציטער, האָבן די געדאַנקן זיינע זיך גענומען אנלייגן אין אַ סדר:

— ווער האָט עס געקענט אַרויסנעמען?

— קיינער האָט דאָך ניט געוווּסט !

צעזאַר, וואָס איז געלעגן נעבן אים, האָט זיך פלוצים אויפ־געריסן, אַרויפגעשטעלט זיך אויפן ווארצל און גענומען בילן אין וואַסער אַריין, ווי ער וואָלט וועלן אַרויסהעלפן יוספן אין זיינע מחשבות. יוסף האָט גענומען לאַכן צו זיך: — נו, יאָ, גערעכט צעזאַר. מעגלעך, אַז דער אַרויסגעיערטער ווארצל האָט אונטער־געהויבן דאָס קעסטעלע פון דער טיף, זייער מעגלעך — און עמעץ האָט עס באַמערקט, ווען עס האָט אַרויסגעשטאַרצט פון דער ערד, יאָ: עס לייגט זיך אויפן שכל...

יוסף האָט אַרויסגעשלעפּט די פיס פון וואַסער, אָפּגערוקט זיך פון ברעג, אַריינגענומען דעם קאָפּ איןביידע הענט אַריין, און געהאַט טענות צו זיך, אַז ער האָט דווקא דאָ באַהאַלטן דאָס קעסטעלע, און ניט אנדערשוווּ, ער האָט דאָך געברויכט פאראויסצוזען...

— אָבער ווער האָט עס געקענט פאראויסזען, אַז די נאַטור, אַז דאָס טייכל, אַז די ווערבע וועלן מאַכן יד־אחת מיטן שונא צו דערענדיקן דעם חורבן?...

— ווען מען האָט עס געקענט איינפּאַלן, אַז דאָס טייכל וועט ווערן רייסיקער, אַוועקרייסן די ערד דאָרט, ווו עס בייגט זיך אויס אין טאָל אַריין, און אַרויסהויבן דעם וואָרצל?...

— און ווען מען האָט עס געקענט איינפּאַלן, אַז גראָד דאָרט, ווו דאָס קעסטעלע איז געווען פאַרשטעקט, וועט זיך דער וואָרצל צום שטאַרקסטן אַרויסהויבן? מ'האָט דאָך געמוזט זיין אַ נביא און ניט אַ פּשוטער זון פון אַ סוחר!...

און ווען ער האָט זיך אויסגעטענהט מיט די מחשבות, האָט ער זיך גענומען פרעגן ווער האָט געקענט געפינען דאָס דאָזיקע קעסטעלע. ער וואָלט געוועזן שטאַרק צופרידן, ווען עס וואָלט אַריינגעפאַלן אין די הענט פון פער מישעל, אָדער זיין זון, זיי האָבן פאַרדינט צו געניסן דערפון. אָבער זיי וואָלטן עס אים דערציילט, געגעבן אָנצוהערן, ער וואָלט דערקענט אַן ענדערונג ביי זיי אין הויז און דערקענט די צירונג, דעם טאַטענס זייגער, ביי איינעם פון זיי, דער אַלטער וואָלט אים זיכער אָנגעטאָן לכבוד זונטיק... עס איז ניט אַנדערש, נאָר אַז אַ פרעמדער פויער, גייענדיק אין קירכע, אָדער אין פעלד, האָט עס באַמערקט און גענומען פאַר זיך, געמאַכט אַ שוויַיג...

— אָדער, אפשר גאַר — איז ביי אים געבוירן געוואָרן אַ געדאַנק — אפשר האָט עס דאָס וואַסער מיטגעריסן מיטן שטראָם, מיטגעשלעפּט ווער ווייס ווו? אָדער עס ליגט ערגעץ אויפן באָדעם?

יוסף האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די אויבער־בגדים, און אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער אַריין. דאָס וואַסער איז געווען טיף אויף דעם אָרט, געגרייכט ווייט איבערן קאָפּ אַריבער, און ניט געלאָזן אים שטיין אויף אַן אָרט. ער האָט געקעמפט קעגן די כוואַליעס, אָנגעהאַלטן זיך ביים ברעג, אונטערגעטונקן זיך, געזוכט מיט די הענט אין דער טיף, געוואָלט אָנטאַפּן דעם באָדעם — אָבער דער שטראָם איז געווען שטאַרקער פון אים, און אים מיטגעשלעפּט, מיטגעריסן אַראָפּצו. צעזאַר איז אויך אַריין אין וואַסער און מיטגעשווימען.

* *
*

ווען יוסף איז אָנגעקומען אויף דער הויך פון דער הייזקע, האָט ער פּלוצים דערהערט זיין נאָמען און דעם קול פון אַלטן פויער. ער איז צוגעשווימען צום ברעג, אָנגעכאַפּט זיך ביי אַ גרודע, און אַרויסגעהויבן דעם קאָפּ.

— פעטער מישעל, פעטער מישעל! האָט ער גערופן דעם אַלטן. דאָ בין איך, קומט זיך באָדן, דאָס וואַסער איז מחיהדיק!

דער אַלטער איז צוגעגאַנגען צום ברעג, אַראָפּגעוואָרפן די בגדים און אריינגעשפּרונגען אין וואַסער.

— בראַוואָ! האָט יוסף אויסגערופן מיט פרייד. דערזעלבער פעטער מישעל ווי אַמאָל, גאָרניט געעלטערט זיך.

— לאָמיר זיך יאָגן, האָט דער אַלטער באַפוילן. אַזוי ווי אַמאָל, ווי יעדן פרימאָרגן אַמאָל, פאַר דער פעלד־אַרבעט. אנו, לאָמיר זען ווער וועט וועמען איבעריאָגן.

זיי זיינען געשווימען גיך און צעזאַר נאָך גיכער פון זיי. זיי האָבן זיך געהאַלטן גראָד, איינער נעבן צווייטן און געוואָלט דעריאָגן דעם הונט, אָבער געבליבן ווייט הינטערשטעליק. דאָרט ווו דאָס טייכל איז געוואָרן פלאַך, אַז מ׳האָט ניט געקענט שווימען, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. צעזאַר איז אָבער געשווימען וויטער, צוגע־שווימען ערגעץ ווייט אין טאָל צום ברעג־צו, אָפּגעשטעלט זיך נעבן אַ קליינער הייזקע, און געגומען בילן. געבילט און געדרייט זיך אַרום דער הייזקע, משונהדיק געבילט, וואָסאַמאָל בייזער, וואָסאַמאָל שטאַרקער, און עטלעכע הינט האָבן זיך באַהאָפטן צו אים און אויסגעפילט דעם טאָל מיט געביל.

— יעדן טאָג קומט ער צו דער הייזקע, האָט דער אַלטער פויער זיך אָנגערופן צו יוסףן, און בילט אַוועק אַ לאַנגע צייט ביז ער ווערט מיד, ביז ער ווערט הייזעריק... אַ גוטער הונט, דער צע־זאַר, אַ געדעכטער; דאָס רעכנט ער זיך אַזוי אָפּ אויף זיין שטיי־גער, מיט דעם פויער פון דער הייזקע...

— וואָס האָט ער דען צו אים? וואָס האָט ער אים געטון דער פויער דאָרט, דער יונגער פראַנסואַ, אַזוי הייסט ער, אויב איך בין מיך ניט טועה...

— יאָ, פראַנסואַ, אָבער דו וואָלסט אים ניט דערקענט. געוואָרן גאָר אַן אַנדערער מענטש. רייך געוואָרן, און גענומען בלאָזן פון זיך. געקויפט זיך אַ פּאָר פערד, און דריי קיען, און אַ פולן הויף מיט עופות, און עטלעכע מאָרגעס ערד — און שפּילט די ראָלע פון אַ פּריץ, וויל זיך ניט מער חברן מיט פּויערים, אַ גרויסער פּריץ געוואָרן... גרוסט אפילו ניט צו קיינעם, עס האָט זיך אים איבערגעדרייט אין קאָפּ.

— און פונוואַנען האָט ער גענומען פּלוצים געלט? האָט יוסף געפרעגט אַ נייגעריקער.

— דער טייוול ווייסט אים. זיכער ניט אויף אַ כשרן וועג... מ'זאָגט, אַז דאָס זאָל ער האָבן פון די דייטשן... פאַר ניט כשרער אַרבעט, מסירות... און גאָר מעגלעך, אַז ער האָט דיך אויך געמסרט — יאָ, כ'האָב עס דיר פריער ניט געוואָלט זאָגן... מעגלעך, אַז דאָס האָט ער דיך געמסרט צו די דייטשן, ווען ביסט געפאָרן צו דעם אַרבעטס־ביוראָ אין שטעטל סטעמפּלן דיינע פּאַפּירן... אויף אַ כשרן וועג קומט מען ניט פּלוצים צו אַזאַ עשירות... מסתמא האָט ער געמסרט, אַז ביסט אַ ייד, אַז דיינע פּאַפּירן זיינען געפעלשט...

יוסף האָט זיך צוגעהאָרכט מיט אויפמערקזאַמקייט, אויפגעכאַפּט יעדעס וואָרט, און געשמייכלט צו זיך, געשמייכלט פון געדאַנק, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין זיין קאָפּ.

— דעריבער בילט ער אויף אים, צעזאַר — האָט דער אַלטער ווייטער גערעדט — ער איז בייז אויף אים, ווי מיר אַלע, אַ קלוגע באַשעפעניש, דער צעזאַר, אַ געדענקטע... ער פרעגט ניט פאַר קיינעם... מ'האָט אים, דעם פראַנסואַ, געריפן אַנומעלט אין פּאָליציי, צום פאַרהער צו אַ קאָמיסיע, וואָס פאַרשט אויס די פאַררעטער — האָט מען אים תכף באַפרייט, ניט געווען קיין באַווייזן... אָבער, אַז צעזאַר בילט, ווייסט ער וואָס ער טוט, ער איז קיין מענטש ניט — האָט זיך זיכער זיינע באַווייזן... ער איז זיכער יושרדיקער ווי מענטשן... מ'קען זיך אויף אים פאַרלאָזן, ער איז געטרייער ווי דאָס געזעץ, ער ווייסט קיין חכמות ניט...

צעזאַר האָט נאָך לאַנג געבילט, און גאָרניט הייזעריק געוואָרן, גאָרניט מיד געוואָרן. יוסף האָט זיך צוגעהאָרכט צום אַלטנס רייד, צו יעדן וואָרט און צום הונטס געביל, צו יעדן שטיקל ביל, און געטראַכט, געשמייכלט צו זיך. ער האָט זיך דערמאָנט זיינע פריער־דיקע טראַכטענישן, וואָס האָבן אים געמאַטערט היינטיקן פרימאָרגן אייידער ער איז אריינגעשפרונגען אין וואַסער זוכן דאָס קעסטעלע — און געדאכט האָט זיך אים, אַז ער האָט עס געפונען, אַז ער האָט עס... עס האָט זיך אַלץ אַזוי גוט געלייגט אויפן שכל:

— איך האָב עס! האָט ער אויסגערופן מיט אַ שמייכל אויף די ליפן.

אָבער גיך צוריקגעצויגן די רייד:

— און האָב עס ניט צוגלייך.. . פאַרלוירן עס אויפסניי אויף אן אמת!

ער האָט זיך צוגערוקט צום אַלטן פויער און געוואָלט אים אנפאַרטרויען דעם סוד, געוואָלט אים אַלץ דערציילן, אָבער ער האָט ניט געוואגט. ער האָט ניט געוואָלט פאַרגרעסערן זיין פאַרדרוס. עס וואָלט דעם אַלטן, גוטן פויער, נאָכמער ווי געטון, ווען ער וויס, אַז עס איז מעגלעך, אַז זיין, יוספס, קעסטעלע זאָל האָבן אַריינגע־פאַלן אין די הענט פון דעם עקלדיקן פראַנסואַ, ער וואָלט עס ניט איבערגעהאַלטן. מען וואָלט אים ניט מוחל געווען, יוספן, אַז ער האָט פאַרשטעקט דעם אוצר זיינעם אין דער ערד, און ניט געגעבן עס זיי, זיינע באַשיצער, צו באַהאַלטן, צו האַלטן פאַר אים... זיי וואָלטן זיך אַנטוישט אין אים, און געהאַט טאפּלטן פאַרדרוס, טאפּלטן ווייטיק...

האָט ער גאָרניט געזאָגט, אראָפּגעלאָזן די אויגן אין וואַסער אַריין, און געשטאַנען אַ פאַרשעמטער, אַן אָפּגעשמיסענער, און גע־פילט ווי די פיס ברעכן זיך אונטער אים. ער האָט זיך אָנגעהאַלטן ביים אַלטן און אַרויסגעגאַנגען אויפן ברעג, אויסגעצויגן זיך אויפן גראָז מיטן פנים אַראָפּ, און גאָרניט געוואָלט זען, ניט דאָס וואַסער, ניט די ווערבע אויבן ביים טייך־בויג, און ניט דעם אַלטן פויער מיט זיינע געריכטע ווערטער, און ניט די הייזקע פון נבזהדיקן פויער,

